קנוט האמסון

# די בּרכה פֿון דער ערד

קנוט האַמסון

# די בּרכה פון דער ערד

ייִדיש ש. שניידער

ערשטער טייל



פארלאג „קולטור־ליגע", ווארשע.

## I

דער לאַנגער, לאַנגער וועג איבערן זומפּלאַנד און אַרויף ביז צום וואַלד — ווער האָט דער ערשטער אים אויסגעטראָטן? אַ מענטש, אַ מאַן, דער ערשטער, וואָס איז אַהער געקומען. פאַר זיין אָנקום איז קיין וועג נישט געווען. נאָך אים האָבן פאַרשידענע חיות זיך באַוויזן, נאָכגעפאָלגט די שוואַכע שפורן פון זיינע טריט און זיי אויסגעטראָטן טיפער; נאָך זיי ווידער האָט דעם וועג דערשמעקט אַ לאַפּ און מיט אים זיך געלאָזט אויף זיין וועג איבער די בערג, אַכטונג געבנדיק אויף זיינע הירשן. אַזוי איז אויסגעטראָטן געוואָרן דער וועג דורכן גרויסן אַלמענינג — דער רשות-הרבים, דאָס לאַנד אָן אַ בעל-הבית, קיינעמס לאַנד.

דער מענטש קומט אָן און זיין פּנים איז געווענדט צו צפון. ער טראָגט אַ זאַק, און אין אים שפּייז און אַביסל געצייג. אַ געזונטער, פאַר־האַרטעוועטער יינג מיט אַ רויטער אייזערנער באָרד, מיט קליינע שראַ־מען אויף די הענט און אויפן פּנים. שפורן פון אַלטע וואונדן — האָט ער געקראָגן זיי פון שווערער אַרבעט אָדער פון געשלעג? אפשר איז דער מענטש אַנטלאָפן פון אַ תפיסה און זוכט אַן אָרט וואו צו באַהאַלטן זיך; אָדער אפשר אַ פילאָזאָף, וואָס זוכט רו. אַזוי צי אַזוי, ער קומט. אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן אין דער גרויסער ווילדעניש. ער שפּאַנט און שפּאַנט; אַרום איז שטיל, ס'הערט זיך קיין פּיפּס נישט פון קיין פויגל אָדער חיה; ווען־נישט־ווען רעדט ער אויס א וואָרט אָדער צוויי; רעדט צו זיך אַליין. „אַיאַה — וואויל, וואויל...״ — אַזוי רעדט ער צו זיך אַליין. דאָ און דאָרט, וואו עס ווייזט זיך אין זומפּלאַנד אַ גינסטיקער אָרט, אַן אָפענער שטח אין דער מיט פונם וואַלד, לייגט ער אַוועק דעם זאק אויף דער ערד און לאָזט זיך אַליין אויספאָרשן דאָס אָרט; נאָך אַ

ווײלע זאַמען זיך, קערט ער זיך אום צוריק, נעמט דעם זאַק אויף די פּלײצעס נאָכאַמאָל און שפּאַנט װײטער. אַזױ שפּאַנט ער דעם גאַנצן טאָג און װײסט די צײט נאָך דער זון. נאַכט קומט, ציט ער זיך אויס אויפן װילדגראָז און שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט אַ האַנט.

עטלעכע שעה רוט ער און דערנאָך װײטער אין װעג: „איאַה — װאויל...״ — און זעצט פּאָר זײן װעג צפון־צו, די זון זאָגט אים אָן די צײט. ער עסט זײן מאָלצײט — אַ שטיק פאַרדאַרט ברױט מיט קעז פון ציגן־מילך, אַ טרינק װאַסער פון אַ שטראָם, און װײטער אין װעג. אויף דעם גאַנצן הײנטיקן טאָג װאַנדערט ער אום, װײל אַ סך גינסטיקע שטחים זענען פאַראַן דאָ אין די װעלדער אויסצופּאָרשן. װאָס זוכט ער? אַן אָרט, אַ שטח לאַנד? אַן אויסװאַנדערער, אפשר, פון אַ הײמיש־דאָרפישן שליאַך? ער האַלט זײנע אויגן װאַך און קוקט זיך אַרום, װען־נישט װען קלעטערט ער אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ באַרג און קוקט זיך אײַן אַרום און אַרום. די זון פאַרגײט נאָך אײן מאָל.

ער שפּאַנט מיט דער מערב־זײט פון אַ טאָל; װאַלדיקער באָדן מיט בלעטערדיקע בײמער צװישן נאָדל־און טענענבײמער, מיט װײך גראָז פון אונטן. לאַנגע שעהן גײט ער מיט דער זײט, און דער בין־השמשות פאַלט צו. נאָר אָט כאַפּט אויף זײן אויער אַ שװאַכן מורמל פון לויפנדיק װאַסער, און דאָס מונטערט אים אויף, װי אַ קול פון אַ לעבעדיק באַשע־פעניש. ער קלעטערט אויפן שפּיץ פונם באַרג און זעט דעם טאָל האַלב אין פינסטערניש אונטן; אויבן איבער אים — דער הימל אויסגעשפּרײט דרום־צו. ער לײגט זיך צו אָפּרוען.

אינדערפרי דערזעט ער פאַר זיך אַ שטח פאַשע־לאַנד און װאַלד־לאַנד. ער לאָזט זיך אַרונטערגײן, און דאָרטן איז אַ גרינער אַראָפּבאַרג; װײט אַרונטער, אַ שימער פונם שטראָם, און אַ האָז שפּרינגט אין דער קװער. דער מענטש שאָקלט זײן קאָפּ, װי צופרידנדיק — דער שטראָם איז נישט אַזױ ברײט, אַז אַ האָז זאָל אים מיט אַ שפּרונג קאָנען איבער־שפּרינגען. אַ װײסע װאַלד־הון הויבט זיך אויף פון איר נעסט לעבן זײנע פיס מיט אַ ברוגזן צישען, און ער שאָקלט זײן קאָפּ װידער: פעדערדיקע פױגלען און פוטער — אַ גוט אָרט דאָס דאָזיקע. הײדעקרויט און ברוס־ניצע און װילד־מאַלינע באַדעקן די ערד; פאַראַן אויך קלײנע פאַרנקרויטן און זיבן־שפּיציקע שטערן־בלומען װינטערגרין. דאָ און דאָרט שטעלט ער

זיך אָפּ צו גראָבן מיט אַן אייזערנעם ווערקצייג און געפֿינט גוטן בוידעם און טאָרפיקע ערד, געמיסטיקט מיט איבערגעפוילט האָלץ און אַראָפּגע-פאַלענע בלעטער פון אַ טויזנט יאָר. ער שאָקלט מיטן קאָפּ צו זאָגן, אַז דאָ האָט ער געפונען אַן אָרט פאַר זיך אויף צו בלייבן און לעבן דאָ: יאָ, דאָ וועט ער באַזעצן זיך. צוויי טעג גייט ער נאָך אַרום אויסצופאָרשן די געגנט אַרום, אומקערנדיק זיך יעדן אָוונט צום גרינעם אַראָפּבאַרג. ביינאַכט שלאָפֿט ער אויף אַ קופּע צונויפגעשאַרטע בלעטער, שוין פילט ער זיך אין דער היים דאָ, מיט אַ בעט פון צונויפגעשאַרטע בלעטער אונטער אַן אַרויסגעשטאַרצטן פעלז.

דאָס שווערסטע איז געווען צו געפינען דאָס אָרט; דאָס דאָזיקע קיינעמס אָרט, נאָר זיינס. איצטער איז געווען אַרבעט אויף גאַנצענע טעג. גלייך האָט ער זיך גענומען אָפּשיילן בירקן-קאָרע טיפער אין וואַלד, ווי לאַנג דער זאַפט איז נאָך געווען אין די ביימער. די קאָרע האָט ער גע-פרעסט און געטריקנט, און ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ שווערן פּאַק, האָט ער אים אַוועקגעטראָגן איבער די אַלע מיילן צוריק אין דאָרף אַריין צו פאַרקויפן אַלס מאַטעריאַל צום בויען. דערנאָך זיך צוריקגעקערט צום גרינעם אַראָפּבאַרג, מיט נייע זעק פול שפייז און געצייג; מעל און חזיר-פלייש, אַ קאָך-טאָפּ, אַ גראָבאייזן, געגאַנגען הין און צוריק דעם גאַנצן וועג, פון וואַנעט ער איז געקומען, מיטברענגענדיק יעצט מעל פולע זעק. אַ געבוירענער טרעגער פון משאות, אַ שפּאַנענדיקע לאַסט-שיף צווישן די ביימער אין וואַלד—אָ, ווי ליב וואָלט ער געהאַט זיין באַרוף, צו שלעפּן זיך איבער לאַנגע וועגן, אָנגעלאָדן מיט שווערע משאות; ווי דאָס לעבן אָן אַ משא אויף די פּלייצעס וואָלט געווען אַ געמיין לעבן, נישט קיין לעבן פאַר אים.

אין איינעם אַ טאָג איז ער צוריקגעקומען מיט עפּעס מער ווי די משא, וואָס ער האָט געטראָגן; אויף אַ שטריקל האָט ער געפירט דריי ציגן, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען רינד-פי, און זיי אָפּגעהיט מיט ליבשאַפט. דאַן איז אָנגעקומען דער ערשטער דורכגייער, אַ וואַנדערנדיקער לאַפּ; דערזעענדיק די ציגן האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער מענטש איז געקומען אַהער זיך צו פאַרבלייבן, און האָט אָנגעהויבן רעדן צו אים:

— איר באַזעצט זיך דאָ אויף שטענדיק?

— יאָ, — האָט דער מענטש געענטפערט.

— ווי איז אייער נאָמען?

— יצחק, ווייסט איר אפשר פון אַ פרוי, וואָס וואָלט געקאָנט קומען מיר העלפן?

— ניין. נאָר איך וועל זאָגן וועגן דעם ווען כ'וועל אָנטרעפן.

— יאָ, טוט עס. זאָגט, אַז איך פאַרמאָג פּי דאָ, נאָר קיינעם נישט, ווער ס'זאָל אויף זיי אַכטונג געבן.

דער לאַפּ איז זיך אוועק זיין וועג. יצחק — יאָ, ער וועט זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם. דער מענטש אויפן אַראָפּבאַרג איז נישט געווען קיין אַנטלאָפענער; ער האָט אָנגערופן זיין נאָמען. אַן אַנטלאָפענער? קאָן מען אים אויסגעפינען. ער איז נאָר אַן אַרבעטער; און אַן אַרבעטער אַ מוטיקער. ער האָט זיך גענומען צו פאַרגרייטן ווינטער-שפּייז פאַר זיינע ציגן, אָפּצוריייניקן דאָס לאַנד, גראָבן אַ פעלד, איבערטראָגן שטיינער, צונויפשטעלן אַ וואַנט. צו הערבסט-צו האָט ער שוין געהאַט אויפגעבויט אַ שטוב פאַר זיך, אַ געצעלט פון טאָרף, שטאַרק און פעסט און וואַרעם; אַ שטורם האָט עס נישט געקאָנט אומוואַרפן, און אַ פייער האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרברענען. אָט האָט ער אַ היים; וויל ער, קאָן ער אַריינגיין אינעווייניק, פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, און דאָרטן בלייבן; וויל ער, קאָן ער שטיין אינדרויסן לעבן דער טיר, זען זאָל יעדער, וואָס וועט דורכגיין, אַז ער איז דער בעל-הבית פון דער שטוב. אין געצעלט זענען געווען צוויי צימערן; איינער פאַר אים און איינער פאַר די ציגן. אין ווייטסטן עק איבער דער וואַנט פונם פעלז איז געווען דער היי-בוידעם. דאָרטן איז געלעגן אַלצדינק.

נאָך צוויי לאַפּן גייען דורך, אַ פאָטער מיט אַ זון. זיי שטייען אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויף זייערע לאַנגע שטעקנס און באַטראַכטן דאָס געצעלט מיט דעם אָפּגערייניקטן פעלד און פאַרנעמען דעם קלאַנג פון די גלעקלעך אויף די ציגן, וואָס פּאַשען זיך אויפן באַרג.

— גאָדדאַג, — זאָגן די לאַפּן. — און אַהער זענען פיינע מענטשן געקומען וואוינען. — לאַפּן רעדן אַזוי, מיט חניפה.

— ווייסט איר אפשר פון אַ פרוי, וואָס וואָלט געקאָנט קומען מיר העלפן? — זאָגט יצחק, טראַכטנדיק נאָר וועגן דער איינער זאַך.

— אַ פרוי צו העלפן אייך? ניין. נאָר מיר וועלן איבערגעבן וועגן דעם.

— יאָ. אַז אירט זיין אַזוי גוט; אַז איך האָב אַ שטוב און אַ שטיק ערד דאָ, און ציגן, נאָר נישט קיין פרוי, וואָס זאָל העלפן. זאָגט עס

אָ, ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ פרוי צו העלפן אים, יעדעס מאָל, וואָס ער איז בעגאַנגען אין דאָרף אַריין מיט זיינע פעק קאָרע, נאָר ער האָט קיין איינע נישט געקאָנט געפינען. זיי פלעגן קוקן אויף אים, אַן אלמנה אָדער אַן אַלטע מויד, נאָר זיי האָבן זיך געשראָקן אים אָנצו-באָטן זייער הילף. יצחק האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. ער האָט נישט געטראַכט פאַרוואָס? ווער וועט עס גיין דינען ביי אַ מענטשן אין דער ווילדעניש, אין אַזאַ ווייטן מרחק פון אַ ישוב — אַ טאָג פאָרן צום נאָנטסטן שכן? און דער מאַן אַליין איז נישט געווען קיין ליבלעכער און שיינער אויפן אויסזען, ווייט פון דעם; און ווען ער האָט גערעדט, איז זיין שטי-מע נישט געווען קיין טענאָר-שטימע, מיט אויגן געווענדט צום הימל, נאָר אַ שטימע אַ פאַרהאַרטעוועטע, ענלעך צו אַ חיהשער.

נו, וועט ער מוזן אויסקומען אַליין.

ווינטער האָט ער געמאַכט גרויסע הילצערנע קאָרעטעס און זיי פאַרקויפט אין דאָרף, צוריקגעטראָגן זעק מיט שפייז און געצייג איבער די שווערע שניי-וועגן; שווער איז אים געווען צו זיין לאַנג ווייט פון זיין היים. דאָרטן האָט ער געהאַט די ציגן, און קיינעם נישט, ווער ס'זאָל אויף זיי אַכטונג געבן. וואָס-זשע האָט ער געטאָן? די נויט האָט אים גע-מאַכט קלוג; זיין מוח איז געווען שטאַרק און ווייניק גענוצט; האָט ער אים אָנגעהויבן צו נוצן מער און מער. צוערשט האָט ער אַרויסגעלאָזט די ציגן איידער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין און זיי האָבן שוין גע-פינען פאַר זיך פאשע צווישן די ביימער אין וואַלד. נאָר דערנאָך האָט ער אויסגעפינען אַן אַנדער פּלאַן: ער האָט גענומען אַן עמער, אַ גרויסע כּלי, און איז אויפגעהאָנגען לעבן טייך אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס וואַסער זאָל אין אים קאַפּען טראָפּנסווייז און ס'האָט געדויערט פערצן שעה די כּלי אָנצופילן. און ווען ער איז שוין געווען פול ביז איבער די ברעגעס, האָט ער געהאַט די נויטיקע וואָג: דער עמער האָט דעמאָלט אַראָפּגעזונקען, אין זינקענדיק געצויגן אַ שטריק, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן היי-בוידעם; אַ פאַל-טירל האָט זיך געעפנט און דריי בינטלעך פיטערונג זע-נען אַרויסגעפאַלן — און די ציגן האָבן געפונען זייער עסן.

דאָס איז געווען זיין שטייגער.

אַ גלענצנדער איינפאַל; אַ מחשבה, געקומען אפשר פון גאָט. דער מענטש האָט נישט געהאַט קיינעם, ווער עס זאָל אים העלפן, בלויז ער

איינאַליין. דער איינפאַל האָט אים געדינט ביז שפּעט אין הערבסט. דאַן איז אויסגעפאַלן דער ערשטער שניי, דערנאָך רעגן, דערנאָך ווידער שניי און שוין געשנייט די גאַנצע צייט. און זיין מאַשין איז קאַליע געוואָרן; דער עמער איז אָנגעפילט געוואָרן פאַר דער צייט און געעפנט דאָס פאַל-טירל צו-פרי. האָט ער אַרויפגעטאָן אַ דעקל פון אויבן און ס'האָט ווייטער געאַרבעט גוט אַ שטיקל צייט. דערנאָך אָבער האָט זיך געשטעלט דערווינטער, דער טראָפּן וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן און אָפּגעשטעלט די מאַשין אויף שטענדיק.

די צוגן מוזן נאָכטאָן דעם בעל-הבית — זיך צוגעוואוינען אויסקומען אָן דעם.

שווערע צייטן — דער מענטש האָט זיך גענויטיקט אין הילף, און נישט געקראָגן, דאָך האָט ער געפונען אַן אויסוועג. ער האָט געאַרבעט אין געאַרבעט אין הויז; ער האָט געמאַכט אינם געצעלט אַ פענסטער מיט צוויי שויבן פון אמתן גלאָז, און יענער טאָג איז געווען אַ ליכטיקער און וואונדערלעכער טאג אין זיין לעבן. מער נויטיקט ער זיך שוין נישט אין אָנצינדן פייער אויף צו זען; ער קאָן זיצן אינעווייניק אין שטוב און אויסהאַקן זיינע הילצערנע קאָרעטעס ביים טאָג-ליכט. בעסערע טעג, ליכטיקערע טעג... איאַה!

ער האָט קיינמאָל קיין ביכער נישט געלייענט. נאָר זיינע מחשבות זענען געווען מיט גאָט; זיי זענען געווען עכט, געקומען פון פשטות און יראת-הכבוד. די שטערן אויפן הימל, דעם ווינט צווישן די ביימער, די איינזאַמקייט און דער וויט-פאַרשפּרייטער שניי, דער כוח פון דער ערד און פון איבער דער ערד האָבן אָנגעפילט זיין האַרץ יעדן טאָג מיט אַ טיפן ערנסט. ער איז געווען אַ זינדיקער און האָט מורא געהאַט פאַר גאָט. אין די זונטאָג-טעג האָט ער זיך אָפּגעוואַשן פון יראת-הכבוד-וועגן פאַרן הייליקן טאָג, נאָר פונדעסטוועגן געאַרבעט, ווי אין די אַלע אַנדערע טעג פון דער וואָך.

פרילינג איז געקומען; ער האָט געאַרבעט אויף זיין שטח ערד און געפלאַנצט קאַרטאָפל. זיין לעבעדיקער אינוועטאַר האָט זיך פאַרמערט; די צוויי ציגן האָבן געבוירן יעדע אַ צווילינג, און אַרומגעלאָפן זענען אַרום הויז איצט שוין זעקס ציגן מיט איין צאַפּ. יצחק האָט פאַר זיי געמאַכט אַ גרעסערע שטאַל, גרייט פאַר ווייטערער פאַרמערונג און אַריינגע-

שטעלט אויף אַהין צוויי גלעזערנע שויבן. יאָ, ס'איז געווען ליכטיקער און העלער איצט אין יעדן פּרט.

און דאַן צולעצט האָט ער אויף געקריגן הילף: די פרוי, אין וועלכער ער האָט זיך געוויטיקט. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אַ לאַנגע צייט אַהין און אַהער אַנטקעגן דעם אַראָפּבאַרג, איידער זי איז צוגעקומען נאָענט; ביז זי האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט צוצוקומען — איז שוין געוואָרן נאַכט. און דאַן איז זי געקומען — אַ גרויס, ברוין־אויגיק מיידל, פעסט געבויט און פאַרהאַרטעוועט, מיט גוטע, שווערע הענט און גראָבע, שטייפע, הילצערנע שיך אויף די פיס, ווי זי וואָלט געווען אַ לאַפּ, און מיט אַ לעדערנעם טאַש אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען. נישט זייער יונג; רעדט העפלעך; נאָענט צו די דרייסיק.

ס'איז נישט געווען פאַרוואָס צו שרעקן זיך; נאָר זי האָט אים באַגריסט און געזאָגט האַסטיק:

— איך בין געגאַנגען דורך די בערג און זיך פאַרנומען מיט דעם וועג.

— האָ, — האָט יצחק געענטפערט. ער האָט קוים געקאָנט כאַפּן איר מיין, ווייל זי האָט גערעדט נישט דייטלעך; אויך האָט זי געהאַלטן איר פּנים אָפּגעווענדט אָן אַ זייט.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — ס'איז אַ לאַנגער וועג אַהער צו קומען.

— יאָ, אַזוי, — זאָגט דער מאַן, — דורך די בערג, האָט איר געזאָגט?

— יאָ.

— און נאָך וואָס?

— כ'האָב מיינע קרובים דאָרטן.

— אַזוי, איר האָט אייערע קרובים דאָרטן? און ווי איז אייער נאָמען?

— אינגער. און ווי איז אייערער?

— יצחק.

— יצחק? ה־ם. איר וואוינט דאָ אַליין, אפשר?

— יאָ, דאָ, אַזוי.

— ס'זעט נישט אויס אַזוי שלעכט, — האָט זי געזאָגט און צוגעשמייכלט אים.

אַצינד איז ער שוין געווען מסוגל אַריינצוטראַכטן זיך אין תּוך פֿון זאַכן און ס׳איז אים איינגעפֿאַלן, אַז זי איז אַהער געקומען נאָר צוליב דעם און נישט צוליב עפּעס אַנדערש; אַז זי האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט צוויי טעג צוריק אָנצוקומען פּונקט אַהער. זי האָט אפשר געהערט, אַז ער נויטיקט זיך אין הילף פֿון אַ פֿרוי.

— קומט אַריין און רוט אָפּ אייערע פֿיס, — האָט ער געזאָגט.

זיי זענען אַריין אין געצעלט און איבערגעבײַסן פֿונם עסנוואַרג, וואָס זי האָט געבראַכט, און פֿאַרטרונקען מיט מילך פֿון זײַנע ציגן; דערנאָך האָבן זיי געמאַכט קאַווע, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך אין אַ פֿענכער. און פֿאַרבראַכט היימלעך איבער זייער קאַווע ביז דער צײַט פֿון לייגן זיך שלאָפֿן. און בײַנאַכט האָט ער זי באַגערט און זי איז געווען ווילליק.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי איז זי נישט אַוועקגעגאַנגען; יענעם גאַנצן טאָג איז זי נישט אַוועקגעגאַנגען, נאָר צוגעהאָלפֿן אַרום הויז: אויסגעמעלקט די ציגן, און געשייערט די טעפּ און אַנדערע זאַכן מיט פֿײַנעם זאַמד, און זיי געמאַכט ריין. זי איז אינגאַנצן נישט אַוועקגעגאַנגען. אינגער איז געווען איר נאָמען. און יצחק — זײַן נאָמען.

און איצט איז אָנגעשטאַנען אַן אַנדער לעבן פֿאַר דעם איינזאַמען מאַן. אמת, דאָס דאָזיקע ווײַב זײַנס האָט געהאַט אַ מאָדנעם נישט-דײַטלעכן אופֿן פֿון רעדן און שטענדיק אָפּגעקערט איר פּנים אָן אַ זײַט צוליב אַ צעשפּאָלטענער האָזן-ליפּ, וואָס זי האָט געהאַט, אָבער דאָס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט. וואָלט איר מויל נישט געווען מיאוס, וואָלט זי אפשר צו אים אינגאַנצן נישט געקומען; ער מעג זײַן גוט דאַנקבאַר פֿאַר דעם, וואָס זי האָט אַ האָזן-ליפּ. און וואָס שייך דערצו, איז ער אַליין ווײַט פֿון שיין. יצחק מיט דער אײַזערנער באָרד און האָריקן קערפּער, אַ פֿורכטבאַר און פֿינסטער געשטאַלט פֿון אַ מענטשן; ווי אַ מאַן, וואָס מען זעט דורך אַ פֿאַרפּלעקטער שויב. זײַן בליק איז נישט געווען קיין פֿרײַנטלעכער; אַזוי ווי באַראַבבאַס וואָלט זיך אײַנגעהאַלטן נישט אַרויסצופּלאַצן מיט געוואַלט יעדע מינוט. ס׳איז געווען אַ חידוש, וואָס אינגער אַליין איז נישט אַנטלאָפֿן.

זי איז נישט אַנטלאָפֿן. ווען ער פֿלעגט אַוועקגיין און דערנאָך

זיך אומקערן אַהיים, איז אינגער געווען אין געצעלט; די צוויי זענען געווען איינס, — די פרוי און דאָס שטיבל.

ס׳איז אים צוגעקומען נאָך אַ מויל צו שפּייזן, נאָר קיין פאַרלוסט איז אין דעם נישטאָ; ער האָט געהאַט מער פרייהייט איצט אין געקאָנט אַוועקגיין און זאַמען זיך ווּיפיל ער האָט געדאַרפט. און עניגים זענען געווען, וואָס מ׳האָט זיי געדאַרפט אויסקוקן ווייט פון דער היים. דאָרטן איז געווען דער טייך; ס׳איז אָנגענעם צו קוקן אויף אים און טיף און שטראָמיק; ער מוז אַוודאי פליסן פון אַ גרויס וואַסער אויבן אין די בערג. ער האָט זיך אַליין געמאַכט אַ מין פישער-שנור און געגאַנגען נאָכ-פאָרשן דעם טייך; אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען מיט אַ קוישל פאָ-רעלן און טשאַר-פיש. דאָס איז געווען אַ גרויסע זאַך פאַר אינגערן, און אַ חידוש; זי איז געווען איבערוועלטיקט, נישט זייענדיק באַין איפן צו-געוואוינט צו טייערע מאכלים. זי האָט אַ פּאַטש-געטאָן מיט די הענט און אויסגעשריגן: „האָ! וואו...״ און זי האָט נישט פאַרפעלט צו באַמערקן, ווי צופרידן ער איז פון איר שטוינען, און שטאָלץ מיט דעם, און זי האָט פאַרגעזעצט מיט דער זעלבער באַגייסטערונג — אָ, זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען עפּעס ענלעכס צו דעם, און ווי אַזוי האָט ער גע-קאָנט אויסגעפינען אַזעלכע באַשעפענישן!

אינגער איז געווען אַ ברכה אויך אין אַנדערע פּרטים. נישט קיין איבעריק שיינע אין אויסזען, נישט קיין פיל שכל אין קאָפּ, אפשר — זי האָט אָבער געהאַט צוויי מאַמעס-שעפּסן ביי אירער אַ קרובה, און זיי געבראַכט צופירן אַהער. דאָס איז געווען ביי זיי דאָס חשובסטע, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אינם געצעלט; שאָף מיט וואָל און יונגע שעפּעלעך, פיר נייע קעפּ צו זייער עבעדיקן פאַרמעגן; עס איז געוואַקסן, זיך פאַרגרעסערט; אַ וואונדער און אַ חידוש, ווי זייער סטאַדע איז געוואַקסן. און אינגער האָט געבראַכט נאָך: קליידער און אַנדערע קליינע זאַכן אַ שפּיגל און אַ שנירל גלעזערנע פּאַטשערקעס, אַ שפּין-רעדל און בערשט-לעך. אָ, וועט עס אַזוי גיין — אָ, וועט דאָס שטיבל באַלד זיין אָנגעפילט פון דיל ביז צום דאַך, און קיין אָרט וועט נישט זיין פאַר מער! איצט איז יצחק געווען דערשטוינט פון דעם דאָזיקן גאַנצן רייכטום, נאָר זיי-ענדיק אַ שטילער מענטש און ווייניק ריידעוודיק, האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט, בלויז געגאַנגען צו דער שוועל און אַרויסגעקוקט אינדרויסן,

און זיך אומגעקערט צוריק. יאָ, ער איז אַודאי געווען גליקלעך, געפילט זיך מער און מער פאַרליבט אָדער געגויגט צו איר, אָדער ווי מ׳זאָל עס אַנדערש נישט רופן.

— צו וואָס דאַרפסטו די אַלע זאַכן, — האָט ער געזאָגט — ס׳איז מער וויפיל ס׳איז נויטיק.

— כ׳האָב נאָך מער, ווען איך זאָל עס ווען ברענגען. און חוץ דעם איז פאַראַן דער פעטער סיווערט אויך — האָסטו געהערט פון אים?

— ניין.

— ער איז אַ רייכער מאַן און דער שאַצמייסטער פון קרייז.

ליבע מאַכט צו-נאַר דעם קלוגן. יצחק האָט געפילט, אַז ער מוז איצט טאָן עפּעס גרויסעס אליין, און איבערגעכאַפּט די מאָס.

— וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן: דו דאַרפסט זיך מער נישט מטריח זיין צו גראָבן קאַרטאָפל; איך וועל דאָס טאָן אַליין אין אָוונט, ווען איך וועל אַהיימקומען.

און ער האָט גענומען זיין האַק און צוועק אין וואַ׳ד אַריין.

זי האָט אים געהערט אַרונטערהאַקן ביימער אין וואַלד — דער מרחק איז נישט געווען וויט — און נאָכן קראַכן נאָך האָט זי געקאָנט הערן, אַז ער האַקט אַרונטער גרויסע ביימער. אַ רגע האָט זי זיך צוגע־הערט, דערנאָך אַרויס אויפן קאַרטאָפּל-פעלד און זיך געשטעלט גראָבן. ליבע מאַכט נאַראָנים קלוג.

יצחק איז אַהיימגעקומען אין אָוונט און געבראַכט צושלעפּן מיט זיך אויף אַ שטריק אַ ריזיקן קלאָץ. אָ, דער פּשוטער און נאַיווער יצחק, ער האָט אָנגעמאַכט טומל, וויפיל ער האָט נאָר געקאָנט מיט דעם קלאָץ, און געהוסט, און גע׳ה־מ׳ט, אַלץ, כּדי זי זאָל אַרויסקומען און זיך פאַר־וואונדערן. און אַודאי:

— האַ, נישט אַנדערש ביסט אַראָפּ פון זינען—האָט איינגער אויס־געדופן אויף אַ הויך קול. — איז דאָס אַן אַרבעט פאַר אַ מענטשן איינאַליין?

ער האָט גאָרנישט געענטפערט; וואָלט נישט געווען אַרויסגערעדט אפילו קיין וואָרט. אָפּצוטאָן אַביסל מער אַרבעט פאַר אַ מענטשן איינ־אַליין — ס׳איז גאָרנישט כּדאי געווען אפילו צו רעדן וועגן דעם — לחלוטין נישט. אַ שטיקל געהילץ — ווייס איך!

— און וואָס האָסטו בדעה צו טאָן מיט דעם ? — האָט זי געפרעגט.

— אָ, מירן זען,—האָט ער געענטפערט נאָכלעסיק, ווי קוים באַמערקנדיק, אַז זי איז דאָ.

נאָר ווען ער האָט געזען, אַז זי האָט פונדעסטוועגן אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל, איז ער נישט געווען צופרידן. ווי זי וואָלט האָבן אָפּגעטאָן כמעט אַזויפיל ווי ער; און דאָס איז נישט געווען לויט זיין געשמאַק. האָט ער אַראָפּגעצויגן דעם שטריק פון קלאָץ און אַוועק מיט אים נאָכאַמאָל.

— וואָס, האָסט נאָך נישט געענדיקט ?

— ניין, — האָט ער האַרט געענטפערט.

און ער האָט זיך צוריקגעקערט מיט נאָך אַ בוים, אַזוי ווי דער ערשטער, נאָר אָן רעש אָדער אַ סימן פון זיין אָן אָטעם; אים צוגעשלעפּט צום שטיבל, ווי אַן אָקס, און איבערגעלאָזט.

יענעם זומער האָט ער אַרונטערגעשניטן אַ סך געהילץ און עס געבראַכט צום געצעלט

## II

אין איינעם אַ טאָג האָט אינגער איינגעפּאקט אַביסל עסנוואַרג אין איר לעדערנעם טאַש. „כ'האָב געטראַכט וועגן דורכגיין זיך אַביסל זען, וואָס ס'מאַכן מיינע קרובים".

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט.

— איך מוז זיך מיט זיי דורכרעדן וועגן עטלעכע זאַכן.

יצחק איז נישט אַרויסגעגאַנגען גלייך זי צו באַגלייטן, נאָר אָפּגעוואַרט אַ היפּשע ווײַלע. און ווען ער האָט זיך צום סוף אַרויסגעשאַרט פונעם חדר, אויסקוקנדיק פונדעסטוועגן אַביסל פאַרזאָרגט, עלנט און אומרויק, איז אינגער שוין געווען כמעט ווי פאַרשוואונדן פון יענער זייט וואַלד-ראַנד.

— הם! — ער האָט אַ הוסט געטאָן און אויסגערופן: — וועסטו קומען צוריק נאָך? — ער האָט נישט געמיינט צו פרעגן זי דאָס, נאָר...

— קומען צוריק? וואָס איז דיין מיין? אַחדאי וועל איך קומען צוריק.

— הם.

איז ער ווידער געבליבן איינער אַליין — אַיאָה מילא...! מיט זיין גבורה און ליבשאַפט צו אַרבעט האָט ער נישט געקאָנט זיך אומדרייען ליידיק אַרום געצעלט. האָט ער זיך גענומען אָפּצוריייניקן דאָס געהילץ, צעשניטן עס אויף גלייכאַרטיקע קלעצער און די קלעצער צעשניטן פלאַך פון ביידע זייטן. אַזוי האָט ער אָפּגעאַרבעט דעם גאַנצן טאָג. דערנאָך האָט ער אויסגעמאָלקן די ציגן און זיך געלייגט שלאָפן.

אומעטיק — פוסט און הויל איז איצט אינם געצעלט; אַ שווערע שטילקייט קלאַמערט זיך אַרום די טאָרפּיקע ווענט און ערדיקן דיל; אַ טיפע און פאַרזאָרגטע איינזאַמקייט. דאָס שפּינרעדל און די בערשטלעך זענען געווען אויף זייער אָרט; די פּאַטשערקעס אויך, געלעגן דאָרטן ווי פריער, אין אַ טאַש אונטערן באַלקן. אינגער האָט גאָרנישט מיטגענומען פון אירע זאַכן. גאָר יצחק, ווי פּשוט־פּראָסט ער איז נישט געווען, האָט ער אָנגעהויבן צו שרעקן זיך פאַר דער טונקלקייט אין די לייכטע זומער־נעכט, און געזען שאָטנס און געשטאַלטן זיך גנבענען ביים פענסטער. ער איז אויפגעשטאַנען פאַרפרי, נאָך איידער ס'האָט אָנגעהויבן צו שאַריען אויף טאָג, אַרום צוויי אַזייגער ביינאַכט, און אָפּגעגעסן זיין פרישטיק, אַ גרויסע שיסל זופּ מיט גרויפּן, ס'זאָל אים גענוגן אויף אַ גאַנצן טאָג און פאַרשפּאָרן די איבעריקע צייט אויף צו קאָכן נאָך. אין אָוונט האָט ער אָפּגערייניקט נאָך ערד צו פאַרגרעסערן דאָס פעלד פאַר די קאַר־טאָפל.

דריי טעג האָט ער געאַרבעט מיטן גראָבאייזן און דער האַק נאָך דער ריי נאָך; אינגער וועט אפשר קומען מאָרגן. ס'וואָלט געווען גוט צו האָבן אָנגעגרייט א טעלער מיט פיש פאַר איר, ווען זי וועט קומען — נאָר דער גלייכער וועג צום וואַסער איז געלעגן ביים שליאַך, מיט וועלכן זי דאַרף אָנקומען, און ס'וואָלט אויסגעזען... האָט ער אָנגעלייגט וועג, פאַרקערעוועט זיך אויף אַ נייעם וועג איבער די בערג, וואו ער איז פריער נאָך קיינמאָל נישט געווען. גרויער פעלז און ברוינער, און באַ־שפּרענקלט מיט שטיקלעך שווערע שטיינער, שווער ווי קופּער אָדער בליי. ס'זענען אפשר פאַראַן אַ סך זאַכן אין די דאָזיקע שווערע שטיינער, גאָלד אָדער זילבער, מעגלעך, אַז יאָ, און מעגלעך, אַז נישט — ער האָט וועגן אַזוינע זאַכן נישט געוואוסט און ס'האָט אים נישט געקימערט. ער איז צוגעקומען צום וואַסער; דער צופלוס איז געווען הויך און פיש האָבן זיך געכאַפּט גוט יענע נאַכט. ער האָט אַהיים געבראַכט אַ פול קוישל מיט פיש. אַז אינגער וועט דערשטוינט ווערן, קוקנדיק אויף דעם! צוריקקערנדיק זיך אינדערפרי, מיטן וועג, וואָס ער איז געקומען, האָט ער אויפגעהויבן אַ פּאָר פון די שווערע שטיקלעך שטיינער אויף די בערג; זיי זענען געווען ברויך, מיט טונקל־בלויע פלעקן דאָ און דאָרט, און משונהדיק שווער און האַרט.

אינגער איז נאָכנישט געווען, און איז נישט געקומען. דאָס איז געווען דער פערטער טאָג. ער האָט געמאָלקן די ציגן, אַזוי ווי ער פלעגט טאָן, ווען ער האָט געלעבט אַליין מיט זיי און נישט געהאַט קיין הילף; דערנאָך איז ער אַרויפגעגאַנגען צו אַ דערבייאיקן שטיינברוך און אַרונטערגעטראָגן שטיינער; גרויסע הויפנס מיט פּאָרזיכטיק-געקליבענע ווינקלשטיינער אויף צו מויערן אַ וואַנט. ער איז געווען פאַרנומען מיט אָן אַ שיער אַרבעטן.

אויפן פינפטן אויפדערנאַכט איז ער אַריין רוען מיט אַ ביסל שרעק אין האַרצן — נאָר דאָרטן זענען געלעגן די בערשטלעך און דאָס שפּינרעדל און דאָס שנירל פּאַטשערקעס. אומעטיק — פּוסט און הויל אינעם געצעלט, אָן אַ מינדסטן קלאַנג; די שעהן האָבן זיך געצויגן לאַנג, און ווען ער האָט צולעצט דערהערט עפּעס ווי אַ קול פון דרויסן אינדרויסן, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז דאָס דאַכט זיך אים בלויז אויס אַזוי, ווייטער גאָרנישט. „אַיאַה, הערעגיד!" האָט ער געמורמלט. עלנט און טריב. און יצחק איז נישט געווען דער יעניקער, וואָס זאָל פאַרלירן ווערטער פאַר גאָרנישט. ס'האָט זיך געהערט טראָמפּלען פון פיס נאָכאַמאָל אינדרויסן און מיט אַ רגע שפּעטער האָט עפּעס דורכגעשוועבט פאַרביי דעם פענסטער; עפּעס מיט הערנער, עפּעס לעבעדיקס. ער איז אויפגעשפּרונגען, אַראָפּ צו דער טיר און זע, אַ געשטאַלט! „גאָט אדער דער טייפל", האָט יצחק ארויסגעמורמלט, ער, וואָס האָט נישט באַנוצט קיין ווערטער כמעט אַזוי זיך. ער האָט דערזען אַ קו; אינגער מיט אַ קו פאַרשוואונדן אין דער שטאַל.

וואָלט ער נישט געווען געשטאַנען דאָרטן אַליין און געהערט, ווי אינגער רעדט מיט ליבשאַפט צו דער קו — וואָלט ער נישט געגלויבט. נאָר דאָרטן איז ער געשטאַנען. און מיטאַמאָל איז אים איינגעפאַלן אַ חשד: אַ קלוגע פרוי; יאָ, באַוווייזט וואונדער — אָבער, נאָך אַלעמען... ניין, ס'איז געווען צופיל, און דאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָרט פאַר דעם. אַ שפּינרעדל און בערשטלעך — נו מילא; אַפילו די פּאַטשערקעס אפשר, כאָטש זיי זענען געווען צו פיין אויף אַרויסצורופן אַ חשד. אָבער אַ קו, געכאַפּט בלאָנדזשענדיק אויפן וועג אפשר, אָדער אויף אַ פעלד — באַלד וועט מען באַמערקן, אַז זי פעלט, און מ'וועט זי אָנהייבן ארומזוכ

אינגער איז ארויסגעקומען פון דער שטאַל און זיך אָנגערופן מיט אַ שטאָלצן שמייכל:

— ס׳איז בלויז איך. כ׳האָב געבראַכט צו פירן מיין קו מיט זיך.

— ה־ם, האָט יצחק געענטפערט.

— דערפאַר האָב איך אַזוי לאַנג זיך געזוימט — כ׳האָב געדאַרפט מיט איר גיין פּאַמעלעך איבער די בערג.

— האָסטו געבראַכט אַ קו? — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט מיט שטאָלץ פון איר גרויס עשי־רות אויף דער ערד — גלויבסטו נישט מיר אפשר?

יצחק האָט זיך געשראָקן פאַר דאָס ערגסטע, נאָר האָט עס נישט אַרויסגעוויזן, און בלויז געזאָגט:

— קום אריין אינעווייניק און עס עפּעס.

— האָסטו זי געזען? איז זי נישט קיין ליבע קו?

— יאָ, אַ פיינע קו, — האָט ער געזאָגט. און רעדנדיק גלייכגיל־טיק ווי נאָר מעגלעך, האָט ער געפרעגט: — וואו האָסטו זי געקראָגן?

— איר נאָמען איז גאָלדהאָרן. אויף וואָס וועט דינען יענע וואַנט, וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט? וועסט זיך איבעראַרבעטן אויף טויט, וועסטו זיך. אָ, קום און גיב אַ קוק אויף דער קו איצט.

זיי זענען ארויס, און יצחק איז געווען אין זיין אונטערוועש, נאָר דאָס האָט נישט אויסגעמאַכט. זיי האָבן פּאָרזיכטיק אַרומגעקוקט די קו פון אַלע זייטן און זיך צוגעקוקט צו יעדן סימן אירן אויפן קאָפּ און אויף די שולטערן, אויפן געזעס און אויף די געלענקען, וואו ס׳איז גע־ווען רויט און וואו ווייס, און ווי אזוי זי איז געשטאנען.

— ווי אַלט, מיינסטו, קאָן זי זיין? — האָט יצחק פּאָרזיכטיק גע־פרעגט.

— מיינען? עס גייט איר איצט פּונקט דאָס פערטע יאָר. איך האָב זי אַליין אויסגעהאָדעוועט און אלע האָבן געזאָגט, אז ס׳איז די שענסטע בהמה, וואָס זיי האָבן ווען געזען. וועט אָבער זיין גענוג פּאַשע דאָ פאַר איר?

יצחק האָט אָנגעהויבן צו גלויבן. ווי ער האָט געוואָלט גלויבן איר מיטן גאַנצן האַרץ, אַז אַלצדינג איז כשר. — „און וואָס שייך פּאַשע, וועט זיין איבערגענוג״.

דערנאָך זענען זיי צוריק אַריין אין שטיבל, געגעסן, געטרונקען און זיך געלייגט שלאָפן. זיי זענען געלעגן ביידע וואַך און גערעדט פון דער קו, פון דעם גרויסן געשעעניש. און איז זי דען נישט קיין טייערע קו? באַלד דאַרף זי זיך קעלבן דאָס צווייטע מאָל. און איר נאָמען איז גאָלדהאָרן. שלאָפסט שוין, יצחק?

— ניין.

— און וואָס זאָגסטו צו דעם, זי האָט מיך ווידער דערקענט; גלייך דערקענט און מיר נאָכגעפאָלגט, ווי אַ לעמעלע. נעכטן האָבן מיר גערוט אויף די בערג.

— אַזוי?

— נאָר מ'וועט זי דאַרפן האַלטן אויף אַ שטריק דעם גאַנצן זומער, סיי ווי, אַז נישט וועט זי אַנטלויפן. — אַ קו בלייבט אַ קו.

— וואו איז זי געווען פריער? — האָט יצחק ענדלעך געפרעגט.

— ביי מיינע קרובים, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף איר. און זיי זענען גוט אומצופרידן זי אָפּצוגעבן, קאָן איך דיר זאָגן; און די קינדער האָבן געוויינט, ווען איך האָב זי צוגענומען.

קאָן עס מעגלעך זיין, אַז זי זאָל האָבן דאָס אַלץ אַרומגעטראַכט אַזוי גלאַטיק? ניין, דאָס לייגט זיך נישט איפן שכל. ס'מוז זיין אמת, די קו איז אירע. האָ, עס וואַקסט זייער פאַרמעגן און פאַרמערט זיך! נאָך אַביסל און קיין זאַך וועט זיי נישט פעלן! אָ, די אינגער, ער האָט זי ליב געהאַט און זי ווידער האָט אים געליבט; זיי זענען געווען שפּאָרזאַמע מענטשן; געלעבט פרימיטיוו און פיל נישט געפאָדערט. „לאָמיר שלאָפן!” און זיי זענען אַנטשלאָפן געוואָרן און אינדערפרי זיך אויפגעכאַפּט צו אַ נייעם טאָג, אַ טאָג פול מיט ארבעט, צו באַזאָרגן און אָפּצוטאָן; יאָ, אַרבעט און פרייד, שטייגן און פאַלן, דער וועג פון לעבן.

אָט ווי, למשל, פון יענע אָנגעשניטענע קלעצער — זאָל ער פּרווון צונויפשטעלן אַ בנין? ווען ער איז געווען אין דאָרף, האָט ער זיך אַרומגעקוקט מיט אָפענע אויגן, האָבנדיק דאָס אין זינען, און געזען, ווי אַזוי עס ווערט געטאָן. ער האָט געקאָנט בויען מיט געהילץ איינער אַליין, פאַרוואָס נישט? חוץ דעם איז עס געווען נויטיק; עס מוז געטאָן ווערן. פאַרמאָג זיי נישט קיין פאַרם מיט שאָף, אַ פאַרם מיט אַ קו שוין, און

ציגן, וואָס זייער צאָל איז שוין גרויס געגוג און וועט זיין נאָך גרע־סער? — זייער לעבעדיק פּאַרמעגן אַליין האָט זיי געשטופּט אַרויס פונם טאַרפיקן געצעלט; עפּעס מוז געטאָן ווערן. און דאָס בעסטע איז צו גע־מען זיך דערצו גלייך, בעת די קאַרטאָפל זענען נאָך אין צוויט און איי־דער דער היי־שניט האָט זיך אָנגעהויבן. אינגער וועט אים דאַרפן צו־העלפן דאָ און דאָרט.

יצחק כאַפּט זיך אויף ביינאַכט און שטייט אויף, אינגער שלאָפט געשמאַק נאָך איר לאַנגן וועג, און אַרויס גייט ער צו דער קו אין שטאַל. איצט זאָל מען נישט מיינען, אַז ער האָט צו דער קו געדעדט קריגערישע און איבער־דריסיקע רייד; ניין, ער האָט זי געגלעט מיט ווירדע און זי באַקוקט אויפסניי, יעדן טייל, צו זען, צי ס'איז אויף איר נישטאָ, צופע־ליק, אַ סימן פון געהערן צו פרעמדע בעל־הבתים. קיין צייכן, קיין סימן און יצחק גנבעט זיך אַרויס באַרויקט.

דאָרטן ליגט דאָס געהילץ. ער נעמט זיך מיט חשק קאָלערן די קלעצער, דערנאָך הויבט ער זיי אויף, שטעלט זיי אויס לעבן דער וואַנט אין א ראַם; איין גרויסע ראַם פאַר אַן אַלגעמיינעם צימער און איינע א קלענערע פאַר א שלאָפצימער. די אַרבעט איז געווען שווער, פאַר־כאַפּט דעם אָטעם, און זיין געדאַנק איז געווען פאַרטיפט אין דער אַר־בעט, ער האָט פאַרגעסן די צייט. אָט ציט זיך אַ רויך פונם דאַך־לאָך, וואָס אינם שטיבל, און אינגער קומט אַרויס און רופט אים עסן פרישטיק.

— און מיט וואָס ביסטו פאַרנומען איצט? — האָט זי געפרעגט.

— דו ביסט אויפגעשטאַנען פרי, — זאָגט יצחק, און דאָס איז געווען אַלץ.

אָ, דער יצחק מיט זיינע סודות און זיין הערשערישער! הנהגה! נאָר ס'האָט אים הנאה געטאָן, מעגלעך, פון איר נאָכפרעגן זיך און וואונ־דערן זיך איבער זיינע מעשים. ער האָט געגעסן אַביסל און געבליבן זיצן אַ ווײַלע אינם שטיבל, איידער ער איז אַרויס נאָכאַמאָל. אויף וואָס האָט ער געוואַרט?

— הם, — זאָגט ער צולעצט און הויבט זיך אויף.—וואָס זיץ איך דאָ? כ'האָב נאָך אַזויפיל אַרבעט אָפּצוטאָן.

— ס'זעט אויס, ווי דו ביסט עפּעס, — זאָגט אינגער, — וואָס?

און ער האָט באַוויליקט צו ענטפערן איר; דער דאָזיקער גרויסער מענטש, וואָס האָט זיך אונטערגעגנומען צו בויען איינער אליין, ער האָט געענטפערט: — יאָ, כ'מיין, אַז אויף אַזויפיל קאָנסטו זען.

— יאָ... יאָ אוודאי.

— בויען — געוויס, מ'קאָן זיך נישט העלפן, אויף ווי ווייט איך קאָן זען. אָט האָסטו געבראַכט אַ גאַנצע קו אויף דער פאַרם — דאַרפסטו אַ שטאַל, רעכן איך.

אָרעמע אינגער, נישט אַזוי אומפּנדלעך קלוג ווי ער, ער יצחק, דער באַשעפער פון וועלטן. און דאָס איז געווען נאָך איידער זי האָט אים גוט געקענט און געוואוסט זיינע וועגן. זאָגט אינגער:

— ס'איז זיכער נישט קיין שטאַל דאָס, וואָס דו בויסט?

— הם, — זאָגט ער.

— נאָר דו מיינסט עס נישט? איך — איך האָב געטראַכט, אַז דו וועסט זיך נעמען בויען אַ הויז פריער.

— אַזוי געטראַכט? — זאָגט ער מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געטראַכט אַליין פון דעם.

— יאָ, און שטעלן די בהמות אין שטיבל.

יצחק האָט אַ רגע געקלערט. — יאָ, ס'קאָן זיין, אַז ס'וועט זיין בעסער אַזוי.

— אָט, — זאָגט אינגער, אַ צופרידענע און טריומפירט. — איך קום אַמאָל אויך צונויף.

— יאָ, דאָס איז אמת. און וואָס מיינסטו וועגן אַ הויז מיט צוויי צימערן?

— צוויי צימערן? אָ...! פונקט ווי ביי לייטן. מיינסט, אַז ס'וועט זיך אונז איינגעבן?

עס האָט זיך זיי איינגעגעבן. יצחק איז פארנומען געווען מיטן בויען, געטעסעט די קלעצער און צונויפגעשטעלט די ראַם פאַרן הויז, ער האָט אויך אויפגעשטעלט אַן אויוון פון באַזונדער-געקליבענע שטיינער, נאָר ער איז נישט אַרויסגעקומען אַזוי שיין, און יצחק איז נישט אַלעמאָל געווען צופרידן מיט אָט דער אַרבעט זיינער. דער היי-שניט האָט זיך אָנגערוקט און געצוואונגען יצחקן אַראָפצוקריכן פון זיין געביי, און

אַוועקגיין אין די בערג ווייט און נאָנט, אַראָפּצונעמען דאָס היי און עס אהיימברענגען אין גרויסע שווערע בינטלעך.

און איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן טאָג, האָט ער זיך געלאָזט אַראָפּ אין דאָרף אַריין.

— וואָס דאַרפסטו אין דאָרף?

— איך ווייס נאָכנישט גענוי איצט...

ער איז אַוועק, זיך געזאמט צוויי טעג, און צוריקגעקומען מיט אַ קאָך-אויוון — אַ מענטש, אַ לאַסט-שיף, וואָס טראָגט זיך אויף די כוואַליעס פונם וואַלד מיט אַ גאַנצן אייזערנעם אויוון אויף זיינע פּלייצעס. „ס'איז מער וויפיל איין מענטש איז בכּוח צו טאָן, — האָט איינגער געזאָגט, — וועסט זיך דערהרגענען אויף טויט אונטער אַזאַ משא". נאָר יצחק האָט צעוואָרפן דאָס שטיינערנע אייזל, וואָס האָט נישט אויסגעזען אַזוי שיין אינם נייעם הויז, און אַוועקגעשטעלט דעם קאָך-אויוון אויף זיין אָרט.

— אוודאי האָט נישט יעדער איינער אַ קאָך-אויוון ביי זיך, — האָט איינגער געזאָגט. — אַ וואונדער, ווי מיר זענען מצליח!...

דער היי-שניט האַלט נאָך אָן. יצחק ברענגט צעטראָגן סטויגן און סטויגן היי, מחמת וואַלד-גראָז איז נישט ווי לאָנקע-גראָז; מערער פּאַראַן, נאָך פיל געמיינער פון יענעם. און געווען זענען איצט בלויז רעגנדיקע טעג, האָט ער געקאָנט אָפּשפּאָרן אַביסל צייט פאַרן בנין; ס'איז געווען אַ פאַרשלעפּטע אַרבעט, און אַפילו אין אויגוסט, ווען דאָס גאַנצע היי איז שוין געווען אָפּגעשניטן און פאַרזאָרגט אונטער דעם שוץ פונם פעלד, איז דאָס נייע הויז געווען ערשט האַלב-פאַרענדיקט. דערנאָך אין סעפּטעמבער האָט יצחק זיך אָנגערופן צו איינגערן: — נו, אַזוי קאָן עס נישט בלייבן. כ'מיין, דו וועסט זיך דאַרפן אַראָפּכאַפּן אין דאָרף אַריין און קריגן אַן אַרבעטער צו העלפן. — איינגער האָט זיך נישט געפילט גוט עפּעס לעצטנס און איז פיל נישט אומגעגאַנגען, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך געגרייט צו גיין.

נאָר יצחק האָט געענדערט זיין דעה. ער האָט ווידער אָנגענומען זיין שטאָלצע מינע און געזאָגט, אַז ער וועט שוין זען אויסצוקומען אַליין.

— נישט כדאי צו דרייען זיך אַ קאָפּ מיט פרעמדע מענטשן, — זאָגט ער; — איך וועל שוין פאַרענדיקן אַליין.

— ניין, ס'איז איבער די כּוחות פאַר איין מענטשן, — זאָגט איינגער — וועסט זיך אַרויסשלאָגן פון די כּוחות.

— העלף מיר נאָר אַרויפשלעפּן אָט דעם דאָזיקן קלאָץ, — זאָגט יצחק, און דאָס גאָר.

אָקטאָבער איז אָנגעקומען, און אינגער האָט געמוזט אויפגעבן. דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר אים, מחמת די דאַך-באַלקנס האָבן געמוזט אַרויפגעלייגט ווערן אויף יעדן פאַל, און דאָס הויז געדעקט, איידער ס׳קומען אָן די הערבסט-רעגנס; מ׳האָט נישט געטאָרט פאַרלירן אפילו קיין איין טאָג. וואָס האָט געקאָנט טרעפן מיט אינגערן? ריכט זי זיך צו ווערן קראַנק? ווען-נישט-ווען פלעגט זי מאַכן קעזלעך פון ציגן-מילך, און מער גאָרנישט, חוץ איבערפירן גאָלדהאָרן א צען מאָל דורכן טאָג, וואו זי האָט זיך געפּאַשעט.

— ברענג צו טראָגן אַ גרויסן קויש אָדער קאַסטן מיט זיך, — האָט זי געזאָגט, — ווען דו וועסט זיין אין דאָרף.

— צו וואָס דאַרפסטו עס? — האָט יצחק געפרעגט.

— איך׳ל עס דאַרפן האָבן, — האָט זי געענטפערט.

יצחק האָט אַרויפגעצויגן די דאַך-באַלקנס מיט אַ שטריק, אינגער האָט געפירט מיט איין האַנט איבער זיי; שוין איר בייזיין אַליין דאָ איז געווען אַ הילף. ביסלעכווייז האָט די אַרבעט זיך גערוקט ווייטער; ס׳איז נישט געווען זייער הויך ביז צום דאַך, די קלעצער אָבער זענען געווען גרויס און שווער פאַר אַ קליין הייזל.

דאָס וועטער איז געווען מער ווייניקער פיין. אינגער האָט אַליין אויסגעגראָבן די קאַרטאָפל און יצחק האָט פאַרענדיקט דעם דאַך איידער די אמתע רעגנס האָבן זיך אָנגעהויבן. די ציגן האָבן זיי אויף איבערנאַכט אַריינגענומען אין געצעלט און געשלאָפן אַלע אינאיינעם; זיי זענען ווי-נישט-איז אויסגעקומען, און זיך נישט באַקלאָגט.

יצחק האָט זיך ווידער געגרייט אין דאָרף אַריין, רופט זיך אָן אינגער עניוותדיק:

— וועסטו קאָנען מיר ברענגען אפשר אַ גרויסן קויש אָדער קאַסטן?

— כ׳האָב באַשטעלט עטלעכע פענסטער מיט גלעזערנע שויבן, — האָט יצחק געזאָגט — און אויך אַ פּאָר געפאַרבטע טירן. איך וועל זיי דאַרפן ברענגען צו טראָגן, — גיט ער צו אויף זיין שטאָלצן אופן.

— נו גוט. ס׳איז נישט קיין זייער וויכטיקער ענין וועגן קויש.

— אויף וואָס דאַרפסטו אַ קויש? אויף וואָס?

— אויף וואָס?... אַ, האָסטו נישט קיין אויגן אין קאָפּ!

יצחק איז אַוועק טיף פאַרטראַכט. צוויי טעג שפּעטער איז ער צו־ריקגעקומען מיט אַ טיר און אַ פענסטער פאַרן גרויסן צימער און מיט אַ טיר פאַרן שלאָפצימער; און אויפן האַלז פון פאָרנט האָט ער געהאַט אַרומגעבונדן אַ גרויסן פּאַק־קאַסטן און פול מיט פאַרשידענע שפּייזן אַלס צוגאָב.

— ווּעסט אַמאָל פאַלן פון די כוחות אונטער דיינע משאות און ווּעסט אומקומען אויף טויט — האָט אינגער געזאָגט.

— האַ, אויף טויט! — יצחק איז געווען ווייט פון טויט; ער האָט אַרויסגענומען אַ פלעשל מיט מעדיצין פון זיין קעשענע — געווען איז עס נאַפט — און דאָס געגעבן אינגערן מיט אַ באַפעל עס איינצונעמען רעגל־מעסיק און ביז זי וועט צוריק געזונט ווערן. און דאָרטן זענען געשטאַנען די פענסטער און די געפאַרבטע טירן, מיט וועלכע ער האָט זיך געקאָנט לייכט באַרימען; ער האָט זיך גלייך גענומען אַריינשטעלן זיי. אָ, אַזעלכע קליינע טירן, און טאַנדעטנע דערצו, נאָר אָפּגעפאַרבט אויפסניי גלאַט און שיין אויף רויט און ווייס; כמעט דאָס זעלבע און כמעט אַזוי גוט, ווי ביל־דער אויף די ווענט.

און אַצינד האָבן זיי זיך איבערגעצויגן אין נייעם הויז, און דאָס טאָרפּיקע שטיבל געלאָזט אינגאַנצן פאַר די בהמות, נאָר איין זיך־שעפּסל־דיקע שאָף איבערגעלאָזט מיט דער קו, זי זאָל זיך נישט פילן איינזאַם.

זיי האָבן מצליח געווען, דידאָזיקע פּויערים אין דער ווילדעניש; יאָ, ס'איז געווען אַ וואונדער און אַ חידוש פאַר זיי אַליין.

## III

יצחק האָט געאַרבעט אויפֿן לאַנד, ביז דער פראָסט האָט זיך געשטעלט; די פּיעניעס און וואָרצלען האָט ער אויסגעגראָבן און אָפּגערוימט, די פעלדער ביוועלירט און אויסגעגלייכט און צוגעגרייט אויף איבעראַיאָר. ווען די ערד איז האַרטער געוואָרן, האָט ער איבערגעלאָזט די פעלד־אַרבעט און אַוועק אין וואַלד; אַרונטערגעהאַקט אַ גרויסע צאָל ביימער און זיי צעשניטן אויף קלעצער.

— צו וואָס דאַרפסטו די אַלע ביימער? — טוט אינגער אַ פרעג.

— אָ, זיי וועלן צונוץ קומען אַמאָל, האָט יצחק געענטפערט אָפּהענטיק, ווי ער וואָלט נאָך גאָר קיין פּלאַן נישט געהאַט. נאָר יצחק האָט שוין געהאַט אַ פּלאַן. אָט איז רייִנער נאָכנישט־גערירטער וואַלד, געדיכט־צעוואַקסן ביז אַרויף צום הויז, אַ שטערונג אויף זיינע פעלדער, וועלכע ער האָט געוואָלט האָבן פריי. מוז ער אויסגעפינען אַ וועג ווי אַזוי אַראָפּצופירן די קלעצער אין דאָרף אַריין הייַנטיקן ווינטער; צופרידן וועלן אַ סך דאָרטן זיין צו קויפן דאָס האָלץ אויף צו הייצן מיט דעם. דער פּלאַן האָט יצחקן אויסגעזען פאַר גוט און ער האָט נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אין וואַלד, אַרונטערגעהאַקט ביימער און זיי צעשניטן אויף קלעצער.

אינגער פלעגט אָפט אַרויסקומען צו אים אין וואַלד צו זען אים אַרבעטן. ער האָט זיך געמאַכט, ווי איר קומען גייט אים כלל נישט אָן און ס׳איז באין אופן נישטאָ קיין אַרבעט, וואָס ער וויל זי זאָל טאָן; נאָר זי האָט סיי־ווי פאַרשטאַנען, אַז ס׳טוט אים הנאה, וואָס זי איז דאָ. משונהדיק זענען אויך געווען צייטנווייז זייערע שמועסן צווישן זיך.

— שוין נישט געקאָנט געפינען זיך קיין אַנדער אַרבעט, ווי נאָר אַרויסקומען אַהער און פרירן? — זאָגט יצחק.

— מיר איז נישט קאַלט, — זאָגט אינגער, — נאָר איך זע נישט, וואו איז דאָ דער שכל אין דיין אַרבעטן אַזוי שווער.

— אָ! הויב אויף דאָרטן מיין ראָק און טו אים אָן.

— אָנטאָן דיין ראָק? טאַקע פונקט איצט די צייט. כ'האָב קיין צייט נישט צו זיצן איצט דאָ, ווען גאָלדהאָרן גרייט זיך צו קעלבן און אַלץ מיט אַנאַנדער.

— ה־ם. קעלבן זיך, זאָגסטו?

— ווי דו וואָלסט עס נישט געוואוסט! אָבער וואָס דענקסטו איצט וועגן דעם קעלבל. איבערלאָזן עס אפשר?

— טו ווי דו פאַרשטייסט; ס'איז נישט מיין עסק מיט קעלבלעך און אַנדערע.

— ס'ט זיין אַ שאָד עס אויפצועסן, דאַכט זיך מיר, און צו בלייבן נאָר מיט איין קו.

— ס'זעט נישט אויס, דו זאָלסט עס האָבן געטאָן סיי־ווי־סיי,—זאָגט יצחק.

דאָס איז געווען זייער שטייגער. איינזאַמע מענטשן, מיאוסע אויפן אויסזען, נאָר איבערפול מיט שפע, אַ ברכה איינער פאַרן אַנדערן, פאַר די שטומע בעלי־חיים און פאַר דער ערד.

און גאָלדהאָרן האָט זיך געקעלבט. אַ גרויסער טאָג אין דער וויל־דעניש, אַ פרייד און אַ יובל. זיי האָבן איר געגעבן געזיפטע מעל און יצחק אַליין האָט געזאָרגט, זי זאָל האָבן גענוג, כאָטש ער האָט דעם זאַק געטראָגן אַליין אויף זיינע פּלייצעס דעם גאַנצן ווייסן וועג. און אָט ליגט אַ ליב חנעוודיק קעלבל, רויט געפלעקט ווי איר מאַמע, און שטוינט אויף אַ קאָמישן אופן איבערן וואונדער פון איר קומען אויף דער וועלט. און אַ פאָר יאָר אַרום וועט זי זיך אַליין קעלבן.

— זי'ט זיין אַ וואונדערלעכע קו, ווען זי וועט אויסוואַקסן, — זאָגט אינגער. — און ווי אַזוי זאָלן מיר זי רופן? איך ווייס גאָרנישט וואָס אויסצוטראַכטן.

אינגער איז געווען קינדיש אויף איר אַרט און נישט שטאַרק אי־בערגעשפּיצט.

— ווי אַזוי זאָלן מיר זי רופן ? — האָט יצחק געזאָגט, — געוויס זילבערהאָרן, ווי דען אַנדערש ?

דער ערשטער שניי איז אויסגעפאַלן. און ווי נאָר אַ שטיקל וועג האָט זיך איינגעשטעלט, האָט יצחק זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין. פול מיט סודותדיקן שווייגן און געהיימניש ווי אַלעמאָל, ווען אינגער פלעגט אים פרעגן נאָך וואָס ער גייט אַהין. און אויך דאָס מאָל האָט ער זיך צוריק-געקערט מיט אַ נייער איבעראַשונג, וואָס לאָזט זיך אפילו אין געדאַנק נישט פאָרשטעלן. — מאָלט אייך אַ פערד מיט א שליטן.

— אַ שיינע שפיל, — האָט אינגער געזאָגט, — איך האָף, אַז דו האָסט דאָס פערד נישט צוגענומען ?

— צוגענומען ?

– זאָל זיין געפינען, דאַן ?

אַך, ווען ער וואָלט געקאָנט איצט אויסרופן: „ס'איז מיין פערד — אונזער פערד...״ אין דער אמתן אָבער האָט ער עס בלויז געדונגען. גע-דונגען אויף אָראָפּצופירן זיין אָנגעשניטן געהילץ אין דאָרף אַריין.

יצחק האָט אוועקגעפירט זיין ברענהאָלץ אין דאָרף אַריין און צו-ריקגעבראַכט עסנוואַרג, הערינג און מעל. און אין איינעם א שיינעם טאָג איז ער צוריקגעקומען אויפן שליטן מיט אַ יונג ביקל. ער האָט אים גע-קויפט זייער וואָלוול, צוליב דעם מאַנגל אין קאָרמע, וואָס איז אַנטשטאַ-נען אין דאָרף. ער איז געווען מאָגער און אָפּגעלאָזן, נאָר דערפאַר גאַנץ אָן אַ מום, און געגויטיקט זיך נישט מער ווי אין געהעריקער פאַשע.

— וואָס וועסטו שוין ברענגען דאָס צווייטע מאָל ? — האָט אינגער געזאָגט.

יצחק האָט אָנגעבראַכט אַ וועלט מיט זאַכן, געבראַכט ברעטער און אַ זעג, וואָס ער האָט אויסגעביטן פאַרן געהילץ; אַ שלייפשטיין, אַ וואַפל-אייזן, געצייג — אַלץ פאַר זיינע קלעצער. מער חיפיל זי האָט געקאָנט באַנעמען, און יעדעס מאָל האָט זי אויסגערופן: — וואָס, נאָך זאַכן! נאָכדעם, ווי מיר פאַרמאָגן שוין אַן אָקס און שאָף און אַלץ, וואָס מ'קאָן נאָר אויסטראַכטן!

זיי האָבן שוין איצט געהאַט גענוג פון אַלץ, וואָס זיי האָבן באַ-דאַרפט אויף אַ לענגערער צייט, און געווען פאַרמעגלעכע לייט. וואָס זאָל יצחק טאָן ווייטער, דעם קומענדיקן פרילינג ? ער האָט דאָס אַלץ איבער-

געטראַכט יענעם ווינטער, גאָכגייענדיק זיינע פורן האָלץ; ער וועט אָפּרייניקן מער לאַנד פון יענער זייט באַרג און עס אויסגלייכן; אָנשניידן נאָך האָלץ און לאָזן עס טריקענען איבערן זומער, און אוועקפירן צוויי מאָל אַזויפיל, ווי היינטיקן ווינטער, ווען דער ערשטער שניי־וועג וועט זיך איינשטעלן. דער חשבון איז אויסגערעכנט געוואָרן וואונדערלעך.

נאָר ס'איז געווען נאָך אַ זאַך, וואָס יצחק האָט אַזויפיל מאָל נאָכגעטראַכט: אָט די קי גאָלדהאָרן. פון וואַנעט איז זי געקומען, וועמענס איז זי געווען? נישטאָ נאָך אויף דער וועלט אַזאַ ווייב, ווי אינגער. האָ! אַ חילדע איז זי געווען, געלאָזט אים טאָן אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט און זיך געפרייט מיט דעם. אָבער — וואָס וועט זיין, אז אין איינעם אַ טאָג וועט ווער קומען נאָך דער קו און זי אַוועקנעמען — און נאָך ערגערס, אפשר שפּעטער? וואָס איז עס וואָס, וואָס אינגער האָט געזאָגט וועגן דעם פערד: „איך האָף, אַז דו האָסט עס נישט צוגענומען אָדער געפינען?“ דאָס איז געווען איר ערשטע מחשבה, יאָ, דאָס האָט זי געזאָגט; ווער ווייסט, צי מ'מעג איר געטרויען — וואָס זאָל ער טאָן? אַזויפיל מאָל האָט ער וועגן דעם געטראַכט. און דאָ האָט ער געבראַכט צופערן, ער אַליין, אַ ביקל פאַר דער קו — פאַר אַ געגנבעטער קו, פשר!

און אָט איז געקומען די צייט, ווען ער דאַרף דאָס פערד אומקערן צוריק, אַ שאָד — ס'איז געווען אַ קליין און ליב באַשעפעניש און שוין געווען צוגעוואוינט צו אַלעמען.

— ס'מאַכט נישט אויס, — האָט אינגער אים געטרייסט, — האָסט אויפגעטאָן וואונדער.

— נאָר פונקט איצט ביים קומען פון פרילינג — ווען איך באַדאַרף אַ פערד...

אויף מאָרגן אינדערפרי איז ער אַרויסגעפאָרן שטיל מיט דער לעצטער פור האָלץ, און זיך געזאַמט צוויי טעג... צוריקקומענדיק צופוס אויפן דריטן טאָג, האָט ער, דערנענטערט זיך צום הויז, דערהערט אַ מאָדנע קוויטשען פון הויז... וואָס קאָן דאָס זיין? ער שטעלט זיך אָפּ און הערט זיך צו... אַ קינד וויינט, איאַה, הערעגיד!... נו, איז אָט איז עס; אָבער אויסערגעוויינלעך מאָדנע. און אינגער האט קיינמאָל נישט דערמאָנט קיין וואָרט וועגן דעם.

ער איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק, און דאס ערשטע, וואס ער האט דערזען, איז געווען דער גרויסער פּאַק-קאַסטן — דערזעלבער כּאָק-קאַסטן, וועלכן ער האט געבראַכט צוטראגן ארומגעבונדן אַרום זיין האַלז פון פּארנט, אט דא איז ער אראפּגעהאנגען פון דער סטעליע, צוגעבונדן מיט שטריק ביי די זייטן — אַ וויגל און בעט פאַרן קינד. אינגער האט זיך אומגעדרייט אין שטוב, האַלב אנגעטאָן — זי האט שוין געהאַט אויסגעמאלקן די קי און די ציגן ווי אין אַ גאר געוויינלעכן טאג.

דאָס קינד האָט אויפגעהערט וויינען.

— ביסט שוין איבערגעקומען אַלץ? — האָט יצחק געפרעגט.

— יאָ, כ'בין שוין אַלץ איבערגעקומען.

— ה-ם.

— ס'איז געווען דעמזעלבן טאָג, וואָס דו ביסט אַוועק.

— ה-ם.

— כ'האָב נאָר געדאַרפט אַראָפּנעמען מיינע זאַכן און אויפהענגען דאָס וויגל דאָרטן, נאָר ס'איז געווען צופיל פאַר מיר, ווייזט אויס, און איך האָב געמוזט זיך צולייגן

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט פריער.

— כ'האָב דאָך נישט געקאָנט וויסן, ווען דאָס וועט געשען. ס'איז אַ ייִנגל.

— האַ, אַ ייִנגל.

יצחק האָט אַ בליק געטאָן אויפן קליין, רויט פּנימל; ס'האָט פיין אויסגעזען אין אָן אַ צעשפּאָלטענער האָזן-ליפּ. מיט אַ געדיכטן קאָפּ-האָר. אַ וואויל, קליין נפשל ליגט זיין שטאַנד און אָרט אין אַ פּאַק-קאַסטן. יצחק האָט זיך דערפילט מאָדנע שוואַך. דער מגושמדיקער מענטש איז דאָ געשטאַנען פאַר אַ וואונדער; אַ נפש, געשאַפן אין הייליקן נעפּל, און אָט קוקט עס איצט אַרויס מיטן קליין פּנימל, פול מיט סודות.

— קום, זעץ זיך עסן, — האָט געזאָגט אינגער...

יצחק אַרבעט אין וואַלד, האַקט אַרונטערביימער און צעשניידט זיי אויף קלעצער. גרינגער איז אים די אַרבעט איצטער, האָבנדיק אַ זעג. ער אַרבעט מיט חשק און אַלץ מער און מער וואַקסן אויף גרויסע שרענגעס האָלץ; ער בויט אויס אַ גאַס פון זיי, אַ שטעטל אַ גאַנצס. אינגער איז אַצינד מער אַרום הויז, און קומט נישט אַרויס ווי פריער צו

זען אים אַרבעטן. נאָר אָנשטאָט דעם כאַפּט זיך איצט יצחק אַריין אין הויז פון צייט צו צייט און זוכט אַן אויסרייד יעדעס מאָל. עס איז מאָדנע צו פאַרמאָגן אַ קליין נפשל אין הויז! יצחקן, פאַרשטייט זיך, וואָלט גאָר קיינמאָל אַפילו אויפן געדאַנק נישט אַרויף, ער זאָל עס נע־מען אין אַכט — זאָל זיך עס ליגן אין קאַסטן! און וועגן ליב האָבן עס... אָבער ווען עס האָט אָנגעהויבן צו וויינען, איז ער דאָך מער נישט, ווי אַ מענטש און ווערט אביסל גערירט פון דעם געוויין, אַזאַ שוואַכער, דינער געוויין.

— ריר אים נישט אָן! — זאָגט אינגער, — דיינע הענט זענען אינגאַנצן איינגעשמירט אין סמאָלע!

סמאָלע? — זאָגט יצחק, — כ'האָב שוין קיין סמאָלע נישט אָנ־געזען אויף מיינע הענט, זינט כ'האָב אויסגעבויט דאָס הויז. גיב מיר דאָס קינד, לאָז מיך עס נעמען — זעסט, אָט איז עס!

אין פריען מאַי איז געקומען צוגיין אין דעם פאַרוואָרפענעם, איינזאַמען אָרט אַ פרעמדע פרוי פון יענער זייט בערג. זי האָט זיך עפּעס אָנגעקערט מיט אינגערן, און זיי האָבן זי אויפגענומען זייער פריינטלעך.

— כ'האָב געטראַכט, אז איכל זיך בלויז אַראָפּכאַפּן אַ קוק צו־טאָן, — רופט זי זיך אָן, — זען, וואָס ס'מאַכט גאָלדהאָרן פאַר דער צייט, וואָס זי האָט אונז פאַרלאָזט.

אינגער קוקט אויפן קינד און רעדט צו דעם מיט אַ רחמנותדיק קול: — אַך, און ס'בישטאָ ווער ס'זאָל זיך נאָכפרעגן אויף דיר, וואָס דו מאַכסט.

— וואָס שייך אים קאָן יעדער איינער זען, וואָס ער מאַכט, אַז ער איז אַ וואויל, קליין יינגל, און ווער וואָלט עס געווען געטראַכט מיט אַ יאָר צוריק, צו טרעפן דיך, אינגער, דאָ מיט אַ הויז און מאַן און קינד און אַלערליי מינים ואַכן.

— נישט מיך קומט צו לויבן פאַר דעם. דאָרט זיצט דער מאַן, וואָס האָט מיך גענומען ווי איך שטיי און גיי און מער גאָרנישט.

— און חתונה געהאַט? — נאָכנישט, ניין, איך זע.

— מירן זען וועגן דעם, ווען מ'וועט דאָס קליינע נפשל דאַרפן טויפן, — זאָגט אינגער. — מיר וואָלטן געווען חתונה געהאַט פריער,

גאָר נישט געקאָנט דאָס אויספירן, גיין אין קלויסטער און צוריק. וואַס זאַגסטו, יצחק?

— חתונה האָבן? — זאָגט יצחק, — יאָ, אַודאי.

— קאָנסטו, אַלינאַ, צראָפּקומען צו אונז נאָכן שניט, אויף אַ פּאָר טעג אַכטונג צו געבן אויף די בהמות, ווען מיר וועלן נישט זיין?—פרעגט אינגער.

יאָ, אָלינאַ וועט קומען.

— און מירן זען דו זאָלסט נישט פאַרלירן דערביי.

— וועגן דעם פאַרלאָזט זי זיך אויף זיי... און איר, זע איך, בויט ווייטער. און צו וואָס איז דער בנין? איז נאָך דאָ וויניק אויפגעבויט?

אינגער שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט: — וועגן דעם פרעג ביי אים. איך ווייס גאָרנישט.

— בויען? — זאָגט יצחק, — אָ, נישט כדאי צו רעדן וועגן דעם, אפשר אַ קליינע שטאַל, אויב מיר וועלן זי דאַרפן. איר האָט דערמאָנט גאָלדהאָרן? איר ווילט זי זען?

זיי גייען אַוועק אין שטאַל און דאָרטן איז דאָ אַ קו מיט אַ קעלבל אויף צו ווייזן, און אַן אָקס דערצו. דער גאַסט שאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק אויף די בהמות און אויפן שטאַל; אַלץ פיין און ריין, ווי ריינער קאָן נישט געבן. מ׳קאָן זיך פאַרלאָזן אויף אינגערן, אַכטונג צו געבן אויף די בהמות אין אַלע פרטים, — זאָגט אָלינאַ.

יצחק פרעגט: — גאָלדהאָרן, הייסט עס, איז געווען ביי אייך פריער?

— יאָ, פונם טאָג אָן, וואָס זי איז געבוירן געוואָרן. נישט גראָד ביי מיר, נאָר ביי מיין זון. נאָר—אַלצאיינס. מיר האָבן איר מוטער נאָך.

יצחק האָט שוין אַ לאַנגע צייט נישט געהערט קיין בעסערע נייעס; אַ משא איז אים אַראָפּ פון האַרץ. גאָלדהאָרן איז זיינע און אינגערס אויף אַ רעכטלעכן אופן. דעם אמת זאָגנדיק, האָט ער געטראַכט פּטור צו ווערן פון זיינע דאגות גאָר אַנדערש: קוילען די קו אין הערבסט, אַראָפּשינדן די פעל, באַגראָבן די הערנער, און אַזוי אָפּווישן יעדן שפּור פון גאָלדהאָרנס לעבן. און איצט דאַרף ער עס שוין נישט טאָן. און מיטאַמאָל איז ער שטאָלץ געוואָרן מיט זיין אינגער

— יאָ, אינגער, — זאָגט ער, — זי ווייסט, ווי צו פירן אַ הויז, דאָס איז אמת. נישט צו געפינען קיין גלייכן צו איר. אַן אָרעם אָרט איז עס געווען, ביז כ'האָב געקראָגן אַן אייגענע פרוי, ווי איר הילט זיך.

— און גאַנץ נאַטירלעך, — זאָגט אָלינאַ.

און אַזוי איז אָט די פרוי פון יענער זייט בערג, די ווייך-רעדעוו־דיקע מיט זיסע ריידעלעך און מיטן נאָמען אָלינאַ, פאַרבליבן ביי זיי א פּאָר טעג און געשלאָפן אינעם קליינעם צימער. און ווען זי האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין אַהיים צוריק, האָט זי געהאַט מיט זיך אַ פּעקל וואָל, וואָס אינגער האָט איר מיטגעגעבן פון די שאָף. ס'איז נישט געווען נויטיק צו היטן זיך, נאָר אָלינאַ האָט אַכטונג געגעבן, אז יצחק זאָל עס נישט זען.

נאָך דעם — דאָס קינד און יצחק און זיין ווייב — אַלץ ווי גע־ווען: די זעלבע וועלט וווידעראַמאָל, טאָג-אַרבעט מיט פיל פריידן, קליינע און גרויסע. גאָלדהאָרן האָט געגעבן א סך מילך, אינגער האָט שוין פאַר־מאָגט אַ סך רויטע און ווייסע קעז, ביז ס'וועט זיין גענוג צו קויפן פאַר זיי אַ וועבשטול. אָ, די אינגער, זי האָט אויך געוואוסט ווי צו וועבן.

און יצחק האָט אויסגעבויט אַ שטאַל. — ער האָט געוויס גע־האַט זיך זיין פּלאַן. פון טאָפּלטע ברעטער האָט ער צוגעבויט אַ נייעם פליגל ביי דער זייט פונם געצעלט, אויסגעהאַקט אין אים אַ טיר, אַ קליין פענסטערל מיט פיר שויבן; דעם דאַך פאַרדעקט מיט פשוטע ברעטער, און דערמיט זיך באַנוגנט, ביז די ערד וועט אָפּגיין און ער וועט קאָנען קריגן טאָרף. דאָס אַלץ איז געווען ניצלעך און נויטיק; נישט קיין דיל, נישט קיין גלאַט-געהיבלעוועטע ווענט, נאָר אַ הילצערן שייד־ווענטל האָט ער אויפגעשטעלט, ווי פאַר אַ פגר, און אַ זשאָלעב.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער סוף מאַי. די זון האָט צעלאָזט דעם אויבערפלאַך פון דער ערד. יצחק האָט באַדעקט דעם דאַך מיט טאָרף, און די שטאַל איז געווען פאַרענדיקט. נאָכדעם האָט ער איין אינדערפרי אָפּגעגעסן אויף אַ גאַנצן טאָג, מיטגענומען עסנוואַרג מיט זיך, גע־נומען אויף די אַקסלען אַ קירקע מיט אַ רידל און זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין.

— ברענג-מיט דריי איילן ציץ, אויב דו קאָנסט, — האָט אים אינגער נאָכגעשריגן.

— צו וואָס דאַרפסטו עס? — האָט יצחק געענטפערט.

יצחק האָט זיך געזאַמט אַ לענגערע צייט; ס'האָט גענומען אויסזען, ווי ער וועט מער שוין נישט צוריקקומען. אינגער האָט נאָכגעפאָרשט דעם וועטער יעדן טאָג, פון וואָסער זייט דער ווינט בלאָזט, ווי זי וואָלט אָפגעוואַרט אַ זעגל־שיף. ביינאַכט פלעגט זי אַרויסגיין זיך צוהערן; אפילו געטראַכט וועגן נעמען דאָס קינד אויף די הענט און גיין אים אַנטקעגן. דאַן איז ער ענדלעך צוריקגעקומען מיט אַ פערד און וואָגן. — „טפּר־ר!״— האָט יצחק אַ געשריי געטאָן, ווען ער איז צוגעפאָרן; אַ געשריי געטאָן, מ'זאָל אים הערן. און דאָס פערד האָט געוואוסט ווי זיך צו האַלטן און געבליבן שטיין שטיל, געשאָקלט מיטן קאָפּ צום געצעלט, ווי ער וואָלט דאָס נאָכאַמאָל דערקענט. פונדעסטוועגן האָט יצחק געפונען פאַר נויטיק אויסצורופן: — העי, אפשר קאָנסטו צוהאַלטן דאָס פערד אַביסל?

אינגער קומט אַרויס.—וואָס איז דאָס? אָ, יצחק, האָסט אים ווידער געדונגען? וואו ביסטו געווען די גאַנצע צייט? ס'שוין היינט דער זיבעטער טאָג.

— וואו, מיינסטו, האָב איך געקאָנט זיין? באַדאַרפט צו גיין אַרום אין אַרום אויסצוגעפינען אַ וועג פאַר דעם וואָגן מיינעם. קאָנסטו צוהאַלטן דאָס פערד אַביסל?

— דיין וואָגן! מיינסט אַודאי צו זאָגן, אַז דו האָסט געקויפט דעם וואָגן?

יצחק איז שטום; פיל מיט נישט־אַרויסגערעדטע ווערטער. ער נעמט אַראָפּ פון וואָגן אַן אַקערא־יזן און אַ בראָנע, וואָס ער האָט געבראַכט; טשוועקעס, עסנוואַרג, אַ שלייפשטיין, אַ זאַק מיט קאָרן־זוימען. — און וואָס מאַכט דאָס קינד? — פרעגט ער.

— דאָס קינד איז געזונט. האָסטו געקויפט דעם וואָגן, אָט וואָס איך וויל וויסן? און איך האָב זיך אויסגעקוקט די אויגן אויף אַ וועבשטול,—זאָגט זי אויף קאַטאָוועס, צופרידן צו זען אים צוריק.

יצחק שטומט ווידער אַ לאַנגע ווײַלע, פאַרנומען מיט זיינע אייגענע ענינים, נאָכטראַכנדיק, אַרומזוכנדיק אַן אָרט אויפצושטעלן אַלע מכשירים און געצייג; שווער געווען צו געפינען אַן אָרט פאַר אַלצדינג. נאָר ווען אינגער האָט אויפגעהערט צו שטעלן פראַגן און בעסער צוגעהויבן רעדן

צום פערד, איז יצחק ארויסגעקראָכן פון זיין שטאָלצן שווייגן און געזאָגט:

— שוין ווען געזען אַ פערמע אָן אַ פערד און וואָגן, אָן אַקעראייזנס און בראָנעס, און אַלץ מיט אנאַנדער? און ווילסטו וויסן, זאָג איך דיר, איך האָב געקויפט דאָס פערד מיטן וואָגן מיט אַלץ, וואָס אין אים.

און אינגער האָט בלויז געקאָנט שאָקלען מיטן קאָפּ און מורמלען: — אַזאַ מאַן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען!

יצחק איז שוין מער נישט געווען קליין און געפאַלן ביי זיך; ער האָט אָפּגעצאָלט מיט אַ ברייטער, האַנט ווי אַן ערנמאַן פאַר גאָלדהאָרן. „אָט האָסטו — האָט ער איצט געקאָנט זאָגן — איך האָב אויף מיין חלק געבראַכט אַ פערד און מיר זענען קוויט”.

ער איז געשטאַנען גלייך און רירעוודיק, נישט נאָך זיין געוואוינ-הייט נאָך, איבערגעקוקט דעם אַקעראייזן נאָכאַמאָל, אים אויפגעהויבן מיט איין האַנט און אַוועקגעשטעלט נעבן דער וואַנט. אָ, ער האָט געקאָנט פירן אַ גוט! ער האָט אויפגעהויבן די אַנדערע מכשירים: די בראָנע, דעם שלייפשטיין, אַ נייעם היי-גאָפּל, וואָס ער האָט געקויפט, די אַלע טייערע אַגריקולטור-מכשירים, אוצרות פון דעם נייעם הויז, אַ גאַנצע אויסשטע-לונג, אַלץ דורכויס-נויטיק געצייג — געפעלט האָט גאָרנישט.

— הם. וואָס שייך דעם וועבשטול, וועלן מיר זען ד..ס אויך צו באַזאָרגן, כל זמן איך וועל זיין ביי מיינע כחות. און דאָ האָסטו דיין ציך; ס׳איז נישט געווען קיין אַנדערער, נאָר בלוי, האָב איך דעם געבראַר..

ס׳האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען צו די אלע זאַכן, וואָס ער האָט אָנגעבראַכט. אַ ברונעם אָן אַ סוף, פול מיט אַלערליי זאַכן.

זאָגט אינגער: — אַ שאָד, וואָס אָלינאַ האָט נישט געקאָנט זען די אַלע זאַכן, ווען זי איז דאָ געווען.

פונקט ווי אַלע פרויען! נאַריש-פשוטע באַרימערײ — ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר! יצחק האָט שטאָלץ געאָטעמט מיט די נאָזלעכער, כאָטש ער אַליין וואָלט, אפשר, געווען אומצופרידן, ווען אָלינאַ וואָלט דאָ געווען און אַלץ געזען.

דאָס קינד האָט געוויינט.

— גיי אַריין און גיב אַכטונג אויפן קינד,—האָט יצחק געזאָגט.— איך וועל באַזאָרגן דאָס פערד.

ער שפּאַנט אויס דאָס פערד און פירט עס אַריין אין שטאַל, יאָ, דאָ שטעלט יצחק אַריין זיין פערד אין שטאַל! גיט אים עסן און גלעט אים, און באַהאַנדלט אים מיט ליבשאַפט. און וויפיל איז ער שולדיק אויפן פערד און וואָגן? — אינגאַנצן, דעם גאַנצן סכום, אַ שווערער חוב; נאָר נישט געזאָרגט, אַלץ וועט ער אויסצאָלן היינטיקן זומער. ער האָט גרויסע שאָפּעס מיט אָנגעהאַקט האָלץ אויף צו באַצאָלן, און קאָרע נאָך פון פאַראַיאָריקן שניט, שוין נישט צו רעדן פון גרויסע קלעצער. פאַראַן נאָך גענוג צייט. נאָר שפּעטער-צו, ווען דער שטאָלץ און גלאַנץ האָבן זיך אַביסל אָפּגעקילט, זענען אָנגעקומען ביטערע שעהן פון שרעק און דאגה; אַלץ איז איצט געווען אָפּהענגיק פונם זומער און שניט.

די טעג איצט זענען געווען פאַרנומען מיט פעלד-אַרבעט און ווי־דעראַמאָל פעלד-אַרבעט; יצחק האָט אָפּגערייניקט נייע שטיקער לאַנד, אויסגעגראָבן די שטיינער און וואָרצלען; געאַקערט, געמיסטיקט, געבראָ־נעוועט, געאַרבעט מיט דער קירקע און גראָבאייזן, געבראָכן די קלומ־פּעס ערד און זיי צעבראָקלט מיט די הענט און אָפּצאַסן; אַן ערד-אַר־בעטער פון שטענדיק אָן, האָט ער אויסגעלייגט די פעלדער, ווי סאַמע־טענע טעפּיכער. ער האָט אָפּגעוואַרט נאָך אַ פּאָר טעג — ס'איז געווען אַן אויס:יכט אויף רעגן — און דעמאָלט האָט ער פאַרזייט זיין קאָרן.

מיט דורות און דורות צוריק, אין לאַנג-פאַרגעסענע צייטן, האָבן זייגע בית געזייט קאָרן; אין אַ הייליקער שעה, אַליין, אין אַ שטילן, רויִקן אָוונט, ביי אַ דינעם געריש פון אַ וואַרעם-פאַרנעפּלטן שפּעט-רעגן, באַלד נאָכן אַוועקפליִ פון די גרויע גענז. קאַרטאָפל זענען נישט מער, ווי אַ נייע פרי, אָן מיסטעריע, אָן קדושה; ווייבער און קינדער קאָנען זיי פלאַנצן—ערד-עפּל, געבראַכט פון פרעמדע לענדער, ווי קאַווע: אַ געשמאַקע און רייכע נאַרונג, נאָר ענלעך צו ריבן. קאָרן אָבער איז ברויט, קאָרן צי נישט-קאָרן איז אַ פראַגע פון לעבן און טויט.

יצחק איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, אין יעזוסעס נאָמען, און געזייט. ווי אַ בוים-שטאַם מיט צעשפּרייטע הענט, און מיט אַ האַרץ פון אַ קינד. יעדער וואָרף פון זריעה איז געווען הייליק און אָפּגעגעבן, מיט אַ געפיל פון האַרציקער הכנעה. זע! די קליינע קערנדלעך,

וואָס דאַרפן זיך אָננעמען מיט לעבן און וואַקסן, שפּראָצן אַרויס אין זאַנגען און גיבן אַרויס קאָרן; אַזוי איז עס איבער דער גאַנצער וועלט, וואו נאָר מען זייט קאָרן. פּאַלעסטינע, אַמעריקע, די טיילן פון נאָר-וועגיען—אַ גרויסע, ברייטע וועלט, און דאָ איז יצחק, אַ קליין פּינטעלע אינדערמיט פון דער וועלט, אַ זייער. די קליינע קערנדלעך זענען גע-פאַלן פון זיין האַנט אויף דער ערד; איבער אים אַ מילד-פאַרוואָלקנטער הימל מיט אַ צוזאָג אויף אַ שוואַכן, וואַרעמען, פאַרנעפּלטן רעגן.

## IV

ס'איז געווען די צווישנצייט צווישן זייַען און שניט, און די פרוי אַלינאַ איז נאָכנישט געקומען.

יצחק האָט פאַרענדיקט די אַרבעט אויף די פעלדער און צוגע-גרייט צוויי קאָסעס און צוויי גראַבליעס פאַרן היי-שניט. ער האָט אונ-טערגעקלאַפּט לאַנגע ברעטער אונטערן וואָגן אויף אַריינצונעמען דאָס היי, און געקראָגן אַ פּאָר שינעס און פּאַסיק האָלץ צו מאַכן אַ שליטן אויפן ווינטער. אַ סך ניצלעכע זאַכן האָט ער געמאַכט. אפילו פּאָליצעס. ער האָט אויפגעשטעלט אַ פּאָר פּאָליצעס אינעווייניק אין הויז, — אַן אויסגע-צייכנט אָרט אויף צו האַלטן פאַרשידענע זאַכן, אַ לוח — סוף כל סוף האָט ער איינעם געקויפט, — לעפל און שיסלען, וואָס מ'האָט נישט גע-נוצט. אינגערן זענען זייער געפעלן די צוויי פּאָליצעס.

אינגערן איז אַלץ געפעלן. למשל, גאָלדהאָרן: נישטאָ קיין מורא, אַז זי וועט אַנטלויפן איצט, ווען זי האָט דאָס קעלבל און דעם ביק צו שפּילן זיך מיט זיי; זי איז ארומגעלאָפן אין וואַלד דעם גאַנצן טאָג. די ציגן זענען אויך געווען מזלדיק: זייערע שווערע אייטערס האָבן זיך כמעט נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד. אינגער האָט אויפגעגנייט אַ לאַנג קליידל פונם בלויען ציץ און אַ קליין טשיפּיקל פון דעמזעלבן שטאָף — שיין ווי נאָר מעגלעך—און דאָס איז געווען צום טויפן. דאָס קינד אַליין האָט זיך צוגעקוקט אַ סך מאָל צו איר אַרבעט; אַ קינד אַ ברכה איז עס געווען, און אויב אינגער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט רופן דאָס קינד אלישע, האָט יצחק גאָרנישט געהאַט דאַקעגן. ווען דאָס קלייד איז גע-ווען פאַרטיק, האָט עס געהאַט אַ גרויסן שלעפּ נאָך זיך, קרוב צו אַ פּאָר

אייל און דאָס האָט דאָך געקאָסט געלט; נאָר וואָס האָט עס אויסגע־מאַכט—דאָס קינד איז געווען זייער ערשטלינג.

— וואָס איז וועגן יענע קרעלן דיינע? — האָט יצחק געזאָגט, — ווען זיי אַמאָל צו עפּעס ניצן...

אָ, נאָר אינגער האָט שוין געהאַט געטראַכט וועגן זיי, יענע קרעלן אירע. פאַרלאָזט זיך אויף אַ מאַמען. זי האָט גאָרנישט געזאָגט, און געווען זייער שטאָלץ. די צאָל קרעלן איז נישט געווען גרויס, נישט געווען געווען גענוג אויף אַ האַלזבענדל פאַרן קינד, אָבער זיי וועלן אויסזען שיין, אויסגעגנייט אויפן טשיפּיקל פון פאָרנט, און דאָרט איז זייער אָרט.

נאָר אָלינאַ איז נישט געקומען.

ווען נישט די פּי, וואָלטן זיי געקאָנט אַוועק אַלע דריי, און קומען צוריק אין אַ פּאָר טעג שפּעטער מיטן קינד, געהעריק געטויפט. און ווען ס׳וואָלט נישט געווען דער עסק מיטן חתונה האָבן, וואָלט אינגער גע־קאָנט גיין אַליין.

— ווען מיר וואָלטן אָפּגעלייגט דעם חתונה־עסק אויף אַ שטיקל צייט? — האָט יצחק געזאָגט, נאָר אינגער האָט אויסגערעכנט, אַז ס׳וועט נעמען נאָך צען אָדער צוועלף יאָר, ביז וואַנען אלישע וועט קאָנען בלייבן אַליין אין הויז אויסצומעלקן די בהמות, ווען זיי ביידע וועלן אַוועק.

ניין, יצחק מוז אָנשטרענגען זיין מח און געפינען אַן אויסוועג. דער גאַנצער עסק איז עפּעס פאָרגעקומען נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין; מעגלעך, דער חתונה־עסק איז פּונקט אַזוי וויכטיק ווי דאָס טויפן — פון וואַנעט זאָל ער וויסן? דאָס וועטער איז געווען פאַרטריקנט — אַ דורכ־ויס־בייזע טרוקעניש; אויב קיין רעגן זאָל נישט גיין באַלד, וועט זייער תבואה ווערן פאַרברענט. נאָר אַלץ איז געווען אין גאָטס האַנט. יצחק האָט זיך געגרייט אַרונטערצוגיין אין דאָרף אַריין און געפינען עמיצן מיטצונעמען. ווידעראַמאָל דער לאַנגער וועג!

אַ גאַנצער טומל בלויז צוליב חתונה האָבן און טויפן! יאָ, פיל זאָרגן, גרויסע און קליינע, האָבן די דאָזיקע פאַררוואָרפענע לייט.

ענדלעך איז אָלינאַ געקומען...

און אָט האָבן זיי געפּראַוועט חתונה און געטויפט דאָס קינד, אַלץ־דינג ווי עס באַדאַרף צו זיין; זיי האָבן געדענקט, אַז זיי מוזן פריער הייראַטן, און דאָס קינד טויפן ווי ביי אַ פאַרהייראַט פּאָרל. און די

טרוקעניש האָט אָנגעהאַלטן, און די קליינע קאָרנפעלדער זענען געווען פאַרטריקנט, די סאַמעטענע טעפּיכער פאַרברענט — און פאַרוואָס? ס׳איז אַלץ געווען אין גאָטס האַנט. יצחק האָט געקאָסעט היי אויף זיינע שטיקלעך לאָנקעס, נאָר קליין איז געווען דאָס גראָז אויף זיי, כאָטש ער האָט אין פרילינג זיי געטיסטיקט. ער האָט געקאָסעט און געקאָסעט אויף די אַראָפּבאַרגן, אַראָפּצו אַלץ ווייטער און ווייטער; געשניטן און צונויפגעשאַרט און געפירט אַהיים וואָגנס און וואָגנס מיט היי, ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט מיד געוואָרן — מחמת ער האָט שוין פאַרמאָגט אַ פערד איצט, און אַ פערמע מיט אַ גרויסער ווירטשאַפט. אינמיטן יולי איז ער געווען גענויט אָפּצושניידן דעם קאָרן פאַר גרינער קאָרמע, ער האָט צו גאָרנישט געטויגט. און איצט איז אַלץ אָפּהענגיק געווען פונם קאַרטאָפלגערעטעניש.

קאַרטאָפל — וואָס איז עס אזוינס? איז דאָס נישט מער, ווי אַן אַרטיקל, געבראַכט פון פרעמדע לענדער, ווי קאַווע? אַ פאַרשווענדעריש, איבעריקע זאַך? אָ, קאַרטאָפל איז אַ וואונדערלעכע פרי; טריקעניש אָדער רעגנס, זי וואַקסט און וואַקסט אַלצאיינס. זי לאַכט זיך אויס פונם וועטער, און וועט אַלץ אויסשטיין; באַהאַנדלט זי מיט ליבשאַפט, און זי גיט אַרויס פון זיך פופצן מאָל אַזויפיל. נישט קיין זאַפט פון אַ ווייַנטרויב, נאָר פלייש פון אַ קאַשטאַן-נוס, גוט צום קאָכן אָדער צום בראָטן, ווערט באַנוצט אויף פאַרשידענע אופנים. פעלט אויס אַ מענטשן קאָרן צו באַקן ברויט, דאַן גיב אים קאַרטאָפל און ער וועט נישט שטאַרבן. באַקט זיי איין מיט די שאָלעכץ, האָט איר אַ וועטשערע; קאָכט זיי אין וואַסער, און איר האָט אַ פאַרטיקן אָנבייסן. קאַרטאָפל קאָן מען עסן מיט וואָס איר ווילט נאָר אַליין; אַ שיסל מילך, אַ הערינג—איז גענוג. די רייכע עסן זיי מיט פּוטער; אָרעמעלייט באַנוגענען זיך מיט אַ שמעק זאַלץ. יצחק מאַכט פון זיי אַ סעודה אין די זונטאָג-טעג, מיט אַ שיסל סמעטענע פון גאָלדהאָרנס מילך. אָרעמע, פאַרהאַסטע קאַרטאָפל — אַ געבענטשטע פרי!

נאָר איצט — האַלט עס שמאָל אפילו מיטן קאַרטאָפל-גערעטעניש.

יצחק האָט דורכן טאָג געקוקט אָן אויפהער אויפן הימל. און דער הימל איז געווען בלוי. פיל מאָל אין אָוונט האָט אויסגעזען, ווי אַ רעגן רוקט זיך אָן. יצחק פלעגט אַריינגיין אין הויז און זאָגן: — ווייזט אויס, מיר וועלן האָבן רעגן סוף כל סוף. נאָר אין

אַ פּאָר שעה אַרום איז אַלץ געווען אַזוי האָפנונגסלאָז ווי פריער.

די טריקעניש האָט שוין אָנגעהאַלטן זיבן וואָכן איצט, און ס'איז געווען געפערלעך הייס; די קאַרטאָפל האָבן די גאַנצע צייט געבליט; גע־בליט וואונדערלעך, אומנאַטירלעך. די קאָרנפעלדער האָבן פון ווייטן אויסגעזען, ווי באַדעקט מיט שניי. וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם אַלעמען? דער לוח האָט גאָרנישט געזאָגט — היינטיקע לוחות זענען נישט דאָס, וואָס אַמאָל. היינט האָט אַ לוח קיין שום ווערט נישט. איצט האָט ווידער אויסגעזען ווי אויף אַ רעגן, און יצחק איז אַריינגעגאַנגען צו אינגערן:—אַז גאָט וועט וועלן, וועלן מיר האָבן רעגן די נאַכט.

— זעט עס אַזוי אויס?

— יאָ, דאָס פערד ציטערט אַביסל.

אינגער האָט אַרויסגעקוקט דורך דער טיר אינדרויסן און זיך אָנ־גערופן: — יאָ, ס'זעט אויס, ווי רעגן.

אַ פּאָר טראָפּנס זענען געפאַלן. שעהן זענען געלאָפן. זיי האָבן אָפּגעגעסן אָוונטברויט, און, ווען יצחק איז אויפדערנאַכט אַרויס אַ קוק טאָן, איז דער הימל געווען לויטער.

— נו, מילא, — האָט אינגער געזאָגט, — על כל פנים וועט עס געבן דעם שוועמלפּלאַנץ נאָך אַ טאָג צו טריקענען, — האָט ער געזאָגט צו טרייסטן אים.

יצחק האָט צונויפגענומען דעם שוועמלפּלאַנץ וויפיל ער האָט גע־קאָנט, און שוין געהאַט אַ היפּש ביסל פונם סאַמע בעסטן. ס'איז געווען גוטע קאָרמע, און ער איז זיך מיט דעם באַגאַנגען ווי מיט היי, איבערגע־דעקט עס אין וואַלד מיט קאָרע. ס'איז געווען מער נישט, ווי נאָך אַ ביסל איבערגעבליבן, און יעצט, ווען אינגער האָט וועגן דעם דערמאָנט, האָט ער פאַרצווייפלט געענטפערט, ווי ס'וואָלט אים געווען אַלצאיינס:—איך וועל עס נישט אַריינעמען אפילו, ווען ס'וועט איגגאַנצן טרוקן ווערן.

— יצחק, דו מיינסט עס נישט! — האָט אינגער געענטפערט.

און אויך אויפן צווייטן טאָג האָט ער עס טאַקע נישט אַריינגענומען. ער האָט דאָס איבערגעלאָזט און עס אפילו נישט אָנגערירט, ווי ער האָט געזאָגט. זאָל עס בלייבן ווי עס איז, ס'ט קיין רעגן סיי־ווי נישט זיין, זאָל עס בלייבן דאָרטן אין גאָטס נאָמען! ער קאָן עס איינזאַמלען ווען־ס'נישט-איז פאַר ווייניאַכטן,אויב די זון וועט עס נישט האָבן פאַרבּרענט אינגאַנצן.

יצחק האָט זיך געפילט טיף באַליידיקט. ס׳איז שוין מער נישט גע־וועזן קיין פרייד און פאַרגעניגן צו זיצן אויף דער שוועל אינדרויסן און באַקוקן זיין נחלה, און זיין דער בעל־הבית פון דעם. דאָס קאַרטאָפּל־פעלד האָט ווילד געבליט און געטריקנט; זאָל דער שוועמלפלאַנץ זיין ווי ער איז. וואָס אַרט עס אים? אָט דער יצחק! ווער ווייסט; אפשר האָט ער געהאַט עפּעס אַ כיטרען אונטערגעדאַנק אין קאָפּ, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער אומגעלומפּערטער פּראָסטקייט; ס׳קאָן זיין ער האָט געוואוסט וואָס ער טוט נאָך אַלעמען, פּרווונדיק צו רייצן זיך מיטן בלויען הימל איצט, ווען די לבנה ווייזט זיך.

יענעם אָוונט האָט ווידער אויסגעזען, ווי אַ רעגן זאָל קומען. — באַדאַרפט אַריינגעמען דאָס ביסל שוועמלפלאַנצן — האָט אינגער געזאָגט.

— נאָך וואָס? — האָט יצחק געזאָגט, אינגאַנצן איבעראַשט.

— יאָ, דו מיט דיין איינרעדעניש — אָבער ס׳קאָן דאָך זיין אַ רעגן.

— ס׳וועט היי־יאָר נישט זיין קיין רעגן, דו וועסט זען. — אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען איז געוואָרן מאָדנע פינסטער ביינאַכט, זיי האָבן געקאָנט זען דורכן פענסטער, ווי ס׳איז געוואָרן פינסטערער — יאָ, און ווי עפּעס וואָלט געקלאַפּט אין די שויבן, עפּעס נאַסעס, — וואָס עס זאָל נישט זיין. אינגער איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט: — אַ רעגן! קוק אויף די שויבן.

נאָר יצחק האָט זיך אָפּגעקערט. — רעגן? קיין סימן נישט. כ׳ווייס נישט, וואָס דו רעדסט.

— אַך, אָ פיינער אָנשטעל, —האָט אינגער געזאָגט.

יצחק האָט געמאַכט אַן אָנשטעל — יאָ, דאָס איז עס. אַ רעגן זיכער, און אַ גוטער גאָס־רעגן—אָבער נאָר באוויזן קאַליע צו מאַכן יצחקס שוועמל־פלאַנצן, און דער רעגן האָט שוין אויפגעהערט. דער הימל איז געווען בלוי. „וואָס האָב איך געזאָגט״, האָט יצחק פאַרעקשנט און שטייף געזאָגט.

דער גאָס־רעגן האָט נישט געענדערט די קאַרטאָפּל־גערעטעניש, און טעג זענען געקומען און אַוועק; דער הימל איז געווען בלוי. יצחק האָט זיך גענומען צו זיין הילצערנעם שליטן, געאַרבעט שווער אויף אים, און געבראָכן די גאווה, און געהיבליעוועט מיט הכנעה און גלאַט געמאַכט די שינעס און די האָלאָבליעס. אַיאַה, הערעגויד! יאָ, טעג זענען געקומען און

אַוועק, און דאָס קינד איז געוואַקסן. אינגער האָט אויסגעשלאָגן מילך און צָפּגעוואָרפן קעזן; קיין גרויסע געפּאַר איז נישט געווען; לייט, וואָס ווייסן ווי דורכצוקומען און קאָנען אַרבעטן, שטאַרבן נישט אויס צוליב איין שלעכט יאָר. נאָך מער, נאָך ניין וואָכן איז אָנגעקומען אַן אמתער ברכה-רעגן, געררעגנט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ נאַכט, געגאָסן זעכצן שעה נאָכאַנאַנד. וואָלט ער געקומען מיט צוויי וואָכן פריִער, וואָלט יצחק געווען געזאָגט:—„שוין צו שפּעט אַצינדר!" ווי עס איז, האָט ער זיך אָנגערופן צו אינגערן: — „עס וועט פּאַרהיטן אַביסל קאַרטאָפל".

— יאָ, — האָט אינגער געזאָגט פול מיט האָפענונג. — דאָס וועט אונז אָפּראַטעווען דאָס ביסל.

און איצט האָט אַלץ אָנגעהויבן אויסזען בעסער. יעדן טאָג — רעגן. גוטער, זאַטער רעגן. אַלץ זעט ווידער אויס גרין, ווי אַ נס וואָלט געשען. די קאַרטאָפל האָבן נאָך אַלץ געבליט, ערגער ווי פריִער, מיט גרויסע גע-וויקסן פון אויבן אויף די שפּיצן, נישט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין; אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט וויסן, וואָס עס טוט זיך אונטן, ביי די וואָר-צלען — יצחק האָט נישט געוואַגט צו דערגיין. דאַן איז אינגער איינמאָל אַרויסגעגאַנגען און געפונען פול קליינע קאַרטאָפל אונטער איין קוסט. „און זיי האָבן נאָך פינף וואָכן צו וואַקסן", האָט אינגער געזאָגט. אָ, די אינגער, שטענדיק באַמיט זי זיך צו טרייסטן און געבן האָפענונג דורך איר צעשפּאָלטענער האָזן-ליפּ. ס׳איז נישט געווען שיין צו הערן, ווי זי רעדט, אַ מין צישען, ווי פאַרע פון אַ רינענדיקן דעקל, נאָר סיי-ווי איז זי אַ טרייסט אין דער ווילדעניש. אַ גליקלעכע און מונטערע נשמה צו יע-דער צייט.

— כ׳האָב געוואָלט דו זאָלסט מאַכן נאָך אַ בעט, — האָט זי זיך איינמאָל אָנגערופן צו יצחקן.

— האָ! — האָט ער געזאָגט.

— נישטאָ וואָס צו איילן זיך, פונדעסטוועגן...

זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינגעמען די קאַרטאָפל און געענדיקט, ווי דער מנהג איז, פאַרן טאָג פונם הייליקן מיכאַל. ס׳איז געווען אַ נישקשה-דיק יאָר — אַ גוט יאָר; ווידער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאַרטאָפל קי-מערן זיך נישט אַזוי וועגן וועטער, זיי וואַקסן סיי-ווי און קאָנען ביישטיין אַ סך. אַ נישקשהדיק יאָר — צי אַ גוט יאָר... אָבער וועגן דעם האָבן זיי

איצט געהאַט גאָר אַן אַנדער מאָס. אַ לאַפּ איז אין איינעם אַ טאָג פאַר־בייגעגאַנגען מיט דעם וועג און געחידושט זיך, ווי פיין זייערע קאַרטאָפל האָבן זיך צעבליט; פיל ערגער, האָט ער געזאָגט, איז אתּטן, אין דאָרף.

און איצט האָט יצחק געהאַט אַ פּאָר וואָכן נאָך צו אַרבעטן אויפן פעלד איידער דער פראָסט האָט זיך געשטעלט. די שאָף און די בהמות זענען געווען אינדרויסן און זיך געפּאַשעט, וואו זיי האָבן געוואָלט; גוט איז געווען צו אַרבעטן און פילן זיי אַרום זיך, הערן דאָס געקלאַנג פון די גלעקלעך אויף זייערע העלזער, כאָטש דאָס האָט ביי אים צוגענומען אַמאָל איבעריקע צייט. דאָס ביקל פלעגט אָנטאָן שאָדן, געפינענדיק דעם וועג צו די שוועמלפלאַנץ-סטויגן; און די ציגן, זיי זענען געווען פול או־מעטום, אפילו אויפן דאַך פונם געצעלט.

דאגות גרויסע און קליינע.

אין איינעם אַ טאָג האָט יצחק דערהערט אַ פלוצימדיקן געשריי; אינגער איז געשטאַנען אויף דער שוועל מיטן קינד אויף די הענט און אָנגעוויזן אויפן ביקל און אויף דער שיינער, קליינער זילבערהאָרן—זיי האָבן זיך ביידע געליבט אויף דער ערד. יצחק האָט אַוועקגעוואָרפן די קירקע און צוגעלאָפן צום פאָרל, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט; ס'איז שוין געווען אָפּגעטאָן. — „אָ, די קליינע שעלמע, זי איז נאָך צו יונג—אַ האַלב יאָר פאַר דער צייט, אַ קינד!‟ יצחק האָט זי אַריינגענומען אין געצעלט, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

נו, מילא, — זאָגט אינגער, — ס'איז נאָך אַלעמען גאָרנישט אַזוי שלעכט; וואָלט זי אָפּגעוואַרט, וואָלטן מיר זיי ביידע געהאַט קעלבנדיקע אין איין צייט.—אָ, די אינגער, נישט אַזוי געשיקט, אפשר, אין אַנדערע זאַכן, פונדעסטוועגן האָט זי מסתמא גוט געוואוסט, וואָס זי טוט, ווען זי האָט זיי ביידע אַרויסגעלאָזט צוזאַמען יענעם אינדערפרי.

געקומען דער ווינטער. אינגער באַרשט די וואָל און שפּינט, יצחק פירט אין דאָרף פורן האָלץ; גוט, טרוקן האָלץ; אַלע זיינע חובות אָפּגע־צאָלט; פערד און וואָגן, סאָכע און בראָנע — אַלץ זיין אייגנס. ער האָט אַוועקגעפירט אינגערס ציגנמילך-קעזן און צוריקגעבראַכט וואָלענע באַוול, אַ וועבשטול, בעצן און קראָקוועס. געבראַכט מעל און עסנוואַרג, בייע ברעטער, דינע און גראָבע, און טשוועקעס; איינמאָל האָט ער אַהיימגע־בראַכט אַ לאָמפּ.

— אויף מיין לעבן וואָלט איך עס נישט געגלויבט,— זאָגט אינגער. צאָר זי האָט אַליין שוין לאַנג געהאַט געטראַכט וועגן אַ לאָמפּ. זיי האָבן זי אָנגעצונדן דעמזעלבן אָוונט און ס'איז געווען אַ גן-עדן; דער קליינער אלישע, ער האָט אַודאי געקלערט, אַז דאָס איז די זון. — „זע, ווי ער קוקט פאַרוואונדערט", — האָט יצחק געזאָגט. און איצט האָט אינגער שוין געקאָנט שפּינען אויפדערנאַכט ביים ליכט פון לאָמפּ.

ער האָט געבראַכט לייוונט פאַר העמדער און נייע שיך פאַר אינ-גערן. זי האָט אויך געבעטן פאַרב-שטאָפן פאַר דער וואָל, און ער האָט עס געבראַכט. דערנאָך איז ער איינמאָל צוריקגעקומען מיט אַ זייגער. מיט וואָס? — אַ זייגער. דאָס איז געווען מער, וויפיל אינגער האָט געקאָנט באַ-נעמען; זי איז געבליבן צעמישט און נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט. יצחק האָט אויפגעהאָנגען דעם זייגער אויף דער וואַנט, אים אָנגעשטעלט לויט זיין השערה, אָנגעצויגן און געלאָזט קלינגען. דאָס קינד האָט זיך צוגעהערט צום קלאַנג און געקוקט אויף דער מוטער. „יאָ, דו מעגסט זיך וואונדערן", האָט אינגער געזאָגט און גענומען דאָס קינד אויף די הענט, פאַרוואונדערט נישט ווייניקער פון אים. פון אַלע גוטע זאַכן דאָ אינם אָפּגעבאַזונדערטן אָרט האָט נישט געקאָנט געבן קיין בעסערס, ווי אַ זייגער, וואָס גייט דעם גאַנצן טונקעלן ווינטער נאָכאַנאַנד, און קלינגט אויס אַזוי שיין די שעהן.

ווען די לעצטע פור האָלץ איז געווען אַוועקגעפירט, איז יצחק גע-וואָרן צוריק אַ וואַלד-מענטש; געהאַקט און צונויפגעקליבן, אויסגעלייגט גאַסן, אַ שטאָט פון האָלץ-סקירדעס אויף איבעראַיאָר ווינטער. ער האָט איצט געאַרבעט אַלץ ווייטער און ווייטער פון זיין שטוב; שוין געווען אַ גרויסער ברייטער שטח ערד, גרייט צום רייניקן. ער פלעגט שוין נישט האַקן די ביימער נאָנט איינעם נעבן צווייטן, נאָר פשוט אומגעוואָרפן די גרעסטע ביימער מיט טרוקענע שפּיצן.

ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס אינגער האָט געמיינט, ווען זי האָט אים געבעטן צו מאַכן נאָך אַ בעט; איז בעסער צוצואיילן זיך און עס אָנגרייטן. אין איינעם אַ טונקעלן אָוונט איז ער צוריקגעקומען פון וואַלד און שוין געטראָפן אינגערן איבערגעקומען אירס — נאָך אַ יינגל. אָט די אינגער! דעמזעלבן אינדערפרי האָט זי געפּרוווט איינרעדן אים, אַז ער זאָל אַראָפּפאָרן ווידעראַמאָל אין דאָרף אַריין: „שוין צייט, דאָס

פערד זאָל האָבן עפּעס וואָס צו טאָן״, — זאָגט זי, — „עסט אָפּ זיין קאָפּ דעם גאַנצן טאָג״.

— כ׳האָב קיין צייט נישט פאַר אַזעלכע זאַכן, — האָט יצחק קורץ געענטפערט און אַרויסגעגאַנגען. איצט האָט ער פאַרשטאַנען; זי האָט נישט געוואָלט ער זאָל דאָ היינט זיין. און פאַרוואָס? איז איר נישט גוט, וואָס ער געפינט זיך לעבן איר?

— פאַרוואָס דערציילסטו מיר קיינמאָל נישט, ווען עס דאַרף קו־מען? — האָט ער געפרעגט.

— מאַך זיך אַ בעט פאַר דיר און שלאָף אינם קליינעם צימער, — האָט זי געזאָגט.

וואָס שייך דעם בעט איז נישט נאָר אַ בעט אַליין געווען צו מאַכן; מ׳דאַרף אויך האָבן אַן איבערדעק. זיי האָבן פאַרמאָגט נאָר איין גראָבע פעל-דעק, און נאָך איינע וועט מען קאָנען מאַכן ערשט איבעראיאָר הערבסט, ווען ס׳וועלן זיין באַראַנעס צו קוילען — און אפילו דעמאָלט וועלן צוויי פעלעכלעך נישט זיין גענוג אויף אַן איבערדעק. יצחק האָט געהאַט דורכצוקומען אַ שווער שטיקל צייט מיט אָפּטער קעלט ביינאַכט. ער האָט געפרוווט פאַרהוילן זיך אינם היי, געפרוווט שלאָפן מיט דער קו. ער איז געווען היימלאָז. גוט, וואָס ס׳איז געווען מאַי; באַלד וועט יוני קומען; יולי...

וואונדער האָבן זיי אויפגעטאָן אין אָט דער ווילדעניש; אַ הויז פאַר זיך און אַ שטיק־אָרט פאַר די פי, און ערד, אָפּגערייניקטע און קולטי־ווירטע, אַלץ אין דריי יאָר צייט. יצחק האָט ווידער געבויט — וואָס בויט ער איצט? אַ נייע קאַמער, אַ צובוי צום הויז. דאָס גאַנצע אָרט אַרום האָט אָפּגעקלונגען מיטן הילכיקן האַמערן פון די לאַנגע אַכט-פינגערדיקע טשוועקעס, וואָס ער האָט אַריינגעשלאָגן. ווען-נישט-ווען איז אינגער אַרויסגעקומען און געזאָגט, אַז עס איז צו־הילכיק פאַר די קינדער.

— יאָ, די קינדער — גיי אַריין און רעד צו זיי אַביסל, זינג זיי עפּעס. אלישען קאָנסטו געבן דאָס עמער-דעקל און ער קאָן קלאַפּן אַליין. ער נישט־ אַריינשלאָגן די גרויסע טשוועקעס דאָ אין די קווער-באַלקנס, אויפצוהאַלטן דעם גאַנצן געביי. נאָך דעם — בלויז ברעטער און מיט טשוועקעס פון צוויי אַ האַלב פינגער, גרינג ווי אַ קינדער־שפּיל.

אַ חידוש, צי יצחק האָט געהאַמערט און געקלאַפּט? אין שטאַל איז

געשטאנען אַ פעסל הערינג, און מעל, און אַלערליי מינים שפייז. ס׳איז
אפשר בעסער דאָרטן, איידער זיי זאָלן שטיין אינדרויסן, נאָר דאָס חזיר-
פעטס האָט שוין אָנגעהויבן שמעקן פון זיך; אַ קאַמער מוזן זיי האָבן,
דאָס איז קלאָר. וואָס שייך די קינדער, וועלן זיי מיט דער צייט זיך צו-
געוואוינען צום טומל. אלישע איז געווען אַביסל קראַנקלעך, נאָר דער
אַנדערער האָט זיך גענערט קרעפטיק, און ווען ער האָט נישט געוויינט,
איז ער געשלאָפן. אַ וואונדער אַ קינד! יצחק האָט גאָרנישט געהאַט קעגן
דעם, מ׳זאָל אים רופן סיווערט, כאָטש ער וואָלט בעסער געוואָלט דעם
נאָמען יעקב. אינגער האָט צייטנווייז געקאָנט אָנטרעפן אויף דער ריכטי-
קער זאַך. אלישען האָט זי אַ נאָמען געגעבן נאָכן גלח פון איר דאָרפי-
שער קירכע, עס איז זיכער אַ פיינער נאָמען; סיווערט אָבער האָט געהייסן,
נאָך איר מאַמעס פעטער, דער קרייז - שאַצמייסטער, אַ רייכער מאַן, אָן
אַ ווייב און קינד און אָן אַ יורש. קיין בעסערס דאַרף מען נישט, ווי צו
רופן דאָס קינד אויף זיין נאָמען.

דאַן איז אָנגעקומען דער פרילינג, אַ נייער זמן פון אַרבעט;
אַלץ אויף די פעלדער איז געווען אָפגעטאָן פאַר שבועות. פריִער
ווען ס׳איז געווען נאָר אלישע אַליין, אויף ווּעמען אינגער האָט
באַדאַרפט אַכטונג געבן, האָט זי קיינמאָל קיין צייט נישט גע-
קאָנט געפינען צו העלפן איר מאַן, געווען צוגעבונדן צו איר ערשטלינג;
איצט אָבער, מיט צוויי קינדער אין הויז, איז שוין געווען אַנדערש; זי
האָט געהאָלפן אויף די פעלדער און אָפגעטאָן אַ סך זייטיקע אַרבעט; גע-
פלאַנצט קאַרטאָפל, פאַרזעצט מערן און ריבן. אַזאַ ווייב איז נישט אַזוי
לייכט צו געפינען. און חוץ דעם האָט זי געהאַט איר וועבשטול; אין אלע
פרייע מינוטן פלעגט זי אויף גיך זיך אַריינכאַפּן אין קליינעם צימער
און אויסוועבן אַ פאָר שפינדלעך, געמאַכט א האַלב-וואָלענעם שטאָף פאַר
אונטערוועש אויף ווינטער. דערנאָך, ווען זי האָט דעם וואָל אָפגעאַרבעט,
האָט זי געהאַט רויטע און בלויע שטאָף אויף קליידער פאַר זיך און די
קינדער; צולעצט האָט זי אַריינגעטאָן עטלעכע קאָלירן און געמאַכט
אַ קאָלדרע פאַר יצחק. נישט קיין טייערע ניי-מאָדישע אַרבעט, נאָר אַלץ
זאַכן ניצלעכע און נויטיקע, און פעסט און שטאַרק דורכויס.

אָ, זיי האָבן אָפגעטאָן וואונדער די דאָזיקע תושבים אין דער וויל-
דעניש; און אויב דאָס היינטיקע יאָר וועט זיי געראָטן, און אויף די

פעלדער וועט אַ גערעטעניש זיין, וועלן זיי אַלע מקנא זיין. וואָס נאָך האָט זיי אויסגעפעלט? אַ היי־בוידעם, מעגלעך; אַ גרויסער שייער מיט אַ דרעשער אינעווייניק—אָבער מיט דער צייט וועט אויך דאָס זיין. יאָ, ס'וועט אָן ספק קומען, גיט נאָר צייט. און איצט האָט די שיינע זילבער־האָרן זיך געקעלבט, די שאָף האָבן געהאַט שעפּסעלעך, די ציגן — ציגע־לעך, דאָס גאַנצע אָרט האָט געווימלט מיט זיי. און וואָס איז וועגן דעם קליינוואַרג אין הויז גופא? אלישע האָט שוין געקאָנט גיין, גיין אַליין וואוהין ער האָט געגלוסט, און דער קליינער סיווערט איז שוין געווען געטויפט. אינגער? נאָך אַלע סמנים און שפּורן זיך געגרייט צו אַ נייעם האָבן; זי איז נישט געווען קאַרג אויף טראָגן. נאָך אַ קינד—גאָר אַ קליי־ניקייט פאַר אינגערן! און ווען זי האָט זיי געבוירן, איז זי געווען גענוג שטאָלץ מיט זיי, טייערע, קליינע באַשעפענישן, ווי יעדער איינער האָט געקאָנט זען. אַוודאי, נישט יעדן איינעם האָט גאָט געבענטשט מיט אַזוינע טייערע, גרויסע קינדער. אינגער איז געווען יונג און אויסגענוצט איר יונגשאַפט. זי איז נישט געווען קיין שיינע און האָט כּחמת דעם געליטן אַלע אירע מיידלשע יאָרן. די יונגע בחורים האָבן זיך קיינמאָל נישט אומגעקוקט אויף איר, כאָטש זי האָט געקאָנט גוט טאַנצן און פונקט אַזוי גוט אַר־בעטן. זיי האָבן זיך נישט באַמיט צו געפינען חן ביי איר און זיך אָפּגעקערט פון איר. אָבער איצט איז איר צייט געקומען; זי איז געווען רייף געבויט און כּסדר טראָגעדיק. יצחק אַליין, איר האַר און מאַן, איז געווען ערנסט און ווילד ווי אַלעמאָל, ער האָט אָבער מצליח געווען אין זיין אַרבעט, און איז געווען צופרידן. ווי אַזוי ער איז אויסגעקומען, ביז אינגער איז אָנגעקומען, איז געווען אַ געהיימניש; געשפייזט זיך אַוודאי מיט קאַרטאָפל און ציגן־מילך, אָדער אפשר מיט צופעליקע מאכלים; אַצינד האָט ער געהאַט אַלץ, פון וואָס נאָר אַ מאַן האָט געקאָנט טראַכטן אין זיין שטאַנד אויף דער וועלט.

ס'איז ווידער אָנגעקומען אַ טרוקעניש, אַ ניי שלעכט יאָר. אָס־אַנדערס, דער לאַפּ, דורכגייענדיק דאָ מיט זיין הונט, האָט געבראַכט נייעס, אַז די דאָרפסלייט האָבן שוין אָפּגעשניטן זייער קאָרן אויף קאָרמע.

— שלעכטע אויסזיכטן, — האָט אינגער געזאָגט, — ווען ס'האַלט שוין דערביי.

— יאָ, אָבער זיי האָבן הערינג. אַ פיינער פיש־פאַנג

היי־יאָר, זאָגט מען. דיין פּעטער סיוועדט, ער בויט זיך אַ דאָרף־הויז.

— ער איז נישט געווען אָרעם פריִער אויך.

— דאָס איז אמת. און אייך, ווייזט אויס, גייט אויך נישט שלעכט.

— וואָס שייך אונז, דאַנקען גאָט, מיר האָבן גענוג פאַר אונזערע־וועגן. וואָס רעדט מען עפּעס אינדערהיים וועגן מיר?

אָס־אַנדערס שאָקלט מיטן קאָפּ הילפלאָז; גאָר קיין סוף נישט צו די אַלע גוטע רייד, וואָס מ'רעדט דאָרטן וועגן איר; מער וויפיל ער קאָן דערציילן. אַ ווייך־ריידעוודיקער יינג, ווי אַלע לאַפּן.

— ווילסטו אַ שיסל מילך איצט, דאַרפסטו נאָר זאָגן, — זאָגט אינגער.

— ס'איז מער וויפיל דיין טרחה איז ווערט. נאָר אויב דו האָסט אַ טרונק פאַר מיין הונט...

זי האָט אַרויסגעבראַכט מילך פאַר אָס־אַנדערסן און שפּייז פאַרן הונט. אָס־אַנדערס דערהערט פּלוצלינג אַ קול פון נגינה פונם הויז אַרויס איז הערט זיך צו.

— וואָס איז דאָס?

— ס'איז דאָך אונזער זייגער, — זאָגט אינגער. — ער קלינגט אַזוי אויס די שעהן.—אינגערס האַרץ וואַקסט פון שטאָלץ.

דער לאַפּ שאָקלט ווידער מיטן קאָפּ: — אַ הויז און פי און אַ פערד אויז נאָך. וואָס אַ מענטש קאָן נאָר אויסטראַכטן — פאַרמאָגט אי.

— יאָ, מיר האָבן פאַר וואָס צו דאַנקען גאָט. ס'איז אמת.

— כ'האָב פאַרגעסן צו זאָגן, אָלינאַ האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר.

— אָלינאַ? וואָס מאַכט זי?

— נישקשה. וואו ז'דיין מאַן איצט?

- אויפן פעלד ערגעץ־וואו ביי דער אַרבעט.

- מ'זאָגט, ער האָט נאָך דאָס לאַנד נישט געקויפט, — זאָגט דער לאַפּ נאָכלעסיק.

— געקויפט? ווער זאָגט עס?

— אַזוי זאָגט מען.

— אָבער ביי וועמען דאַרף ער עס קויפן? ס'איז דאָך הפקר־ערד.

— יאָ, אַזוי.

— און שווייס פֿון זיין פּנים אויף יעדן גראָבן ערד.

— מ׳זאָגט, די גאַנצע ערד געהערט צו דער מלוכה.

אינגער האָט אין דעם ענין גאָרנישט נישט פֿאַרשטאַנען און גע- זאָגט: — אפשר איז עס אַזוי. האָט עס אָלינאַ אַזוי געזאָגט?

— איך געדענק נישט פּינקטלעך ווער, — ענטפערט דער לאַפּ, און זיינע רירעוודיקע אויגן האָבן זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן.

אינגער האָט זיך געוואונדערט, פֿאַרוואָס ער האָט קיין זאַך נישט געבעטן ביי איר. אָס-אַנדערס, ווי אַלע לאַפּן, פֿלעגט שטענדיק בעטלען. נאָר אָס-אַנדערס זיצט זיך רויק, פּילט-אָן זיין ליימענע ליולקע און פֿאַר- רויכערט. ס׳אַראַ ליולקע! ער בלאָזט און ציט דעם רויך פֿון איר, ביז זיין צעקנייטשט אַלט פּנים זעט אויס, ווי אַ מכשפה-שריפט.

— ס׳איז נישט נויטיק צו פֿרעגן, צי יענע קינדער דאָרטן זענען דיינע, — זאָגט ער ווידער מיט חניפה. — אינגאַנצן געראָטן אין דיר. אַ לעבעדיק בילד פֿון דיר, ווי דו האָסט אויסגעזען קליינערהייט.

אינגער — די מיאוסקייט, דאָס פֿאַרזעעניש, — ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען פֿאַלש דער פֿאַרגלייך, — נאָר זי האָט אָנגעקוואָלן פֿון נחת. אפילו אַ לאַפּ קאָן דערפֿרייען אַ מאַמעס האַרץ.

— ווען דיין זאַס דאָרטן וואָלט נישט געווען אַזוי פֿול, וואָלט איך עפּעס געפֿונען אַריינצולייגן אין אים, — זאָגט אינגער.

- ס׳איז מער וויפֿיל דיין טרחה איז ווערט.

אינגער גייט אַריין אין הויז מיטן קינד אויף די הענט. אלישע בלייבט מיטן לאַפּ אינדרויסן. ביידע באַפֿריינדן זיך זייער גיך; דאָס קינד דערזעט עפּעס משוגעדיקס אינם זאַק, עפּעס ווייכס און פֿוכיקס, און וויל עס אַ גלעט טאָן. דער הונט שטייט וואַך, כניקעט און האַווקעט. אינגער קומט אַרויס מיט אַ פּעקל עסנוואַרג; זי טוט אַ געשריי און פֿאַלט אַנידער אויף דער שוועל.

— וואָס האָסטו דאָרט מיט זיך? וואָס איז עס? — פֿרעגט זי.

— גאָרנישט. בלויז אַ האָז.

— איך האָב געזען.

— דאָס קינד האָט אים געוואָלט אָנקוקן: דער הונט האָט איט גע- כאַפּט היינט אינדערפֿרי און כ׳האָב אים מיטגעבראַכט מיט זיך...

— דאַ האסטו דיין פּעקל, — האָט אינגער געזאָגט.

איין שלעכט יאָר קומט קיינמאָל נישט אַליין. יצחק איז געווען אַ סבלן און געדולדיק איבערגעטראָגן אַלץ, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין גורל. דער קאָרן אויף די פעלדער איז געווען פאַרברענט, און דאָס היי איז געווען קליין, נאָר די קאַרטאָפליעס האָבן אויסגעזען, ווי זיי וועלן אויסהאַלטן אויך דאָס יאָר, — שלעכט גענוג אַלץ אַרום, אָבער נישט איינגאַנצן. יצחק האָט נאָך פאַרמאָגט קלאַפּטער־האָלץ און בוי־געהילץ צו פאַרקויפן אין דאָרף. דער הערינג־פאַנג איז געווען געראָטן איבערן גאַנצן ברעג, איז געווען גענוג געלט אויף צו קויפן האָלץ. אין תוך האָט עס אויסגעזען ווי אַ געטלעכע חשגחה, וואָס די תבואה אויף די פעלדער איז פאַרטיליקט געוואָרן — וואָרים ווי אַרום וואָלט ער זי געדרעשט אָן אַ שייער און אָן אַ דרעש־דיל? רופט עס השגחה; און נישט געזאָרגט.

ס'זענען געווען אַנדערע דאגות, וואָס זענען פון קאָפּ נישט אַרויס אַזוי לייכט. וואָס איז עס געווען, וואָס אַ לאַפּ האָט געזאָגט איינגערן דעם זומער — עפּעס וועגן נישט האָבן געקויפט? קויפן, צוליב וואָס זאָל ער קויפן? די ערד איז דאָ און דער וואַלד אויך; ער האָט געריייניקט און באַאַרבעט, אויפגעבויט אַ היים אינדערמיט פון אַ ווילדעניש, געצויגן ברויט פון דער ערד פאַר זיך און זייניקע, גאָרנישט בעט ער פון מענטשן, נאָר אַרבעט און אַרבעט איינער אַליין. ער האָט אָפט געטראַכט צו פרעגן דעם לענסמאַנד*) וועגן דעם ענין, ווען ער וועט זיין אין דאָרף, נאָר יעדעס מאָל דאָס אָפּגעלייגט; דער לענסמאַנד איז נישט געווען קיין ליבלעכער און צוגעלאָזענער מענטש, — אזוי האָבן מענטשן געזאָגט, און

*) אדמיניסטראַטיווער באַאַמטער פון אַ קליינעם באַצירק.

יצחק איז נישט געווען דער מענטש פון רייד. וואָס וואָלט ער געזאָגט, ווען ער וואָלט געגאַנגען — נאָך וואָס איז ער געקומען?

נאָר איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן טאָג איז געקומען צו פאָרן דער לענסמאַנד. נאָך אַ מאַן איז געווען מיט אים, און אַ פּאַק מיט פּאַפּירן אין טאַש. גייסלער דער לענסמאַנד אַליין. ער האָט געקוקט אויפן ברייטן אָפענעם אַראָפּבאַרג, אָפּגערייניקט פון געהילץ, גלאַט און אומאונטערבראָכן אונטערן שניי; ער האָט מסתמא געטראַכט, אַז ס׳איז שוין אינגאַנצן קולטיווירט, ווייל ער האָט געזאָגט:

— האָסט אַ גאַנץ גרויסע פּערמע. רעכנסט אַודאי נישט צו קריגן דאָס אַלץ פאַר גאָרנישט?

אָט איז עס! יצחק איז געווען דערשראָקן און קיין וואָרט נישט געענטפערט.

— האָסט באַדאַרפט צוערשט קומען צו מיר און קויפן דאָס לאַנד,— האָט גייסלער געזאָגט.

— יאָ.

דער לענסמאַנד האָט גערעדט וועגן ווערט, וועגן גרענעצן, צינזן, צינזן צו דער מלוכה, און ווען ער האָט דעם ענין אַביסל דערקלערט, האָט יצחק אָנגעהויבן איינצוזען, אַז ס׳איז נאָך אַלעמען דאָ־עפּעס שכלדיקס אין דעם ענין. דער לענסמאַנד האָט זיך אויסגעדרייט צו זיין באַגלייטער און געזאָגט: — „נו, דו ביסט דאָך אַ פעלד־מעסטער, ווי גרויס איז דער שמח פון דער קולטיווירטער ערד דאָ?“ ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער, נאָר פאַרצייכנט אַליין לויט זיין השערה. דערנאָך האָט ער יצחקן אויסגעפרעגט וועגן די שניטן תבואה, וויפיל היי, וויפיל קערך קאַרטאָפל. און דערנאָך וועגן די גרענעצן. זיי האָבן נישט געקאָנט גיין אויסמעסטן דאָס אָרט, ווייל דער שניי האָט דערגרייכט ביז צו די לענדן, און זומער־צייט האָט קיינער נישט געקאָנט צוקומען אַהער. וואָס דענקט יצחק אַליין וועגן דער גרויס פונם שטח וואַלד־לאַנד און פיטער־ערד? — יצחק ווייסט גאָרנישט וואָס צו זאָגן; ער האָט תמיד געטראַכט וועגן דעם אָרט אַלס זיין אייגנס אַזוי ווייט, ווי זיין אויג האָט געקאָנט זען. דער לענסמאַנד האָט געזאָגט, אַז די מלוכה פאָדערט באַשטימטע גרענעצן. — „און וואָס גרעסער דער שטח, אַלץ מער וועסטו האָבן צו צאָלן“.

— יאָ.

— און זיי וועלן דיר נישט געבן דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס דו זעסט אַרום זיך; זיי וועלן דיר געבן אַזויפיל, וויפיל דו באַדאַרפסט פאַר דיינעטוועגן.

— יאָ.

אינגער האָט אַריינגעבראַכט מילך פאַר די געסט. זיי האָבן די מילך אויסגעטרונקען, און זי האָט אַריינגעבראַכט נאָך. איז דער לענסמאַנד אַ בייזער מענטש? ער האָט געגלעט אלישעס האָר און געקוקט אויף דעם, מיט וואָס דאָס קינד האָט זיך געשפּילט. — „שפּילסט זיך מיט שטיינער, האַ? ווייז אַ קוק טאָן. ה״ם. שווער, ווי עפּעס אַ מין אַרץ״.

— ס׳איז דאָ געגנוג פון זיי דאָ אויף די בערג, — האָט יצחק געזאָגט.

דער לענסמאַנד האָט זיך אומגעקוקט צום ענין: אין דרום-זייט און מערב-צו פון דאַנעט, וואָס דו ווילסט האָבן אַממערסטן,—אַזוי? לאָמיר זאָגן אַ פּאָר מייל אין דרום-זייט?

— צוויי מייל! — האָט זיין געהילף אויסגערופן.

— דו וואָלסט אפילו קיין צוויי הונדערט איילן נישט געקאָנט באַאַרבעטן, — האָט אים בייסלער קורץ געענטפערט.

— וואָס וועט עס קאָסטן? — האָט יצחק געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט. אַלץ ווענדט זיך אָן זיי. איך וועל אַריינשטעלן אין מיין באַריכט דאָס ווינציקסטע, וואָס איכ׳ל נאָר קאָנען; ס׳איז מייל-ווייט פון אַ ישוב און שווער צוצוקומען אַהער.

— אָבער צוויי מייל! — האָט דער געהילף ווידער געזאָגט.

דער לענסמאַנד האָט פאַרצייכנט צוויי מייל אין דרום-זייט און געפרעגט: — און וואָס איז וועגן די בערג? וויפיל ווילסטו האָבן אין דער זייט?

— דאָרט דאַרף איך עס האָבן אינגאַנצן ביז צום וואַסער. דאָרטן געפינט זיך אַ גרויס וואַסער, — האָט יצחק געזאָגט.

דער לענסמאַנד האָט דאָס פאַרצייכנט. — און ווי ווייט צו צפון-צו?

— די זייט איז נישט אַזוי וויכטיק. מערסטנס זומפּלאַנד און ווייניק געהילץ.

דער לענסמאַנד האָט פאַרצייכנט די צפון-גרענעץ איִיף איין מייל.— „און אין מזרח-זייט?"

— די זייט איז אויך נישט זייער חיכטיק. פוסטער באָדן, וואָס ציט זיך אַזש ביז שוועדן.

דער לענסמאַנד האָט ווידער פאַרצייכנט. ער האָט געמאַכט אַ גיכן חשבון און געזאָגט: — אפילו אזוי וועט עס אויך אויסמאַכן אַ גרויסער שטח. לעבן דאַרף וואָלט עס, פאַרשטייט זיך, געקאָסט אַ סך געלט; קיינער וואָלט עס נישט געקאָנט קויפן. איך וועל צושטעלן אַ באַריכט און זאָגן, אַז אַ הונדערט טאָלער וועט זיין יושרדיק. וואָס דענקסטו? — האָט ער געפרעגט זיין געהילף.

— ס'איז אַוועקגעגעבן ממש אומזיסט, — האָט יענער געענטפערט.

— הונדערט טאָלער? — האָט אינגער געזאָגט. — יצחק, דו באַדאַרפסט נישט אַזאַ גרויס אָרט.

— ניין, — האָט יצחק געזאָגט.

דער געהילף האָט זיך געשווינד אָנגערופן: — דאָס איז פונקט ווי איך זאָג. אַ היפּש ביסל מיילן, צו גרויס פאַר אייך. וואָס וועט איר מיט דעם אַלעמען טאָן?

— באַאַרבעטן, — האָט דער לענסמאַנד געזאָגט.

ער איז געזעסן און געשריבן און געחשבונט אינם געטומל פון די קינדער, וואָס האָבן אַלע וויילע זיך צעוויינט; און ער האָט נישט געהאַט קיין חשק אָנצוהויבן דעם עסק אויפסניי. ער וועט שוין אַזוי אויך נישט קומען אַהיים פריער פאַר האַלבע נאַכט, און אפשר נישט פריער ווי פאַר-טאָג. ער האָט אַריינגעוואָרפן די פּאַפּירן אין טעקע. דער עסק איז געווען געענדיקט.

— שפּאַן איין דאָס פערד, — האָט ער באַפוילן דעם געהילף. און זיך ווענדנדיק צו יצחקן, געזאָגט: — זיי וואָלטן באַדאַרפט דיר געבן דאָס אָרט אומזיסט און דיר נאָך צוצאָלן פאַר דיין אַרבעט דאָ. איך וועל וועגן דעם באַמערקן אינם באַריכט. דערנאָך וועלן מיר זען, וויפיל די מלוכה וועט פאַרלאַנגען פאַר דעם.

יצחק — שווער געווען צו זאָגן, וואָס ער האָט וועגן דעם געפילט. נאָך אַלעמען איז ער געווען ווי צופרידן, וואָס זיין לאַנד איז אָפּגעשאַצט אין אַ הויכן מקח, נאָך דער אַרבעט, וואָס ער האָט דאָ אַריינגעלייגט.

וואָס שייך די הונדערט טאלער, וועט ער געוויס זיי קאָנען אויסצאָלן אין משך פון אַ צייט. דעריבער האָט ער מער וועגן דעם נישט גערעדט; ער קאָן טאָן די אַרבעט ווי פריער, רייניקן די ערד און זי קולטיווירן, וואַל־גערן ביימער אין די וועלדער. יצחק איז נישט געווען דער מענטש צו זיין פאַרדאגהט איבער דעם, וואָס קאָן קומען; ער האָט געאַרבעט.

אינגער האָט דעם לענסמאַנד באַדאַנקט און געהאָפט, אַז ער וועט פאַר זיי וואו מען דאַרף אַ גוט וואָרט זאָגן.

— יאָ, יאָ. נאָר איך אַליין האָב קיין דעה נישט אין דעם ענין. אַלץ, וואָס איך האָב צו טאָן, איז איבערצוגעבן דאָס, וואָס איך האָב געזען און וואָס איך דענק וועגן דעם. וויפיל איז אַלט דאָס יונגסטע דאָרטן?

— קרוב צו זעקס חדשים.

— אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל?

— אַ ייִנגל.

דער לענסמאַנד איז נישט געווען קיין אכזר, נאָר אַ מענטש אַן אויבערפלעכלעכער און נישט איבערגעשפיצט. ער האָט איגנאָ־רירט זיין געהילף, ברעד אָלסען, וועלכער האָט נאָך זיין שטעלע נאָך געדאַרפט זיין אַן עקספערט אין אַזעלכע ענינים; דער גאַנצער עסק איז ערליידיקט געוואָרן צופעליק, לערך. דאָך פאַר יצחקן און זיין ווייב איז דער עסק געווען אַ וויכטיקער — יאָ, פאַר זיי און פאַר זייערע קינדער און קינדס־קינדער, און די אַלע, וואָס וועלן קומען נאָך זיי, גאַנצע דורות און דורות. נאָר ער האָט דאָס אַלץ אָפּגעמאַכט, ווי אים איז געפעלן, און צונויפגעשטעלט אַ פאַפיר גלייך אויפן אָרט. דורכויס אַ ליבער מענטש; אַרויסגענומען אַ זילבער־מטבע פון קעשענע און זי געגעבן דעם קליינעם סיווערט; דערנאָך האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו די אַנדערע און אַרויס צום שליטן.

פּלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטאָן: — ווי אַזוי רופט איר אָן דאָס אָרט?

— ווי אַזוי?

— יאָ. ווי אַזוי הייסט עס? מיר דאַרפן האָבן אַ נאָמען פאַר דעם.

קיינער האָט וועגן דעם נאָך ביז איצט נישט געטראַכט. אינגער מיט יצחקן האָבן זיך איבערגעקוקט.

— סעלאַנראַאַז — האָט דער לענסמאַנד געזאָגט. ער האָט אַודאי דעם נאָמען פון קאָפּ אויסגעטראַכט; אפשר איז עס גאָר קיין נאָמען אינ-גאַנצן נישט געווען. נאָר ער האָט ווידער אַ זאָג געטאָן: „סעלאַנראַאַ!“ און אַוועקגעפאָרן.

און ווידעראַמאָל באַשלאָסן, צופעליק, פון דער האַנט, דער נאָמען, דער מקח, די גרענעצן...

עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען יצחק איז געווען אין דאָרף, האָט ער געהערט וועגן עפּעס אַן עסק מיטן לענסמאַנד גייסלער; עפּעס איז גע-ווען אַן אָנפראַגע וועגן געלטער, פאַר וועלכע ער האָט נישט געקאָנט צו-שטעלן קיין חשבון, און דער עסק איז דערגאַנגען צום העכערן באַאַמטן, וואָס איבער אים. מילא, אַזעלכע זאַכן האָבן שוין פּאַסירט; פאַראַן מענטשן, וואָס וואַקלען זיך אין זייער לעבן, ביז זיי שלאָגן זיך אָן אין די, וואָס גייען גלייך.

דאַן האָט יצחק איינמאָל אַוועקגעפירט אַ פור האָלץ, און, אומגע-קערט זיך צוריק, איז אים באַשערט געווען צו פאָרן מיט נישט קיין אַנ-דערן, ווי מיט לענסמאַנד גייסלער אַליין. ער איז אים אַנטקעגן געקומען פון די ביימער אַרויס ביים וועג און געזאָגט פשוט: — ווילסטו מיך אַרויפנעמען צו דיר אויפן שליטן?

אַ שטיק וועג זענען זיי ביידע געפאָרן שווייגנדיק. איין מאָל האָט דער לענסמאַנד אַרויסגענומען אַ פלעשל פון זיין קעשענע און פון דעם געטרונקען; ער האָט עס אויך אָנגעבאָטן יצחקן, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט. — כ'האָב מורא, אַז די נסיעה וועט מיר פאַרדאַרבן דעם מאָגן, — האָט דער לענסמאַנד געזאָגט.

מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן יצחקס לאַנד-עסק. — „איך האָב דעם באַריכט אַוועקגעשיקט באַלד, מיט אַ פעסטער רעקאָמענ-דאַציע פון מיין זייט. סעלאַנראַאַ איז אַ שיינער נאָמען. פאַקטיש וואָלטן זיי געדאַרפט אָפּגעבן דיר דאָס אָרט אומזיסט, נאָר דאָס האָט נישט גע-פּאַסט צו שרייבן, פאַרשטייט זיך, ווען איך וואָלט עס געווען געטאָן, וואָלטן זיי זיך בלויז באַליידיקט און אַוועקגעשטעלט זייער אייגענעם מקח אויף דעם, איך האָב פאָרגעשלאָגן פופציק טאָלער.

— הא פופציק, האָט איר געזאָגט? נישט הונדערט

דער לענסמאַנד האָט אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן און אַ רגע גע־טראַכט. „אויף וויפיל איך געדענק איז עס געווען פופציק. יאָ...״

— און וואוהין פאָרט איר איצט? — האָט יצחק געפרעגט.

— קיין וועסטערבאטן, צו מיין ווייבס משפחה.

— ס׳איז נישט אַזוי גרינג צוצוקומען אהין אין דער איצטיקער צייט פון יאָר.

— ווי־נישט־איז וועל איך זיך אהין דערשלאָגן. קאָנסטו אפשר מיך אונטערפירן אביסל?

— יאָ, איכ׳ל אייך נישט לאָזן גיין אַליין.

זיי זענען אָנגעקומען אויף דער פערמע, און דער לענסמאַנד איז געבליבן נעכטיקן און געשלאָפן אינם קליינעם צימער. אינדערפרי האָט ער ווידער אַרויסגעצויגן זיין פלעשל און באַמערקט: — „כ׳בין זיכער, אַז די נסיעה וועט צערודערן מיין מאָגן״. בכלל איז ער איצט געווען דער־זעלבער, ווי דאָס לעצטע מאָל, ליבלעך, אנטשיידנד, נאָר צעשטרייט און ווייניק געקימערט זיך וועגן זיינע אייגענע עסקים. מעגלעך, ס׳איז גאָר־נישט אַזוי שלעכט געווען, נאָך אַלעמען. יצחק האָט זיך איינגעשטעלט צו זאָגן אים, אַז דער אַראָפּבאַרג איז נאָכנישט אינגאַנצן קולטיווירט, מער נישט ווי קליינע חלקים דאָ און דאָרט. דער לענסמאַנד האָט אויפגענומען די אינפאָרמאַציע אויף אַ מאָדנעם אופן. „איך האָב עס גוט געוואוסט אויך דאָס לעצטע מאָל, ווען איך בין דאָ געווען און געמאַכט דעם באריכט. נאָר ברעד, דער וואָס איז מיט מיר געווען. ער האָט דאָס נישט געזען. ברעד, ער טויג צו גאָרנישט. נאָר זיי ארבעטן עס אויס נאָך אַ טאַבעלע. נאָך דער גרויס פונם שטח ערד, וואָס איך האָב פאַרשריבן, און זעענדיק בלויז אַזוי ווינציק היי, אַזאַ קליינע צאָל קערץ קאַרטאָפל, וועלן זיי גלייך באַשליסן, אַז ס׳מוז זיין אָרעמע ערד, געמיינע, פאַרשטייסט? איך האָב געטאָן פאַר דיר אַלץ, וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, מעגסט זיין זיכער, אז די קונץ וועט דורכגיין. צוויי־און־דרייסיק טויזנט אַזעלכע ווי דו באַדאַרף דאָס לאַנד האָבן״.

דער לענסמאַנד האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געווענדט צו אינגערן: — ווי אַלט איז דאָס יונגסטע?

— ער איז פונקט דריי פערטל יאָר איצט

— אַ יינגל, אַי

— יאָ.

— נאָר דו דאַרפסט זען זיך צו־איילן און פאַרענדיקן דאָס עסק וואָס פריער, — האָט ער זיך אָנגערופן צו יצחקן נאָכאַמאָל. — עפּעס איינער אַ מענטש וויל קויפן ערד דאָ, האַלבוועג צווישן דיין אָרט און דעם דאָרף, און אַז ער וועט קויפן, וועט די ערד דאָ האָבן אַ גרעסערן ווערט. קויף איצטער, קריג אַריין דאָס גאַנצע אָרט צוערשט און זאָל דער ווערט שפּע־טער זיך פאַרגרעסערן—אַזוי אַרום וועסטו עפּעס צוריקקריגן פאַר דער גאַנצער אַרבעט דיינער, וואָס דו האָסט דאָ אַריינגעלייגט. דו ביסט גע־ווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן צו קולטיווירן די ערד דאָ, ס'איז געווען דורכויס ווילדעניש פריער.

זיי זענען אים געווען דאַנקבאַר פאַר דער עצה און געפרעגט, צי קאָן ער אפשר פאַרענדיקן אַליין דעם עסק פאַר זיי. ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט; אַלץ איז געווענדט איצט אין דער מלוכה. „איך פאָר קיין וועסטערבאָטן איצט און וועל זיך מער נישט אומקערן צוריק", — האָט ער זיי גאַנץ פּשוט געזאָגט.

ער האָט אינגעלען געגעבן אַ זילבערנע מטבע, און דאָס איז געווען איבערגענוג. „מעגסט אראָפּפירן אַ שטיקל פלייש מיין פאַמיליע אין דאָרף, ווען דו וועסט עפּעס קוילען", האָט ער געזאָגט, „מיין ווייב וועט דיר באַ־צאָלן, נעם מיט אַמאָל אויך אַ קעז. די קינדער האָבן עס ליב".

יצחק האָט אים באַגלייט ביז איבער יענער זייט בערג; אַרויפצו איז דער וועג געווען בעסער. ביים צעשיידן זיך האָט יצחק באַקומען אַ גאַנצן טאָלער.

אַזוי האָט לענסמאַנד גייסלער פאַרלאָזט דאָס אָרט און מער נישט צוריקגעקומען. נישט קיין גרויסער פאַרלוסט, האָבן מענטשן געזאָגט, ער איז געווען פאַררעכנט אַלס אַ צווייפלהאַפטע פערזענלעכקייט, אַן אַוואַנטו־ריסט. נישט ווייל ס'האָט אים געפעלט וויסן אָדער קענטעניש, ער איז געווען אַ געלערנטער מענטש און האָט געוואוסט אַ סך, נאָר ער האָט גע־לעבט צו־פריי און פאַרשווענדט אַנדערע מענטשנס געלט. ס'איז באַ־וואוסט געוואָרן שפּעטער, אַז ער האָט פאַרלאָזט דאָס אָרט נאָך אַ שאַרפן אויסרייד פון דעם העכערן איבער אים באַאַמטן, אַמטמאַנד פלים*); נאָר

*) גובערנאַטאָר פון אַ באַצירק.

דער פאַמיליע זיינער — זיין ווייב און דריי קינדער -- איז קיין שלעכטס נישט געשען, און זי האָט נאָך געוואוינט אין דאָרף אַ לאַנגע צייט נאָך דעם. און ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און דאָס געפעלטע געלט איז צוגעשיקט געוואָרן פון שוועדן, אַזוי, אַז גייסלערס ווייב און קינדער האָבן נישט געקאָנט געהאַלטן ווערן אַלס משכנות, נאָר זענען געבליבן וואוינען אין דאָרף פשוט, ווייל ס'איז זיי אַזוי געפעלן געווען.

יצחק און אינגער האָבן אודאי נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן זיך אויף גייסלערן, אדרבה. און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מענטש דער בייער לענסמאַנד וועט זיין — טאָמער וועט מען דאַרפן איבערחזרן דעם גאַנצן עסק אויפסניי!

דער אַמטמאַנד האָט באַשטימט איינעם פון זיינע שרייבער פאַר אַ לענסמאַנד. ס'איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, אַ זון פון אַן אָרטיקן ריכטער, מיטן נאָמען הייערדאַל. אים האָבן אויסגעפעלט די נויטיקע מיטלען אויף צו לערנען זיך אין אוניווערזיטעט, כדי דערנאָך אַריינצוטרעטן אין דינסט ביי דער מלוכה; אָנשטאָט דעם איז ער געווען געצוואונגען צו זיצן אין אַ קאַנטאָר ביי אַ שרייבטיש און געשריבן פּוּפּצן יאָר כסדר. ער איז געווען אַ בחור, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט גענוג אויף צו קאָנען אויסהאַלטן אַ ווייב. דער אַמטמאַנד פלים האָט אים גע-ירשנט פון זיין פאָרגייער, און האָט אים געצאָלט די זעלבע קלעגלעכע שכירות, וואָס ער האָט געקראָגן פריער; הייערדאַל האָט באַקומען די שכירות און געשריבן ביים טיש ווי פריער.

יצחק האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געגאַנגען אים זען.

— דאָקומענטן וועגן סעלאַנראַאַ...? אָט זענען זיי, נאָר וואָס אָנגע-קומען פונם מיניסטעריום. זיי ווילן וויסן פאַרשידענע פּרטים. דער גאַנ-צער עסק, ווי גייסלער האָט אים איבערגעלאָזט, איז שרעקלעך פאַר-דרייט, — האָט דער באַאַמטער געזאָגט. — דאָס מיניסטעריום וויל וויסן, צי זענען דאָ אין דער פערמע גאַנגבאַרע יאַגדעס; צי ס'איז פאַראַן גע-דיכטער וואַלד. אפשר עפּעס ווערטפולער אַרץ אין די אַרומיקע בערג. ס'איז אָנגעגעבן אַ גרויס וואַסער, אָבער גאָרנישט וועגן די פיש אין אים. גייסלער האָט, ווייזט אויס, צוגעשטעלט געוויסע ידיעות, נאָר אים איז נישט צו גלויבן, און איך דאַרף איצט איבערקוקן דעם גאַנצן עסק נאָכא-מאָל. איך וועל דאַרפן אַרויפקומען קיין סעלאַנראַאַ און דורכפירן אַ

גרינטלעכע אינטערזוכונג און אָפּשאַצונג. וויפיל מייל איז עס פון דאַנען? דאָס מיניסטעריום פאָדערט גענויע גרענעצן. יאָ, איך וועל אינגיכן דאַרפן אַריבערקומען צו דיר.

— ס׳איז שווער צו באַשטימען גרענעצן ביי דער איצטיקער צייט פון יאָר, — האָט יצחק געזאָגט. — נישט פריער, ווי שפּעט אין זומער.

— ס׳וועט אָבער מוזן אָפּגעטאָן ווערן. דאָס מיניסטעריום קאָן נישט וואַרטן דעם גאַנצן זומער אויף אַן ענטפער. איכ׳ל אַראָפּקומען אַליין אַזוי גיך, ווי איך וועל נאָר קאָנען. איכ׳ל סיי־ווי דאַרפן זיין אויף יענעם וועג, נאָך איינער וויל קויפן באָדן דאָרטן.

— איז דאָס דערזעלביקער, וואָס וויל קויפן דאָס לאַנד צווישן מיר און דעם דאָרף?

— כ׳קאָן נישט זאָגן אויף זיכער. נאָר זייער מעגלעך. על־כל־פּנים איז דאָס אַ מאַן פון דער קאַנטאָר דאָ, מיין געהילף אין קאַנטאָר. ער איז דאָ געווען אין גייסלערס צייט. איך פאַרשטיי, אַז ער האָט געפרעגט גייסלערן וועגן דעם, נאָר גייסלער האָט עס צונישט געמאַכט; געזאָגט, אַז ער קאָן נישט באַאַרבעטן אפילו קיין הונדערט פיס לאַנד. האָט ער זיך געווענדעט מיט אַ ביטע צום אַמטמאַנד, און מיר האָט מען איבערגעגעבן דעם ענין. נאָך אַ פאַרדרייעניש גייסלערס!

לענסמאַנד הייערדאַל איז אַריבערגעקומען אויף דער פערמע און מיטגעבראַכט מיט זיך זיין געהילף, ברעד. זיי זענען דורכגעוויקט גע־וואָרן, בראָדזשענדיק איבער די זומפּן און נאָכמער דורכגענעצט, איידער זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט די גרענעצן, טראָמפּלענדיק אין צעלאָ־זענעם שניי און בלאָטע אַרויף און אַראָפּ איבער די בערג. דעם ערשטן טאָג האָט דער לענסמאַנד זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט חשק, נאָר שוין אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיך פון דער אַרבעט מיאוס געוועזן און זיך באַנוגנט בלויז מיט אָנווייזן אַנדערע. ער האָט שוין מער נישט גע־רעדט וועגן דעם מעגלעכן אַרץ אין די „ארומיקע בערג", און וואָס שייך די גאַנגבאַרע יאַגדעס, — וועלן זיי שוין נאָכקוקן אויפן וועג צוריק, — האָט ער געזאָגט.

דאָס מיניסטעריום האָט געפאָדערט ידיעות וועגן אַ גאַנצער רייע פּרטים — זיי האָבן דאָרטן, געוויס, געהאַט טאַבעלעס אויף יעדער זאַך.

די פראַגע וועגן דעם געהילף. געוויס איז געווען אַ שטיק געדיכטער וואַלד אין די גרענעצן פון יצחקס נחלה, נאָר נישט גענוג אַרויסצופירן עס צום פאַרקויפן, נישט מער וויפיל ס'איז נויטיק פאַר דער פערמע גופא. און ווען אפילו ס'זאָל דאָרטן זיין אַ סך געדיכטער וואַלד. ווער וועט זיך דערמיט אָפּגעבן צו פירן דאָס האָלץ ערגעץ־וואו צו פאַרקויפן איבער די אַלע מיילן און מיילן וועגז נאָר יצחק מיט זיין אייזערנעם כח קוילערט זיך ווי אַ וואַסער־ראָד איבערן וואַלד אום ווינטער און פירט עטלעכע שווערע קלעצער אין דאָרף אַריין, כדי צוריקצוברענגען גראָבע און דינע ברעטער פאַר זיינע בנינים.

דער וואונדערבאַרער גייסלער האָט, ווייזט אויס, אַריינגעשיקט אַ באַריכט, וועלכן מ'האָט נישט געקאָנט לייכט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָט האָט זיין נאָכפאָלגער איבערגעקוקט דעם גאַנצן עסק אויפסניי, וועלנ־דיק אויסגעפינען טעותן און ערנסטע אומפּינקטלעכקייטן — נאָר אומזיסט. ער האָט זיך באַראַטן מיט זיין געהילף אין יעדן פּרט, און זיך צוגע־הערט צו זיינע רייד, וואָס איז נישט געווען גייסלערס טבע. חוץ דעם האָט דערזעלבער געהילף, ווי מען קאָן זיך משער זיין, אין פיל געענ־דערט זיין אייגענע מיינונג פון דער צייט אָן, וואָס ער אַליין האָט גע־האַלטן ביי קויפן לאַנד ביי דער מלוכה.

— ווי איז דיין מיינונג וועגן דעם מקח? — האָט דער לענס־מאַנד געפרעגט.

— פופציק טאָלער איז דאָס העכסטע, וואָס זיי קאָנען פאַרלאַנגען פון וועלכן ס'איז קונה. — האָט געענטפערט דער עקספּערט.

לענסמאַנד הייערדאַל האָט צונויפגעשטעלט זיין באַריכט אין עלע־גאַנטער מליצה. גייסלער האָט געשריבן: „דער מאַן וועט אויך דאַרפן צאָלן לאַנד־צינזן יעדעס יאָר. ער קאָן זיך נישט פאַרגינען צו באַצאָלן פאַר דעם לאַנד מער ווי פופציק טאָלער און אויסצוצאָלן אין צען יאָר. די מלוכה קאָן אָננעמען זיין פאָרשלאַג, אָדער צונעמען ביי אים דאָס לאַנד און די פרוכט פון זיין אַרבעט". הייערדאַל האָט געשריבן: — „אונטערטעניק בעט איך איצט איבערצוגעבן זיין ביטע דעם מיניסטעריום, אַז אים זאָל זיין דערלויבט אָנצוהאַלטן דאָס לאַנד, אויף וועלכן, —

הגם אָן רעכט פון באַזיצן עס, — ער האָט ביז איצט אַדורכגעפירט באַדייטנדיקע פאַרבעסערונגען, פאַר דעם קויף-פרייז פון 50 — פופציק — טאָלער, דער סכום זאָל ווערן אויסגעצאָלט אין יערלעכע ראַטן-צאָלונגען, ווי אַזוי דעם מיניסטעריום וועט וואוילגעפעלן זיין דעם סכום איינצוטיילן.

— איך האָף, אַז ס'וועט מיר געלונגען צו קריגן פאַר דיר די רעכטס-פאַפירן, — האָט דער לענסמאַנד צוגעזאָגט יצחקן.

## VI

דעם גרויסן ביק נעמט מען צו. ער איז שטאַרק אויסגעוואַקסן און ס׳קאָסט צו טייער אים אויסצוהאַלטן; יצחק נעמט אים אין דאָרף אַריין צו פארקויפן, און אויף זיין אָרט צוריקברענגען אַ יונגן.

דאָס איז געווען אינגערס איינפאַל. און אינגער, ווייזט אויס, האָט געוויס געהאַט אייניקע אורזאַכן, פאַרוואָס זי האָט געוואָלט אַרויסשיקן יצחקן פון דער פערמע דוקא דעמזעלבן טאָג.

— אויב דו ווילסט גיין, זאָלסטו בעסער היינט גיין, — האָט זי געזאָגט, — דער ביק איז אין אַ גוטן מעמד; מ׳קאָן פאַר אים איצט נעמען אַ גוטן פרייז. דו פיר אים אין דאָרף אַריין, און זיי וועלן אים אָפּשיקן אין שטאָט — שטאָטלייט צאָלן אַ הויכן פרייז פאַר פלייש.

— יאָ, — זאָגט יצחק.

— ער זאָל נאָר נישט ווילד ווערן אויפן וועג.

יצחק האָט גאָרנישט געענטפערט.

— כמעט די גאַנצע לעצטע וואָך איז ער געווען אינדרויסן און אַודאי שוין צוגעוואוינט זיך.

יצחק האָט געשוויגן. ער האָט גענומען אַ גרויס מעסער, אים אויפגעהאָנגען אין אַ שיידל ביי די לענדן און אַרויסגעפירט דעם ביק.

אַ ריזיקע חיה איז דאָס געווען, מיט אַ גלענצנדער פעל, אַ מורא אויף אים אַ קוק צו טאָן; ביים גיין וויגן זיך ביי אים די זייטן; איין פוס אַביסל קורצער; ווען ער איז געלאָפן, האָט ער צוגעדריקט מיט זיין ברוסט דאָס נידעריקע ערד-געוויקס; ער איז געווען ווי אַן אייזנבאַן-לאָקאָמאָטיוו. זיין האַלז און נאַקן איז געווען מגושמדיק גרויס, און געהאַט די גבורה פון אַ העלפאַנט.

— ער זאָל נאָר נישט אָנפאַלן ר אינמיטן וועג, — האָט אינגער געזאָגט.

יצחק האָט אַ רגע נאָכגעטראַכט. „אויב ער וועט זיך אַזוי אויפ־פירן, וועל איך אים מוזן קוילען אויפן וועג, און אַראָפּטראָגן אין דאָרף אַריין זיין פלייש".

אינגער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שוועל. זי האָט געליטן ווייטאָק; איר פּנים האָט געברענט. זי האָט זיך איינגעהאַלטן ביז יצחק איז אַוועקגעגאַנגען; אַצינד האָט מען אים מיטן ביק שוין נישט אָנגעזען, און זי האָט געקאָנט אַרויסלאָזן אַ קרעכץ אָן מורא. דער קליינער אלישע קאָן שוין רעדן אַביסל און ער פרעגט: — „מאַמע, ווייַ?" — „יאָ, ווייַ..." ער מאַכט איר נאָך, לייגט־צו די הענט צו די זייטן און קרעכצט. דער קליי־נער סיווערט שלאָפט.

אינגער נעמט אַריין אלישען אין הויז, גיט אים עפּעס שפּילעכלעך צו שפּילן זיך, און אַליין קריכט זי אַריין אין בעט. די צייט איז גע־קומען. זי איז פולשטענדיק באוואוסטזיניק די גאַנצע צייט, גיט אכטונג אויף אלישען, כאַפּט אַ בליק אויפן זייגער וויפיל ער זאָגט. זי שרייט כמעט נישט, אפילו קיין פּיפּס נישט; דער קאָפּ איז אין איר אינעוויי־ניק—אַ משא איז אַראָפּ און גליטשט זיך אַרויס פון איר. אין דער זעל־בער רגע כמעט הערט זי אַ מאָדנע פּישטשען אין בעט, אַ געבענטשט קליין קולעכל; און איצט קאָן זי זיך נישט איינהאַלטן און הויבט זיך אונטער און קוקט אַראָפּ. וואָס איז דאָס? איר פּנים ווערט אין אַ רגע גרוי און פּוסט, אָן וואָסער ס'איז לעבעדיקן אויסדרוק; אַ שלוכץ רייסט זיך אַרויס; אומנאַטירלעך, אוממעגלעך—אַ דערשטיקנדיקער שלוכץ.

זי פאַלט צוריק אויפן בעט. א פּאָר רגעס פאַרגייען: זי קאָן נישט איינליגן, דאָס געוויין נידעריקער אין בעט ווערט העכער, זי הויבט זיך אונטער נאָכאמאָל און זעט—אָ, גאָט, דאָס שרעקלעכסטע! קיין רחמנות, קיין האָפענונג—און דאָס איז א מיידל!

יצחק האָט נאָכנישט געקאָנט זיין ווייט אין וועג, מער נישט ווי א פּאָר מייל אָדער אין דעם ערך. נאָך קיין שעה צייט נישט, ווי ער איז אוועק. אין ווייניקער ווי צען מינוט האָט אינגער געבוירן איר קינד און עס געטויט...

יצחק איז צוריקגעקומען אויפן דריטן טאָג און געבראַכט צופירן

אָן אויסגעדאַרט, אויסגעמוטשעט ביקל פון איין יאָר אַלט. עס האָט קוים געקאָנט גיין; שווער געווען אינגאַנצן צו ברענגען אים אַהער.

— ווי אַזוי איז עס דיר אָפּגעגאַנגען? — האָט אינגער געפרעגט.
זי אַליין איז געווען קראַנק און אָפּגעצערט.

יצחק האָט דעם עסק דורכגעפירט נישקשה. אמת, דער גרויסער ביק האָט די לעצטע צוויי מייל זיך צעווילדעוועט און יצחק האָט גע-מוזט אים בינדן און ברענגען הילף פון דאָרף. ווערנאָך, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט דער ביק מיט געוואַלט זיך אויסגעריסן און אַנטלאָפן. אַ לענגערע צייט האָט מען אים נאָכגעיאָגט, נאָר צולעצט האָט דער עסק זיך געענדיקט גוט. אַ סוחר, וואָס קויפט איין פאַר די שטאָטישע קצבים, האָט פאַר אים באַצאָלט אַ פּרייז. — „און אָט איז דער נייער" — האָט יצחק געזאָגט, — „זאָלן די קינדער קומען אים אָנקוקן".

יעדער נייער צוגאָב צום לעבעדיקן אינווענטאַר איז געווען אַ גרויס געשעעניש. אינגער האָט דאָס ביקל גוט אַרומגעקוקט, אַרומגע-טאַפּט, געפרעגט וואָס עס קאָסט; דעם קליינעם סיווערט איז דערלויבט געווען צו זעצן זיך רייטנדיק אויף אים. „פונדעסטוועגן איז אַ שאָד דער גרויסער ביק, — האָט אינגער געזאָגט — אַזאַ גלאַנציקער געווען און אַ וואוילער, איך האָף, אַז זיי וועלן אים קוילען מיט רחמנות".

ס'איז געווען דער זמן פון אַרבעט איצט, און אַרבעט איז געווען איבערגענוג. די בהמות האָט מען פריי געלאָזט; אין ליידיקן קאַמער זע-נען געשטאַנען אָנגעפּילטע קאַסטנס מיט קאַרטאָפל, וואָס מ'האָט איבער-געלאָזט אויף זריעה. יצחק האָט היינטיקס יאָר פאַרזייט מער קאָרן, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, און געטאָן אַלץ, וואָס ס'איז פאַר זיינע כחות נאָר מעגלעך געווען, דורכצופירן דאָס פאַרזייען ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ער האָט צעאַקערט בייטן פאַר מערן און ריבן, און אינגער האָט פאַר-פלאַנצט די זאָמען. אַלץ איז זיך געגאַנגען ווי פריער.

אינגער איז אַ שטיקל צייט אַרומגעגאַנגען מיט אַ זעקל היי אונ-טערן קלייד צו באַהאַלטן די ענדערונג אין איר פיגור. פון צייט צו צייט האָט זי צו ביסלעך אַרויסגענומען, ביז זי האָט צולעצט דאָס זעקל אינ-גאַנצן אַרויסגענומען. צום סוף האָט יצחק איינמאָל עפּעס באַמערקט און דערשטוינט געפרעגט:

— האָט גאָרנישט נישט געטראָפן? איך האָב געמיינט...

— ניין. דאָס מאָל גאָרנישט.

— הא, פאַרוואָס?

— ס'האָט נאָר אויסגעזען אַזוי. יצחק, ווי לאַנג מיינסטו וועט עס ביי דיר נעמען צו באַאַרבעטן דאָס גאַנצע לאַנד אונזערס?

— יאָ, נאָר... דאָס הייסט, דו ביסט דיינס איבערגעקומען — און ס'נישט געגאַנגען, ווי ס'דאַרף צו זיין?

— יאָ, אַזוי איז עס געווען — יאָ.

— און דו — דיר טוט גאָרנישט וויי נאָכדעם?

— ניין. יצחק, איך האָב געטראַכט, אַז מיר וואָלטן באַדאַרפט האָבן אַ חזיר.

יצחק, וואָס איז געווען שטאַרק אָפּגעהיט מיט זיינע רייד, האָט נאָך אַ קורצן שווייגן געזאָגט: — יאָ, אַ חזיר. כ'האָב אַליין געטראַכט וועגן דעם יעדן פרילינג. מיר וועלן אָבער צוערשט דאַרפן האָבן מער קאַרטאָפל פון די קלענערע און אויך אַביסל קאָרן; מיר האָבן נישט גענוג אויף צו האָדעווען אַ חזיר. מירן זען, ווי ס'וועט געראָטן דאָס יאָר.

— ס'וואָלט אָבער געווען גוט צו האָבן אַ חזיר.

— יאָ.

טעג פאַרגייען. רעגנס קומען, די פעלדער און לאָנקעס זעען אויס גוט—אָ, דאָס יאָר וועט זיך אויסדרייען אַ גוטס, נישט געזאָרגט! קליינע געשעענישן און גרויסע, יעדע נאָך איר ריי נאָך: עסן, שלאָף און אַר-בעט, יעדן זונטאָג וואַשט מען זיך אָפּ די פנימער און מ'קעמט זיך אויס די האָר, און יצחק גייט אום אין אַ ניי, רויט העמד פון אינגערס גע-וועב און געניי. און דאַן אַ געשעעניש, אַ פּאַסירונג פון גרויסער באַדיי-טונג אין דעם טאָג-טעגלעכן וואָכעדיקן לעבן: אַ שאָף, אַרומבראָדזשענ-דיק מיט איר שעפעלע, פאַלט אַריין אין אַ שפּאַלט צווישן די פעלזן. די איבעריקע שאָף קומען אַהיים פאַרנאַכט. אינגער דערזעט גלייך, אַז צוויי פעלן, און יצחק לאָזט זיך צו זוכן זיי. יצחקס ערשטע מחשבה — גוט איז, וואָס עס איז זונטאָג, און ער רייסט זיך נישט אָפּ פון זיין אַרבעט, און דאַרף נישט פאַרלירן קיין איבעריקע צייט. ער שפּאַנט אַוועק — אַ שטח אָן סוף אויף נאָכצוזוכן; און דערווייל איז דאָס גאַנצע הויז פאַרזאָרגט. די מאַמע שטילט איין די קינדער מיט אָפּגעריסענע ווערטער; צוויי שאָף

פעלן, און זיי דאַרפן זיין שטיל. אַלע פילן-מיט; דאָס געשעענע איז אַן ענין פאַר דער גאַנצער קליינער געמיינדע. אפילו די בהמות ווייסן, אַז עפּעס אומגעוויינלעכעס קומט פאָר, און זיי מרוקען אויף זייער שטייגער, מחמת אינגער גייט יעדע רגע אַרויס און רופט הויך אין דער ריכטונג פונם וואַלד, כאָטש ס'איז שוין באַלד נאַכט. עס איז אַ געשעעניש אין דער ווילדעניש, אַן אַלגעמיינער אומגליק. נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל לאָזט זי אַרויס אַ לאַנגן רוף צו יצחקן, נאָר קיין ענטפער קומט נישט; עס איז, ווייזט אויס, צו-ווייט מ'זאָל קאָנען הערן.

וואו זענען די שאָף — וואָס האָט מיט זיי געקאָנט טרעפן? האָט ערגעץ-וואו אַ בער זיך באַוויזן? אָדער ס'זענען געקומען פון יענער זייט באַרג די וועלף פון שוועדן אין פינלאַנד? ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן,ביידע זאַכן נישט. יצחק געפינט די גרויסע שאָף איינגעקלאַמערט אין אַ פעלזן-שפּאַלט מיט אַ צעבראָכענעם פוס און צעריסענעם אייטער. זי האָט דאָרטן אַוודאי געמוזט שטעקן אַ לענגערע צייט, מחמת נישט געקוקט אויף די וואונדן, האָט די אָרעמע שאָף, ווי ווייט נאָר זי האָט געקאָנט דער-לאַנגען, אָפּגעגריזשעט דאָס גראָז ביז צו די וואָרצלען. יצחק הויבט אויף די שאָף און לאָזט זי פריי; זי פאַלט צו גלייך צו דער פאַשע. דאָס שעפּעלע לאָזט זיך צו דער מאַמען און הויבט אָן צו זויגן — אַ גוטע הילף פאַר דעם פאַרוואונדעטן אייטער זיך אויסצולײדיקן איצט.

יצחק קלויבט צונויף שטיינער און פאַרלייגט דעם געפערלעכן שפּאַלט; אַ פאַרשאָלטן אָרט; מער זאָל עס נישט צעברעכן קיין שעפּעלעס געלענק! יצחק טראָגט לעדערנע רימענס; טוט ער זיי אויס און וויקלט זיי אַרום דער שאָף אַלס אַ צוהאַלט פאַרן אייטער. דערנאָך נעמט ער זי אויף די אַקסלען און לאָזט זיך גיין אַהיים מיטן שעפּעלע.

נאָך דעם — דינע ברעטלעך און פעק באַנדאַזשן. אין עטלעכע טעג אַרום הויבט שוין דער חולה אָן צו בויגן מיטן פאַרוואונדעטן פוס; עס איז דער ברוך, וואָס טוט ווי בשעת ער פאַרהיילט זיך. יאָ, אַלצדינג שטעלט זיך איין נאָכאַמאָל — ביז ס'וועט ווייטער עפּעס געשען.

דער טאָג-טעגלעכער גאַנג; קליינע עסקים, וואָס זענען אַלע וויכטיק פאַר די תושבים אַליין. אָ, עס זענען נישט קיין קלייניקייטן נאָך אַלע-מען — וויכטיקע סיבות, וואָס אָן זיי הענגט אָפּ זייער גליק, זייער טרייסט און וואוילזיין.

אין דער אָפּרו-צייט צווישן פאַרזייען און שניט טעסט יצחק אַרום עטלעכע נייע ביימער-שטאמען, וואָס ער האָט אונטערגעהאַקט; מן הסתם האָט ער שוין אַ נייעם פּלאַן. ער גראָבט אויך אויס אַ צאָל פיינע שטיינער און ברענגט זיי צוטראָגן צום הויז; ווען ער האָט זיי שוין גענוג, שטעלט ער זיך בויען אַ וואַנט. מיט אַ יאָר אָדער צוויי צוריק וואָלט אינגער געווען נייגעריק, זיך געוואונדערט און געפרעגט, וואָס זיין כּונה איז מיט אָט דער נייער אַרבעט זיינער, — איצט איז זי מערסטנטיילס פאַרנומען מיט דער אייגענער אַרבעט, און שטעלט נישט קיין פראַגן. אינגער איז פאַרנומען ווי אַלעמאָל, נאָר זי האָט אָנגעהויבן אונטערזינגען, — דאָס איז געווען גאָר עפּעס אַ נייעס, און אלישען לערנט זי אַן אָוונט-תפילה; דאָס איז אויך עפּעס אַ נייעס. יצחקן פעלן איצט פראַגן; עס איז געווען איר נייגעריקייט און איר לויב פאַר אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, און געמאַכט אים פאַרן צופרידענעם מאַן, דעם אומפאַרגלייכלעכן מאַן, וואָס ער איז געווען. איצט אָבער גייט זי פאַרביי און זאָגט גאָרנישט, אָדער העכסטנס אַ וואָרט אָדער צוויי, אַז ער אַרבעט זייער שווער און וועט זיך איבעראַרבעטן אויף טויט. — „זי איז פאַרדאגהט פון דעם לעצטן מאָל" — טראַכט יצחק צו זיך אַליין.

אָלינאַ קומט צו זיי נאָכאַמאָל צו גאַסט. ווען אַלץ וואָלט געווען אַזוי ווי פריער, וואָלטן זיי זי אויפגענומען גאָר גוט. נאָר איצט איז אַנדערש. אינגער באַגעגנט זי לכתחילה מיט עפּעס אַ שנאה; זאָל זיין וואָס עס איז, נאָר עפּעס איז דאָ אין דעם, וואָס אינגער קוקט אויף איר ווי אויף אַ שונא.

— ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך'ל אַנקומען אין דער ריכטיקער צייט נאָכאַמאָל, — זאָגט אָלינאַ מיט אַן איידעלע אָנצוהערעניש.

— וואָס מיינסטו?

— כ'מיין וועגן דעם דריטן קינדס טויפן. ווי גייט עס דיר איצט?

— ניין, — זאָגט אינגער. — אויב צוליב דעם, האָסטו געקאָנט פאַרשפּאָרן די טרחה.

— הא.

אָלינאַ הויבט אָן צו לויבן די קינדער; אַזעלכע גרויסע און שיינע אין יצחק באַאַרבעט מער לאַנד און בוים, זעט אויס, אַ נייעם נבין; גאָר

קיין סוף נישט צו זייערע אַלע זאַכן; אַ וואונדערלעך אָרט, שווער צו געפינען זיינס גלייכן. — „און וואָס בויט ער איצט?"

— פרעג אים אַליין, — זאָגט אינגער, — איך ווייס נישט.

— ניין, — זאָגט אַלינאַ. — ס'איז נישט מיין עסק. איך בין נאָר געקומען זען, וואָס איר מאַכט דאָ אַלע; ס'איז אַ פאַרגעניגן און אַ פרייד פאַר מיר דאָס אַלץ צו זען. וואָס שייך גאָלדהאָרן, וועל איך וועגן איר נישט פרעגן, נישט רעדן — זי איז אריינגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט, ווי יעדער איינער קאָן זען.

אַ ווײַלע רעדן זיי פריינטלעך. אינגער איז מער נישט אָנגעשטויסן. דער זייגער אויף דער וואַנט קלינגט מיט זיין זיסן קלאַנג. אַלינאַ קוקט אַרויף מיט טרערן אין די אויגן; נאָך קיינמאָל אין איר איינפאַך לעבן האָט זי נישט געהערט אַזאַ מין זאַך — פונקט ווי אין קלויסטער די אָרגל-מוזיק, זאָגט זי. אינגער דערפילט זיך רייך און גרויסמוטיק בנוגע צו איר אָרעמער קרובה און זאָגט: — קום אריין אין צווייטן צימער און זע מיין וועבשטול.

אַלינאַ פאַרבלייבט דעם גאַנצן טאָג. זי רעדט צו יצחקן און לויבט אַלע זיינע אַרבעטן. „און איך הער, אַז איר האָט אָפּגעקויפט דאָס לאַנד מײלן ווייט אין יעדער זייט. האָט איר עס נישט געקאָנט קריגן פאַר אומזיסט? איך זע נישט, ווער ס'זאָל עס קאָנען צונעמען ביי אייך".

יצחק האָט זיך גענויטיקט אין שבחים, און פילט זיך בעסער איצט. דערפילט, אַז ער איז ווידעראַמאָל אַ מאַן. „איך קויף ביי דער רעגירונג", זאָגט ער.

— יאָ, ביי דער רעגירונג. זיי האָבן אָבער זיכער נישט געדאַרפט נעמען ביי אייך אַזויפיל. און וואָס בויט איר איצט?

— איך ווייס נאָכנישט באַשטימט. נישט קיין גרויסע זאַך.

— יאָ, איר זענט מצליח; איר בויט און זענט מצליח. געפאַרבטע טירן צום הויז און אַ זייגער אויף דער וואַנט — כ'בין אייך חושד, אַז איר בויט איצט אַ ניי גרויס הויז.

— איר מיט אייערע נאַרישע רייד... — זאָגט יצחק. נאָר צופרידן איז ער ביז גאָר, און רופט זיך אָן צו אינגערן: — וואָלסטו אפשר געקאָנט מאַכן עפעס אַ מאכל פון סמעטענע און מילך פאַר אונזער גאַסט?

— ניין, — זאָגט אינגער, — כ׳קאָן נישט, איך האָב אויסגעשלאָגן די גאַנצע מילך.

— ס׳זענען נישט קיין נאַרישע רייד מיינע, — מישט זיך אָלינא אַריין גיך; — איך בין מער נישט ווי אַ פּשוטע פרוי, וואָס פרעגט, כּדי צו וויסן. או אויב עס איז נישט קיין נײַ גרויס הויז, נו, וועט עס זיין אַ נייער גרויסער שייער; און פאַרוואָס נישט? מיט די אַלע פעלדער און לאָנקעס, אַלץ בליט און וואַקסט; אַ לאַנד פון מילך און האָניק, ווי די הייליקע שריפט זאָגט.

יצחק פרעגט: — און ווי האַלט עס מיט דעם גערעטעניש אין אייערע מקומות?

— אַלץ ווי געווען. דער באַשעפער זאָל נאָר נישט אַראָפּשיקן קיין פייער ווידעראַמאָל היינטיקס יאָר און ס׳זאָל פאַרברענען די פעלדער — גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד. אַלץ איז אין זיין האַנט, אין זיין אַלמעכטיקן כּח. קיין אײַן גוט פון אונזערע מקומות קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט דיינעם דאָ, דאָס איז דער ריינער אמת.

אינגער פרעגט זיך נאָך אויף אירע קרובים. אויפן פעטער סיווערט גאָר באַזונדערס. ער איז עס דער מיוחס אין דער משפּחה, און באַזיצט די רייכע פישערייען; נאָך אַביסל און ער וועט שוין גאָרנישט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיין עשירות. יצחק מיט זיינע אויפטוען ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַרויסגעשטופּט פונם שמועס; קיינער פרעגט אים שוין מער נישט וועגן זיין איצטיקן נייעם געביי, ביז ענדלעך ער זאָגט: — נו, איז אויב איר, אָלינאַ, ווילט שוין יאָ וויסן — איז עס אַ קליינער שייער מיט אַ דרעש-דיל, וואָס איך פּרוּוו דאָ אויפשטעלן.

— פונקט ווי איך האָב געקלערט, — זאָגט אָלינאַ. — מענטשן מיט אמתן פאַרשטאַנד אין זייערע קעפּ טראַכטן אַלעמאָל נאָך, וואָס זיי זאָלן טאָן פריער און וואָס שפּעטער. זענען זיך מיישב און טראַכטן נאָך אַלץ, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ס׳איז נישטאָ דאָ קיין איין טאָפּ אָדער קרוג, וואָס דו זאָלסט נישט האָבן געטראַכט פון דעם. אַ דרעש-דיל, האָט איר געזאָגט?

יצחק איז אַ קינד. אָלינאַס חניפה-רייד גייען אים אַריין אין קאָפּ, און ער פאַרלירט זיך און ענטפערט נאַריש מיט פיינע ווערטער: — וואָס

שייך דעם נייעם הויז מיינעם, מוז זיך געפינען אַ דרעש־דיל אין דעם, אומבאַדינגט. דאָס איז מיין כונה.

— אַ דרעש־דיל? — זאָגט אָלינאַ, און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— און וואו איז דער שכל צו לאָזן וואַקסן קאָרן און נישט האָבן וואו צו דרעשן אים?

אינגער ברוגזט זיך כּיטאַמאָל ווידער אָן. דער שמועס צווישן די אַנדערע צוויי פאַרדריסט איר עפּעס, און זי שלאָגט זיי איבער: —

— סמעטענע מיט זיסן אודאי! און וואו וועט מען נעמען סמע־טענע? פון טייך אפשר?

אָלינאַ איילט זיך צו מאַכן שלום. „אינגער, קינד מיינס, גאָט זאָל דיך בענטשן, רעד נישט מער וועגן אַזעלכע זאַכן — צו וואָס זיך גאָר מטריח זיין פאַר אַזאַ זקנה ווי איך, וואָס טוט גאָרנישט, נאָר שלעפּט זיך אַרום פון הויז צו הויז...!“

יצחק זיצט נאָך אַ ווײַלע, דערנאָך הויבט ער זיך אויף און טוט מיטאַמאָל אַ זאָג: — דאָ זיך איך און טו גאָרנישט אינמיטן העלן טאָג, און שטיינער דאַרף מען אויסגראָבן און ברענגען פאַר דער וואַנט מיינער!

— יאָ, אַזאַ וואַנט וועט פאָדערן אַ סך שטיינער, אודאי.

— שטיינער? — זאָגט יצחק, — גלייך ווי ס'וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געוועזן גענוג.

נאָך יצחקס אַוועקגיין שמועסן נאָך די צוויי פרויען אַ ווײַלע היי־מיש; זיי זיצן און רעדן שעהן־לאַנג וועגן זיך און וועגן דאָרף. אין אָוונט מוז אָלינאַ אַרויסגיין זען אויף וויפיל זייער פי האָט זיך פאַרמערט: קי, אַ ביק, צוויי קעלבלעך, און אַ געווימל פון שאָף און ציגן. „איך זע גאָר קיין סוף נישט צו דעם אַלעמען“, — זאָגט אָלינאַ, און ווענדט זיך מיט אירע אויגן צום הימל.

און אָלינאַ בלייבט נעכטיקן.

אינדערפרי גייט זי אַוועק. אויך דאָס מאָל טראָגט זי אַ בינטל זאַכן מיט זיך. יצחק אַרבעט ביי די שטיינער און זי גייט מיט אַן אַנדער וועג, ער זאָל זי נישט זען.

— צוויי שעה שפּעטער קומט אָלינאַ צוריק, גייט אַריין אין הויז און פרעגט גלייך: — וואו איז יצחק?

אינגער וואַשט כלים. אָלינאַ האָט געמוזט פאַרבייגיין דעם שטיינ־

ברוך, וואו יצחק אַרבעט, און וואו די קינדער זענען מיט אים; אינגער טרעפט גלייך, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק.

— יצחק? נאָך וואָס דאַרפסטו אים?

— נאָך וואָס איך דאַרף אים? — אָ, ס׳איז נישט וויכטיק. מער נישט — איך האָב אים נישט געזען צו געזעגענען זיך מיט אים.

שטילשווייגן. אָלינא זעצט זיך צו אויף אַ באַנק נישט געבעטענער־הייט, פאַלט אנידער, ווי אירע פיס וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו טראָגן זי ווייטער. איר באַנעמונג איז מיט אַ כיון אַזוי, צו ווייזן, אַז ס׳האָט גע־טראָפן עפּעס אַ וויכטיקע זאַך; זי איז פאַרמאַטערט.

אינגער קאָן זיך שוין מער נישט איינהאַלטן. איר פּנים איז אָנגע־גאָסן מיט כעס און מורא, און זי זאָגט:

— איך האָב געזען, וואָס דו האָסט מיר אונטערגעשיקט מיט אָס־אַנדערסן. אַ טייערער געשאַנק געווען.

— וואָס... ווען...?

— דעם האָז?

— וואָס מיינסטו? — פרעגט אָלינאַ מיט אַ משונה־ווייכן קול.

— פרוו נישט פאַרלייקענען! — שרייט אינגער, מיט ווילדע אויגן — איכ׳ל דיר צעשקראַבען דאָס פּנים מיט אָט דעם קאָכלעפל — נאַ דיר!

געשלאָגן? יאָ, דאָס האָט זי געטאָן. אָלינא האָט צוגענומען דעם ערשטן קלאַפּ און נישט אומגעפאַלן, נאָר בלויז אויסגעשריען: — „באַ־טראַכט זיך וואָס דו טוסט. פרוי! איך ווייס עפּעס וועגן דיר און וועגן דיינע מעשים!“ אינגער דערלאַנגט איר נאָכאַמאָל, ווארפט אָלינאַן אַראָפּ אויפן דיל, פאַלט אויף איר אַרויף און טרעט זי מיט די פיס.

— ווילסטו מיך דערהרגענען? — פרעגט אָלינא. די שרעקלעכע פרוי מיט דער צעשפּאָלטענער האָזן־ליפּ און מיט אַ געוואַלדיקער גבורה האָט געקניט אויף איר, און אין דער האַנט נעהאַלטן אַ גרויסן הילצערנעם קאָכלעפל, שווער ווי אַ דראָנג. אָלינא איז שוין געווען צעהרגעט און צע־בלוטיקט, נאָר אַלץ נאָך שטום, זיך איינגעהאַלטן פון שרייען. „אַזוי, ווילסטו הייסט עס מיך אויך הרגענען?“

— יאָ, טויטן דיך! — זאָגט אינגער, שלאָגנדיק זי ווייטער. — „נאַ דיר! איכ׳ל דיך זען אַ טויטע, איידער כ׳וועל פּאַרטיק ווערן מיט דיר“.

איצט איז זי געווען איבערצייגט אין דעם. אָלינא האָט געוואוסט איר

סוד, האָט איר איצט גאָרנישט געאַרט. — „איכ׳ל דיר צעפּלעטן דיין חיהש פּנים״.

— חיהש פּנים? — כאַפּט איבער דעם אָטעם אָלינאַ. — קוק נאָר אָן דיין פּנים. מיט קינס צייכן אויף דעם!

אָלינאַ איז האַרט און וועט נישט נאָכגעבן; אינגער איז געצוואונגען אויפצוהערן שלאָגן, וואָס מאַטערט זי שטאַרק אויס. נאָר זי סטראַשעט נאָך אַלץ — גלאָצט אין דער צווייטערס אויגן און שווערט זיך, אַז זי איז נאָך מיט איר נישט פאַרטיק. — „וואַרט נאָר ביז איכ׳ל קריגן אַ מעסער! איכ׳ל דיר ווייזן!״

זי שטעלט זיך אויף און באַוועגט זיך, ווי זי וואָלט געזוכט אַ מעסער, אַ טיש-מעסער. נאָר איצט איז איר דער כּעס שוין אַביסל אָפּגעגאַנגען, און זי באַנוגנט זיך מיט שעלטן און זידלען. אָלינאַ זעצט זיך צוריק אויף דער באַנק, איר פּנים איז אינגאַנצן בלוי און געל, געשוואָלן און בלוטיקט; זי שאַרט אָפּ די האָר פון פּנים שטערן, גלייכט אויס איר קאָפּ-טיכל און שפּייט אויס; אויך איר מויל איז צעהרגעט און געשוואָלן. „דו טייוול!״ — זאָגט זי.

— דו האָסט געזוכט אין וואַלד! — שרייט אינגער. — אָט וואָס דו האָסט געטאָן, און געפונען דאָס קליינע קבר׳ל. בעסער וואָלסטו געווען אויסגעגראָבן איינעם פאַר זיך אין דערזעלבער צייט.

— דו וואַרט נאָר צו, — זאָגט אָלינאַ, און אירע אויגן גלאַנצן מיט נקמה. — איכ׳ל מער נישט רעדן — נאָר דו וואַרט — וועסט שוין נישט האָבן קיין טייער הויז מיט צוויי צימערן. מיט זינגענדיקע זייגערס אויף די ווענט.

— דו קענסט עס ביי מיר נישט צונעמען סיי-ווי!

— וואַרט נאָר, דו וועסט שוין זען, וואָס אָלינאַ קען.

אַזוי האַלטן זיי אין קריגן זיך. אָלינאַ שעלט נישט און קוים וואָס זי העכערט איר קול, ס׳איז אַפילו פאַראַן עפּעס פריינטלעכס אין איר קאַלטער אַכזריות, נאָר זי איז שרעקלעך פאַרביטערט. „וואו איז דאָס בינטל?״ כ׳האָב עס געלאָזט אין וואַלד, וועסט עס קריגן צוריק — איך דאַרף נישט האָבן דיין וואָל.

— האַ, מיינסטו, אַז כ׳האָב עס געגנבעט אפשר?

— דו ווייסט בעסער, וואָס דו האָסט געטאָן.

אַזוי קריגן זיי זיך ווידעראַמאָל איבער דעם וואָל. אינגער זאָגט, אַז זי איז גרייט צו ווייזן איר די שאָף, פון וועלכער די וואָל איז אָפּ-געשוירן. אָלינאַ ענטפערט צוריק שטיל און גלאַטיק: — יאָ, נאָר ווער ווייסט וואו דו האָסט גענומען די ערשטע שאָף?

אינגער רופט אָ' דאָס אָרט און די לייט, וואו אירע ערשטע שאָף מיט זייערע שעפּעלעך האָבן זיך אויפגעהאַלטן. „און דו געדענק און היט זיך, וואָס דו רעדסט, — זאָגט זי סטראַשנדיק איר, — האַלט, ס'מויל, אַז נישט וועסטו חרטה האָבן".

— האַ-האַ-האַ! — לאַכט אָלינאַ ווייך. אָלינאַ פאַרלירט זיך קיינמאָל נישט. — „מיין מויל, האַ? און וואָס איז וועגן דיינעם, מיין טייערע?" זי ווייזט מיטן פינגער אויף אינגערס האָזן-ליפּ און זאָגט: אַ פאַרזעעניש פאַר גאָט און לייט.

אינגער ענטפערט איר ווילד, אויפגעבראַכט. אָלינאַ איז אַ פּעטע. רופט זי זי געשוואָלענע גוליע — „א געשוואָלענע צויג, וואָס דו ביסט. דו האָסט מיר אונטערגעשיקט אַ האָז — איכ'ל דיר אָפּצאָלן דערפאַר".

— ווידעראַמאָל דער האָז? — זאָגט אָלינאַ. — וואָלט איך אַזוי ריין זיין פון אַנדערע זינד, ווי פונם האָז. ווי האָט ער אויסגעזען?

— ווי האָט ער אויסגעזען? ווי זעט אַ האָז אַלעמאָל אויס?

— ווי דו. דערזעלבער אויסזען.

— אַרויס פון דאַנעט — אַרויס! — שרייט אינגער. — דו האָסט אונטערגעשיקט מיט אָס-אַנדערסען יענעם האָז. איך וועל זען, מ'זאָל דיר באַשטראָפן; מ'זאָל דיך איינזעצן אין תּפיסה.

— תּפיסה — תּפיסה האָסטו געזאָגט?

— אָ, ביסט מיך מקנא און פאַרגינסט מיר נישט דאָס אַלץ, וואָס דו זעסט דאָ; דו האָסט מיך פאַר די אַלע גוטע זאַכן, וואָס יך פאַרמאָג,— זאָגט איננער ווייטער. — די קנאה קאָכט אין דיר פון יענער צייט אָן, וואָס איך האָב געקראָגן יצחקן מיט אַלץ, וואָס דאָ איז פאַראַן. גאָט אין הימל, וואָס האָב איך דיר, פּרוי, געטאָן? איז עס מיין שולד, וואָס דיינע קינדער האָבן נישט געטויגט צו גאָרנישט אויף דער וועלט, און גע-וואָרן פאַרדאָרבן איינס נאָך איינס? דו קאָנסט נישט פאַרטראָגן מיינע קינדער, ווייל זיי זענען שענער און געזונטער און מיט שענערע נעמען

איידער דיינע. איז עס מיין שולד, וואָס זייער פלייש און בלוט איז ריי-נער פון דיינע קינדערס?

קיין אַנדער זאַך האָט נישט געקאָנט אַזוי אויפרייצן אָלינאַן ווי דאָס. זי האָט געבוירן עטלעכע מאָל, און אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, איז אירע קינדער, אַזוי ווי זיי זענען; זי פלעגט זיי ליבן און זיך געריימט מיט זיי, דערציילט פאַרשידענע זאַכן, וואָס זיי האָבן אינדעראמתן קיינ-מאָל נישט געטאָן, און פאַרבאַהאַלטן זייערע חסרונות.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — ענטפערט אָלינאַ, — אָ, יוי דו זינקסט נישט איין פאַר חרפה! מיינע קינדער! ווי די מלאכים אין הימל זענען זיי אַנטקעגן דיינע: דו האָסט די העזה צו רעדן וועגן מיינע קינדער? זיבן געבענטשטע מתנות פון גאָט זענען זיי געווען פון קליינווייז אויף, און אַלע זענען אויפגעוואַקסן. דו האָסט די העזה צו רעדן...

— און וואָס איז וועגן ליזאַן, וואָס איז פאַרשיקט אין תפיסה? — כרעגט אינגער.

-- פאַר גאָרנישט. זי איז געווען אומשולדיק ווי אַ בלום, — ענט-פערט אָלינאַ, — און זי איז אין בערגען איצט; לעבט אין אַ שטאָט און טראָגט אַ הוט — אָבער וואָס איז וועגן דיר?

— און וואָס איז וועגן נילסן — וואָס האָט מען גערעדט וועגן אים?

— אָ, איך וועל זיך נישט דערנידעריקן צו ענטפערן דיר. נאָר דאָרטן ליגט איינס פון דיינע באַגראָבן אין אַ קבר אין וואַלד, — וואָס האָסטו מיט דעם געטאָן, אַ?

— איצט פאַרנעם דיך פון דאַנעט גלייך! אַרויס! — שרייט אינגער ווידעראַמאָל און גיט זיך אַ לאָז צו אָלינאַן.

נאָר אָלינאַ רירט זיך נישט פון אָרט, שטעלט זיך אפילו נישט אויף. איר אומגעלומפערטע גלייכגילטיקייט פאַראַליזירט אינגערן, וואָס ציט זיך צוריק און מורמלט: — וואַרט נאָר ביז איכ'ל געפינען דאָס מעסער.

— דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין, — זאָגט אָלינאַ, — איך גיי. נאָר דו, וואָס טרייבסט אַרויס דיין אייגענע משפחה פון הויז... ניין, כ'וועל מער נישט רעדן.

— אַרויס פון דאַנעט!

נאָר אָלינאַ גייט נאָכנישט אַוועק. ביידע הויבן אָן אויפסניי צו קריגן זיך און טשעפּען זיך איינע צו דער צווייטער, אַ לענגערע ווײַלע אַזוי, און ווען דער זייגער שלאָגט האַלב, לאַכט אָלינאַ צאָרנדיק, און דאָס מאַכט אינגערן נאָך ווילדער. צולעצט קילן זיך ביידע אַביסל אָפּ און אָלינאַ גרייט זיך אין וועג אַריין. „איך האָב אַ לאַנגן וועג פאַר מיר, — זאָגט זי, — און די נאַכט קומט אָן. וואָלט אַודאי נישט געשאַדט צו האָבן מיט זיך עפּעס איבערצוכאַפּן אויפן וועג...‟

אינגער ענטפערט גאָרנישט. איר פאַרשטאַנד האָט זיך שוין אומגעקערט צו איר, און זי גיסט אָן וואַסער אין אַ שיסל, פאַר אָלינאַן אַרומצוואַשן זיך. „אָט האָסטו וואַסער — אויב דו ווילסט זיך אַרומוואַשן דאָס פּנים‟, — זאָגט זי. אָלינאַ דענקט אויך, אַז ס'איז גלייכער פאַר איר זיך אַרומצוואַשן, איידער זי לאָזט זיך אין וועג אַריין, נאָר זי קאָן נישט זען, וואו די בלוט-פלעקן זענען, און וואַשט נישט דאָרטן, וואו מען דאַרף. אינגער קוקט זיך צו אַ ווײַלע און דערנאָך ווייזט זי איר אָן מיט אַ פינגער.

— אָט דאָ — וואַש דאָ אויך, אַרום אויג. ניי[illegible] דאָס אויג, נאָר דאָס צווייטע, קאָנסטו נישט זען, וואו איך ווייז דיר?

— ווי אַזוי קאָן איך זען, אויף וועלכן אָרט דו ווייזט אָן, — ענטפערט אָלינאַ.

— אין דאָרטן איז פאַראַן נאָך, לעבן דײַן מויל. וואָס ציטערסטו אַזוי פאַרן וואַסער? ס'וועט דיך נישט אָפּבײַסן!

צום סוף וואַשט איר אינגער אַליין אָפּ דאָס פּנים, און וואַרפט איר צו אַ האַנטוך.

— וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, — זאָגט אָלינאַ, זיך אַרומווישנדיק און גאַנץ פרידלעך, — וועגן יצחקן און די קינדער — ווי אַזוי וועט עס אויף זיי ווירקן?

— ווייסט ער דען פון דעם? — פרעגט אינגער.

— צי ער ווייסט? ער איז צוגעקומען און עס 'געזען.

— און וואָס האָט ער געזאָגט?

— וואָס האָט ער געקאָנט זאָגן? ער איז געבליבן שטום, ווי איך. שטילשווייגן.

— אַלץ איבער דיר, — צעיאָמערט זיך אינגער מיט טרערן אין די אויגן.

— מיין שולד? וואָלט איך אָזוי נישט געוואוסט צו רעדן וועגן דעם!

— איכ׳ל פרעגן אָס-אַנדערסן סיי-ווי, מעגסט זיין זיכער אין דעם.

— אדרבא, פרעג.

זיי רעדן איצט איבער אלץ זייער שטיל, און אָלינא זעט איצט אויס צו זיין ווייניקער נקמהדיק ווי פריער. אַ כיטרע פרוי איז זי און געשיקט אויף צו געפינען אַן אויסוועג; זי רעדט איצט ווי מיט מיטלייד.— ווי שרעקלעך עס וועט זיין פאַר יצחקן און פאַר די קינדער, ווען מ׳וועט זיך וועגן דעם דערוויסן!

— יאָ, — זאָגט אינגער, און צעווייגט זיך ווידער. — כ׳האָב וועגן דעם געטראַכט און געטראַכט טאָג און נאַכט. — אָלינאַ דענקט, אַז זי וועט איר קאָנען ארויסהעלפן און אומגליק. זי קאָן קומען און פירן דאָס הויז, ביז אינגער וועט זיך אומקערן פון דער תפיסה.

אינגער הערט אויף צו וויינען; הערט אויף פלוצלינג, ווי אויף צו-צוהערן זיך און איבערטראַכטן. „ניין, דיך אַרט נישט פאַר מיינע קינדער״.

— מיך אַרט נישט פאַר זיי, אַז ווי קאָנסטו גאָר אַזוינס זאָגן?

— אָ, איך ווייס...

— אויב ס׳איז פאַראַן אויף דער וועלט אזאַ זאַך, צו וואָס איך זאָל זיך אָפּגעבן מיטן גאַנצן האַרץ — איז דאָס נאָר קינדער.

— יאָ, פאַר דיינע אייגענע, — זאָגט אינגער, — אָבער ווי וועסטו זיך באַגיין מיט מיינע? און ווען איך טראַכט, ווי דו האָסט מיר אונטער-געשיקט יענעם האָז בלויז אומגליקלעך מיך צו מאכן אינגאַנצן — אָ, ביסט מער נישט ווי איין שטיק שלעכטס!

— איך? — זאָגט אָלינאַ, — מיינסטו דאָס מיך?

— יאָ, דיך מיין איך, — זאָגט אינגער וויינענדיק, — דו ביסט אַ גאָטלאָזע מכשפה, אָט וואָס דו ביסט, און איך וועל זיך אויף דיר נישט פאַרלאָזן. און די גאַנצע וואָל וואָלסטו צוגעגנבעט, ווען דו וואָלסט געקומען. אין אַלע קעזן וואָלטן אַוועקגעגאַנגען צו דיין משפחה אָנשטאָט צו מיינער...

— אָ, דו פאַרדאָרבענע בריאה, צו טראַכטן וועגן אַזאַ זאַך! — ענטפערט אָלינאַ.

אינגער וויינט און ווישט זיך די אויגן, און לאָזט אַרויס אַ פּאָר ווערטער. אָלינאַ זאָגט, אַז זי צווינגט זי נישט. אויב אינגערן געפעלט נישט דער פּלאַן, איז איר אַלצאיינס. זי קאָן זיך גיין און זיין ביי איר זון נילס, ווי אַלעמאָל. נאָר איצט, ווען אינגערן וועט מען אריינזעצן אין תפיסה, וועט זיין אַ שווערע צייט פאר יצחקן און די אומשולדיקע קינדער; אָלינא קאָן בלייבן אין הויז און אַכטונג געבן אויף אַלץ. „קאָנסט זיך איבערלייגן", — זאָגט אָלינאַ.

אינגער האָט פאַרלוירן דעם טאָג. זי וויינט און שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אַרונטער. זי גייט אַרום ווי אין שלאָף, און מאַכט אַ פּעקל עסנוואַרג פאר אָלינאַן מיטצונעמען.

— ס'איז מער וויפיל דיין טרחה איז ווערט, — זאָגט אָלינאַ.

— קאָנסט זיך נישט לאָזן גיין דעם גאַנצן לאַנגן וועג אָן עפּעס וואָס איבערצובייסן, — זאָגט אינגער.

נאָך אָלינאַס אַוועקגיין גנבעט זיך אינגער אַרויס, קוקט זיך אַרום, און הערט זיך צו. ניין, פון שטיינברוך הערט זיך נישט קיין קלאַנג. זי גייט צו נענטער און הערט, ווי די קינדער שפּילן זיך מיט קליינע שטיינער. יצחק זיצט, האַלט דעם בּרעכשטאַנג צווישן די קני און לענט זיך אָן אויף אים, ווי אויף אַ שטעקן. אַזוי זיצט ער דאָרטן.

אינגער גנבעט זיך צו צום וואַלד־ראַנד. דאָרטן האָט זי געהאַט אַריינגעשטעקט אַ קליינעם צלם אין דער ערד; דער צלם ליגט איצט איבערגעקערט און דאָרטן, וואו ער האָט געשטעקט, איז דער טאָרף אונטערגעהויבן, און די ערד איבערגעקערט. זי בויגט זיך איין און שאַרט צונויף די ערד מיט די הענט און זיצט אַזוי.

זי איז אַרויסגעקומען אויס נייגיריקייט צו זען, ווי ווייט דאָס קליינע קבֿרל איז צעשטערט געוואָרן פון אָלינאַן; זי זיצט איצט דאָרט, ווייל די בהמות זענען נאָך אַהיים נישט געקומען אויף נאַכט. זי זיצט און וויינט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, און קוקט אַראָפּ.

## VII

אוּן די טעג פאַרגייען.

אַ געבענטשטע צייט פאַר די פעלדער. אַ צייט פוּן זוּן אוּן גאָס־רעגנס; די תּבוּאות וואַקסן גוּט. דער היי־שניט איז שוין באַלד אַריבער, זיי האַבן אָנגעזאַמלט אַ גרויסע מאַסע היי, אַ סך מער, וויפיל זיי האָבן געקאָנט געפינען אָרט פאַר דעם, אַביסל איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אוּנ־טער די ארויססטאַרטשענדיקע פעלזן, אין שטאַל, אוּנטערן דיל אין הויז; דער זייטיקער קאמער איז אויסגעליידיקט פוּן אַלצדינק, כּדי אין אים זאָל קאָנען אַריין וואָס מער היי. אינגער אַליין אַרבעט פרי אוּן שפּעט, אַ געטרייע העלפערין אוּן אַ שטיץ. יצחק נוּצט אויס יעדע רעגנס־צייט צוּ פאַרענדיקן דעם דאַך אויפן נייעם שייער, אוּן צוּ פאַרענדיקן אַמוויי־ניקסטנס די צפון־וואַנט אינגאַנצן; האָט ער נאָר יענע וואַנט פאַרטיק קאָנען זיי אָנלייגן היי וויפיל זיי ווען נאָר האָבן. די אַרבעט גייט פאָרווערטס; זיי וועלן אויסקוּמען, נאָר נישט געזאָרגט!

אוּן זייער גרויסער קוּמער אוּן צרה, — יאָ, זי איז געווען דאָרטן, די זאַך איז געווען אָפּגעטאָן, אוּן וואָס ס׳דאַרף קוּמען וועט קוּמען. גוּטע זאַכן לאָזן מערסטנס נישט איבער קיין שפּוּרן נאָך זיך, נאָר עפּעס בלייבט שטענדיק איבער נאָך שלעכטע זאַכן. יצחק האָט זיך צוּערשט צוּם גאנצן ענין באַצויגן פאַרנוּנפטיק. ער האָט קיין סך רייד איבער דעם נישט פאַרלוירן, מער נישט געפרעגט זיין ווייב: — ווי האָסטוּ עס געקאָנט טאָן? אינגער האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט. אוּן אַביסל שפּעטער האָט ער ווידער געפרעגט: האָסט עס דערשטיקט — אַזוי?

— יאָ — האָט אינגער געזאָגט.

— נישט באַדאַרפט עס טאָן.
— ניין. — האָט זי איינגעשטימט.
— און איך קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי דו האָסט געקאָנט ביי זיך פועלן דאָס צו טאָן.
— זי איז געווען פונקט ווי איך, — האָט אינגער געזאָגט.
— וואָס מיינסטו?
— איר מויל.
יצחק האָט אַביסל זיך פאַרטראַכט וועגן דעם און דערנאָך געזאָגט: — נו, גוט.
און מער איז וועגן דעם ענין די צייט גאָרנישט גערעדט געוואָרן; די טעג זענען זיך געגאַנגען פרידלעך ווי אַלעמאָל; מ׳האָט באַדאַרפט צונויפקלייבן די גאַנצע מאַסע היי, און אַ זעלטן גערעטעניש איז געווען אַרום און אַרום, אַזוי אז ביסלעכווייז איז דער גאַנצער ענין אָפּגעשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט פון זייערע געדאַנקען. נאָר געהאנגען איז עס אינדערלופטן איבער זייערע קעפּ און איבערן הויז. זיי האָבן נישט געקאָנט האָפן, אַז אָלינא זאָל האַלטן סוד, ס׳איז מער וויפיל מ׳קאָן פון איר דערוואַרטן. און ווען אַפילו אָלינאַ זאָל גאָרנישט נישט זאָגן, וועלן אַנדערע רעדן; שטומע עדות — וועלן געפינען לשון; די ווענט פונם הויז, די ביימער אַרום דעם קליינעם קבֿרל אין וואַלד. אָסאַנדערס דער לאַפּ וועט געבן אָנצוהערן, אינגער אַליין וועט זיך אויסגעבן שלאָפנדיקערהייט, אָדער וואַכנדיק. זיי זענען געווען צוגעגרייט פאַר דאָס ערגסטע.
יצחק האָט דעם ענין גענומען פאַרנונפטיק, — וואָס דען נאָך האָט ער געקאָנט טאָן? ער האָט פאַרשטאַנען איצט, פאַרוואָס אינגער האָט זיך יעדעס מאָל באַמיט צו בלייבן אַליין ביים געבורט; צו זיין אַליין מיט איר שרעק און דערזען ווי דאָס קינד וועט אויסזען, און באַגעגענען די געפאַר, ווען קיינער וועט נישט זיין לעבן איר. — דריי מאָל האָט זי דאָס זעלבע געטאָן! יצחק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, גערירט פון רחמנות אויף איר שלים-מזל, — אָרעמע אינגער. ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם לאַפּס קומען מיטן האָז, און ער האָט איר פארגעבן. דאָס האָט געפירט צו אַ שטאַרקער ליבע צווישן זיי, אַ ווילדע ליבע; און דערנענט האָבן זיי זיך איינער צום אַנדערן אין דער סכנה. אינגער איז געווען

איבערפולט מיט אַ פאַרצווייפלטער ליבשאַפט צו איר, און עו, דער גרויסער שווערער מאַן, דער פאַרהאַרטעוועטער טרעגער פון משאות, האָט זי באַגערט מיט זיין גאַנצער שווערער רויקייט, מיט אַ תאוה, וואָס ווייס פון קיין גרענעצן נישט. און אינגער, הגם זי האָט געטראָגן שיך פון רויער פעל, ווי אַלע לאַפן, איז גאָרנישט ענלעך געווען צו די פרויען פון לאַפּלאַנד, נישט געווען קליין און אָפּגעצערט, נאָר גרויסאַרטיק, גרויס־געוויקסיק. ס׳איז געווען זומער איצט, און זי איז אומגעגאַנגען באָרוועס, נאַקעט במעט ביז צו די קני — יצחק האָט נישט געקאָנט נישט קוקן אויף די באָרוועסע פיס.

דעם גאַנצן זומער האָט זי געזונגען שטיקלעך נגונים און אויך געלערנט אַלעמען מתפלל צו זיין; נאָר אינעווייניק אין איר איז ביי איר אויסגעוואַקסן אַ נישט-קריסטלעכער האַס צו אַלע לאַפן, און זי האָט עס אָפן אַרויסגעוויזן צו די, וואָס זענען דורך איר פאַרבייגעגאַנגען. עמיצער האָט זיי אפשר נאָכאַמאָל אונטערגעשיקט; אין ס׳קאָן טרעפן, אז זיי האָבן ווידער אַ האָז אין זייער זאַק — זאָלן זיי זיך בעסער אָפּטראָגן פון דאַנען און גיין זייער וועג.

— אַ האָז? וואָסער האָז?

— אַ, איר האָט אפשר נישט געהערט, וואָס אָס-אַנדערס האָט מיר איינמאָל אָפּגעטאָן?

— ניין.

— נו, מיך אַרט נישט ווער ס׳ווייסט עס — ער איז אַהערגעקומען מיט אַ האָז, ווען איך בין געווען מעוברת.

—טייערע, ס׳אַראַ שרעק! און וואָס האָט געטראָפן?

— דאָס איז נישט אייער עסק, פאַרנעמט זיך פונדאַנעט! דאָ האָט איר אַביסל עסנוואַרג און גייט אייך.

— אפשר האָט איר אַ שטיקל לעדער צו פאַרריכטן די שיך?

— ניין, נאָר איכ׳ל אייך געבן מיטן שטעקן, אויב איר פאַרנעמט זיך נישט גלייך!

אַ לאַפּ איז געוואוינט צו בעטלען מיט הכנעה, זאָגט מען אָבער אים אָפּ ווערט ער בייז און זוכט נקמה. אַ פּאָרל לאַפן מיט צוויי קינדער זענען פאַרבייגעגאַנגען די פערמע; די קינדער זענען צוגעשיקט געוואָרן צום הויז עפעס בעטלען, נאָר זיי זענען צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז

קיינער איז נישטאָ. אַלע פיר זענען אַ רגע געשטאַנען און גערעדט אויף זייער שפּראַך, דערנאָך איז דער מאַן צוגעגאַנגען צום הויז אַ קוק טאָן. ער איז אריין אינעווייניק און פאַרבליבן. נאָך דעם איז זיין פרוי אַריינגעקומען און נאָך איר די קינדער; אַלע זענען זיי געשטאַנען אינעווייניק און גערעדט לאַפּיש. דער מאַן שטעקט אַריין זיין קאָפּ אין קליינעם צימער און קוקט זיך אַרום, קיינער איז אויך דאָרטן נישטאָ, דער זייגער שלאָגט אויס די שעה, און די גאַנצע פאַמיליע בלייבט שטיין פאַרוואונדערט און הערט זיך צו.

אינגער האָט אַ פּנים דערפילט, אַז ס׳דרייען זיך פרעמדע מענטשן דאָ אַרום, זי קומט שנעל צולויפן פונם באַרג אַראָפּ, און דערזעענדיק די לאַפּן, פרעמדע לאַפּן נאָך דערצו, פרעגט זי זיי גלייך, וואָס זיי דאַרפן דאָ. „האָט איר נישט געקאָנט זען אַז ס׳איז קיינער נישטאָ אין הויז?״

— ה—ם... — זאָגט דער מאַן.

— פאַרנעמט זיך פונדאַנעט, — זאָגט אינגער ווידעראַמאָל.

און גייט זיך אייער וועג.

די לאַפּן גייען אַרויס פאַמעלעך, נישט ווילנדיק. „מיר האָבן זיך בלויז צוגעהערט צו דעם זייגער אייערן, — זאָגט דער מאַן, — אַ וואונדערלעכער קלאַנג״.

— אפשר האָט איר אַ שטיקל ברויט פאַר אונז? — זאָגט זיין ווייב.

— פון וואַנען קומט איר? — פרעגט אינגער.

— פון יענער זייט וואַסער. מיר האָבן געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט.

— און וואוהין גייט איר איצט?

— אַריבער די בערג.

אינגער גייט אַריין אין הויז און גרייט צו פאַר זיי אַ פּעקל שפּייז; ווען זי קומט אַרויס, הויבט אָן די פרוי ווידער צו בעטלען: אַ שטיקל געוואַנט אויף א היטל, אַ בינטעלע וואָל, אַן איבעריק קעזל — וואָס ס׳נישט־איז. אינגער האָט קיין צייט נישט צו פאַרלירן, יצחק און די קינדער זענען אויפן היי־פעלד. „פאַרנעמט זיך גלייך פונדאַנעט״, — זאָגט זי.

די פרוי פרוווט מיט חניפה; „מיר האָבן געזען אייער פערמע דאָ און די בהמות — אַזוי פיל ווי די שטערן אין הימל״.

— יאָ, אַ וואונדער, — זאָגט דער מאַן, — אפשר האָט איר אַן אַלטע פאָר שיך אַוועקצושענקען אָרעמע מענטשן?

אינגער פאַרהאַקט די טיר פונם הויז און קערט זיך אום צו איר אַרבעט אויפן בערגל. דער מאַן אירער שרייט איר נאָך — זי מאַכט זיך נישט הערנדיק און גייט ווייטער. נאָר זי האָט גאַנץ גוט געהערט: — „איר ווילט אפשר קויפן האָזן?"

ס׳איז נישט געווען קיין טעות, אַזוי האָט ער געזאָגט. דער לאַפּ אַליין האָט עס אפשר אַרויסגערעדט מיט פשוטער תמימות; אָדער עמיצער האָט אים אפשר אָנגעזאָגט, און ער האָט עס געפרעגט מיט אַ שלעכטער כּונה. ווי ס׳זאָל נישט זיין, אינגער האָט עס אָנגענומען ווי אַן אָנזאָג — אַן אָנזאָג אויף דעם, וואָס דאַרף קומען...

די טעג זענען געגאַנגען. די תּושבים זענען געזונטע מענטשן; וואָס ס׳מוז - וועט קומען; זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זייער אַרבעט און געוואַרט. זיי האָבן זיך געגעבנט איינער צום צווייטן, ווי די חיות פון וואַלד; געשלאָפן און געגעסן; דאָס יאָר איז שוין געווען אין די העכערע חדשים, און זיי האָבן שוין פאַרזוכט די נייע קאַרטאָפל. זיי זענען געווען גרויס און מעליק. דער קלאַפּ, וואָס האָט באַדאַרפט אַראָפּפאַלן — פאַר־וואָס איז ער נישט געקומען? ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אויגוסט, באַלד וועט זיין סעפּטעמבער; וועלן זיי געשאַנעוועט ווערן דעם ווינטער? זיי האָבן געלעבט אין אַ שטענדיקער וואַכזאַמקייט; יעדע נאַכט זענען זיי צוגעקראָכן נאָענט איינער צום צווייטן אין זייער הייל, זיך געפרייט, וואָס דער טאָג איז אַריבער אָן אַ פּאַסירונג. און אַזוי איז זיך די צייט גע־פלאָסן ביז איינעם אַ טאָג אין אָקטאָבער, ווען צו זייער הויז איז צוגע־פאָרן דער לענדסמאַנד מיט נאָך אַ מאַן, מיט אַ טעקע פּאַפּירן אין האַנט, און אַריבערגעשפּאַנט איבער זייער שוועל.

די אונטערזוכונג האָט געדויערט אַ שטיקל צייט. אינגער איז אַוועקגערופן און אויסגעפאָרשט געוואָרן באַזונדער; זי האָט גאָרנישט נישט געלייקנט. דער קבר אין וואַלד איז געעפנט געוואָרן, און דאָס גופל אַרויסגענומען און אַוועקגעשיקט אויף אונטערזוכונג. דאָס קליינע גופל — ס׳איז געווען איינגעהילט אין אלישעס טויף-קלייד און אין אַ טשיפּיקל, אויפגענייט מיט פּאַטשערקעס.

יצחק, האָט זיך געדאַכט, האָט ווידער געפונען דעם כּוח - הדבור. „יאָ, — האָט ער געזאָגט, — שלעכט איז איצטער מיט אונז, ווי שלעכט ס׳קאָן נאָר זיין. כ׳האָב געזאָגט פריער — נישט באַדאַרפט עס טאָן".

— ניין, — זאָגט אינגער.

— ווי האָסטו עס געטאָן?

אינגער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— ווי האָט דיין האַרץ עס געקאָנט דערלאָזן...

— זי האָט אויסגעזען פונקט ווי איך. און איך האָב גענומען און אויסגעדרייט איר דאָס פנים.

יצחק האָט פאַמעלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און דערנאָך איז זי געווען טויט, — רעדט ווייטער אינגער און הויבט אָן צו וויינען.

יצחק האָט געשוויגן אַ ווייל. „נו, מילא, ס'איז איצט צו שפּעט צו וויינען", האָט ער געזאָגט.

— זי האָט געהאַט ברוינע האָר, — האָט געענטפערט אינגער, — אויפן קאָפּ פון הינטן...

און ווידער איז מער גאָרנישט גערעדט געוואָרן.

די צייט איז זיך געפלאָסן, ווי פריער. אינגער איז נאָכנישט געווען איינגעשפּאַרט אין תפיסה; דאָס געזעץ איז געווען באַרמהאַרציק. לענסמאַנד הייערצאָל האָט איר געשטעלט פראַגן, ווי ער וואָלט גערעדט צו אַ סתם-מענטשן און בלויז געזאָגט: — „ס'אַ גרויסער שאַד, וואָס אַזעלכע זאַכן טרעפן גאָר". אינגער האָט געפרעגט, ווער ס'האָט דערציילט אויף איר, נאָר דער לענסמאַנד האָט געענטפערט, אַז אַ כך האָבן גערעדט וועגן דעם און ער האָט עס געהערט פון פאַרשידענע קוועלן. האָט זי אפשר אַליין עפּעס דערמאָנט וועגן דעם פאַרבייגייענדיקע לאַפּן?

אינגער — יאָ, זי האָט עטלעכע לאַפּן דערציילט וועגן אָס-אַנדערסן, ווי ער איז געקומען און געבראַכט אַ האָז יענעם זומער, און געבראַכט דעם קינד אין בויך אַ צעשפּאָלטענע האָזן-ליפּ. און איז עס דען נישט אָלינאַ, וואָס האָט איר אונטערגעשיקט דעם האָז? — דער לענסמאַנד האָט וועגן דעם גאָרנישט נישט געוואוסט. נאָר יעדנפאַלס האָט ער נישט געקאָנט אַריינשטעלן אַזאַ אומוויסנדן אַבערגלויבן אין זיין ראַפּאָרט.

— אָבער מיין מוטער האָט געזען אַ האָז, איידער איך בין געבוירן געוואָרן, — האָט אינגער געזאָגט...

דער שייער איז געווען פאַרענדיקט; אַ גרויסער ברייטער בנין איז דאָס געווען, מיט היי-שטעלער פון ביידע זייטן און אַ דרעש-דיל אינמיטן.

די קאַמער און די איבעריקע ערטער, וואו ס'איז געווען היי, זענען איצטער אויסגעליידיקט געוואָרן, און דאָס גאַנצע היי איבערגעטראָגן אין שייער אַריין; דער קאָרן איז אָפּגעשניטן געוואָרן, געטריקנט און איינגעזאַמלט געוואָרן אין שייער אַריין. אינגער האָט אָנגעקליבן אַביסל מערן און ריבן. אַלע געוויקסן זייערע זענען שוין געווען צונויפגעזאַמלט. און אַלצדינק וואָלט געווען איצט גוט ביי זיי—זיי האָבן געהאַט אַלץ, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט האָבן. יצחק האָט זיך גענומען אָפּצורייניקן אַ ניי שטיק ערד, איידער דער פראָסט איז אָנגעקומען, צו פאַרברייטערן דאָס קאָרן-פעלד; יצחק איז געווען אַ ערד-ארבעטער. נאָר אין נאָוועמבער האָט אינגער איינמאָל געזאָגט: זי וואָלט שוין אַלט געווען זעקס חדשים איצט און אונז אַלעמען דערקענט.

— ס'איז נישטאָ וואָס צו רעדן איצט וועגן דעם — האָט יצחק געזאָגט.

ווען דער ווינטער איז אָנגעקומען, האָט יצחק געדרעשט זיין קאָרן אויפן נייעם דרעש-דיל, און אינגער האָט אים אָפּט אַרויסגעהאָלפן, גע-שיקט צו דער אַרבעט, ווי ער אַליין, בעת די קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף די היי-סקירדעס ביי די זייטן. ס'איז געווען פולער, פעטער קאָרן. פרי אין נייעם יאָר זענען די וועגן שוין געווען גוט און יצחק האָט אָנ-געהויבן צופירן און דאָרף אַריין זיינע פורן האָלץ. ער האָט שוין געהאַט זיינע שטענדיקע קונים דאָרטן, און דאָס זומערדיק-אויסגעטריקנטע האָלץ האָט זיך פאַרקויפט פאר א גוטן מקח. אין איינעם אַ טאָג האָט ער און אינגער איינגעשטימט, זיי זאָלן אַוועקנעמען דאָס קליינע ביקל פון גאָלד-האָרן און אָפּפירן עס צו פרוי גייסלער, מיט אַ קעז דערצו. די פרוי איז געווען זייער צופרידן און געפרעגט וויפיל ס'קאָסט.

— גאָרנישט, — האָט יצחק געזאָגט, — דער לענסמאַנד האָט פאַר דעם באַצאָלט פריער.

— זאָל אויף אים קומען אַ ברכה, האָט ער טאַקע באַצאָלט? האָט געזאָגט פרוי גייסלער, גערירט. זי האָט דערפאַר מיטגעשיקט זאַכן פאַר יצחקן, אלישען און סיווערטן — לעקעך און אילוסטרירטע ביכלעך און שפּילצייג. ווען יצחק איז צוריקגעקומען, און אינגער האָט דערזען די אַלע זאַכן, האָט זי זיך אַוועקגעדרייט אָן אַ זייט און זיך צעוויינט.

— וואָס איז? — האָט יצחק געפרעגט.

— גאָרנישט, — האָט אינגער געענטפערט, — נאָר — זי וואָלט

שוין געווען איצט אַ יאָר אַלט און געקאָנט דאָס אַלץ זען.

— יאָ, אָבער דו ווייסט דאָך, וואָס מיט איר איז געווען, — זאָגט יצחק צו טרייסטן זי, — און חוץ דעם ווען מיר אפשר אויסדרייען זיך מיט אַ קלענערער שטראָף, ווי מיר האָבן געטראַכט. איך האָב זיך דער־וואוסט, וואו גייסלער געפינט זיך איצט.

אינגער האָט אַרויפגעקוקט. „ווי אָבער וועט עס אונז העלפן?"

— איך ווייס נישט...

דערנאָך האָט יצחק אַוועקגעפירט זיין קאָרן אין מיל אַריין צום מאָלן און צוריקגעבראַכט מעל. און ווידער איז ער געוואָרן אַ וואַלד־מענטש, געשניטן האָלץ אויף איבעראַיאָר ווינטער. ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער אָדער יענער אַרבעט לויט דער צייט פון יאָר, פון פעלד אין וואַלד, און צוריק צו די פעלדער. ער האָט שוין זעקס יאָר איצט געאַרבעט, און אינגער — פינף; אַלץ האָט געקאָנט זיין גוט, ווען ס׳זאָל נאָר אַזוי גיין, ווי ס׳גייט; נאָר ס׳איז נישט געווען אַזוי. אינגער האָט געאַרבעט אויף איר וועבשטול, זיך געפאָרעט אַרום די בהמות; מ׳האָט זי אָפט אויך גע־הערט זינגען שמיקלעך הימנען, נאָר דאָס איז געווען אַ רחמנותדיק גע־זאַנג, ווי א גלעקל אָן אַ צינגל.

באַלד ווי די וועגן האָבן זיך נאָר אַביסל איינגעשטעלט, האָט מען זי געשיקט רופן אין דאָרף אַריין אויף אַן אויספאָרשונג. יצחק האָט גע־מוזט בלייבן אַליין. און זייענדיק אַליין אין הויז, איז אים איינגעפאַלן זיך אַריבערצוכאַפן קיין שוועדן און אויסגעפינען גייסלערן; דער פריער־דיקער לענסמאַנד איז געווען גוט צו זיי, און וועט אפשר קאָנען אויך איצט אַרויסהעלפן די לייט פון סעלאַנראַאַ. נאָר ווען אינגער איז צוריק־געקומען, האָט ער עס אָפגעלייגט. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דער שטראָף און עפּעס אויסגעפונען וועגן דעם אורטייל. אין אמתן קומט דער־פאַר אייביקע געפענגעניש, לויטן פאַראַגראַף 1. נאָר... נאָך אַלעמען איז זי דאָך אַליין געקומען צום געריכט און זיך מודה געווען אין אַלץ. די צוויי עדות פונם דאָרף האָבן געקוקט מיט רחמנות אויף איר און דער ריכטער האָט געשטעלט זיינע פראַגן ליבלעך; נאָר דאָך איז זי נישט קיין גלייכן צו די געלערנטע פונם געזעץ. לגבי פשוטע לייט זענען אַד־וואָקאַטן גרויסע מענטשן; זיי קענען אויסעווייניק דעם פאַראַגראַף און יע־נעם; זיי האָבן אויסגעלערנט די אַלע זאַכן אויף אויסעווייניק, גרייט

אַרויסצובּרענגען זיי צו יעדער צייט. אָ, זיי זענען גרויסע מענטשן, אודאי. און אויסער דער גאַנצער קענטעניש, פעלט זיי נישט אויס יעדעס מאָל קיין שכל; אָפּטמאָל אפילו זענען זיי נישט אינגאַנצן קיין אכזרים. אינגער האָט קיין גרונט נישט צו באַקלאָגן זיך אויפן געריכט; זי האָט נישט דערמאָנט וועגן דעם היָז, נאָר ווען זי האָט מיט טרערן אין די אויגן דערקלערט, אַז זי האָט נישט געקאָנט זיין אַזוי אכזריותדיק צו איר אָרעם קינד מיטן מום, צו לאָזן עס לעבן, האָט דער ריכטער שטיל און ערנסט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— אָבער, — האָט ער געזאָגט, — טו נאָר אַ טראַכט וועגן זיך; דו האָסט דאָך אויך אַ האָזן-ליפּ און זי שטערט דיר נישט דיין לעבן.

— ניין, אַ דאנק צו גאָט. — דאָס איז אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט. זי האָט זיי נישט געקאָנט דערציילן וועגן אַלץ, וואָס זי האָט זיך אָנגע־ליטן באַהאַלטענערהייט אַלס קינד, אין איר יוגנט.

דער ריכטער אָבער האָט, אַפּנים, עפּעס פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט; ער אַליין האָט געהאַט אַ הילצערנעם פוס און נישט געקאָנט טאַנצן. „וואָס שייך דעם אורטייל, — האָט ער געזאָגט, — ווייס איך נאָכ־נישט איצט. באמת דאַרף דאָס זיין אייביקע געפענגעניש, נאָר... איך קאָן נישט זאָגן, אפשר וועלן מיר דאָס קאָנען ענדערן, אויפן צווייטן אָדער דריטן פאַל, פון פופצן ביז צוועלף יאָר, אָדער צוועלף ביז ניין. א קאָ־מיסיע אַרבעט איצט אויף רעפאָרמירן דעם קרימינעלן קאָדעקס, מאַכן אים מער מענטשלעך, נאָר ענדגילטיק יועט עס נאָך אַזוי גיך נישט זיין פאַרטיק. אויף יעדן פאַל דארפן מיר האָפן אויף דאָס בעסטע", האָט ער געזאָגט.

אינגער איז צוריקגעקומען אין אַ צושטאַנד פון טעמפּער הכנעה; זיי האָבן נישט געפונען פאַר נויטיק צו האַלטן זי פאַרשפּאַרט דערווייל. צוויי חדשים זענען אַריבער; דאַן איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען יצחק האָט זיך צוריקגעקערט פון כאַפּן פיש, איז דער לענסמאַנד מיט זיין געהילף געהאַט אַוועקגעפאָרן פון סעלאַנראַא. אינגער איז געווען מונטער אויפגע־לייגט און אויפגענומען איר מאַן מיט ליבשאַפט, געלויבט זיין פיש־פאַנג, הגם ער האָט פיל אַהיים נישט געבראַכט.

— וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן — איז עמיצער דאָ געווען? — האָט ער געפרעגט.

— עמיצער געווען? ווער זאָל זיין?
— אינדרויסן האָב איך געזען פרישע פיסצייכנס. מענער מיט שטיוול.
— ס'איז קיינער נישט געווען, חוץ דעם לענסמאַנד מיט נאָך איינעם.
— וואָס האָבן זיי געוואָלט?
— דו ווייסט עס אַליין.
— זענען זיי געקומען דיך נעמען?
— מיך נעמען? ניין, נאָר וועגן דעם אורטייל. גאָט איז גוט צו אונז, ס'איז נישט אַזוי שלעכט, ווי איך האָב זיך געשראָקן.
— אַך, — האָט יצחק היציק געזאָגט, — נישט אויף לאַנג, אפשר?
— ניין. בלויז עטלעכע יאָר.
— וויפיל יאָר?
— ביי דיר וועט עס אפשר זיין אַ סך. נאָר איך דאַנק גאָט פאַר דעם.

אינגער האָט נישט געזאָגט ווי לאַנג. שפּעטער אין אָוונט האָט יצחק געפרעגט, ווען מ'וועט קומען נאָך איר, נאָר דאָס האָט זי נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט זאָגן. זי האָט זיך פאַרטראַכט ווידעראַמאָל און גערעדט פון דעם, וואָס עס דאַרף קומען; ווי זיי וועלן אויסקומען — האָט זי זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן — נאָר געטראַכט, אַז זיי וועלן שוין מוזן אָנקומען צו אָלינאַן. און יצחק האָט נישט געהאַט קיין בעסערן פלאַן פאַרצולייגן.

אגב, וואָס איז געשען מיט אָלינאַן? זי איז דאָ נישט געווען היינטיקס יאָר, ווי זי פלעגט עס טאָן אַלעמאָל. וועט זי שוין מער נישט קומען נאָך דעם, ווי זי האָט זיי אַלץ אָפּגעטאָן? דער אַרבעט־זמן איז אַריבער, נאָר אָלינאַ איז נישט געקומען — האָט זי געוואַרט זיי זאָלן זי קומען בעטן? זי וועט געוויס, קילנדיק זיך, אַראָפּקומען אַליין, אָט די גראָבבייכיקע, דער טייוול!

און ענדלעך האָט זי אין איינעם אַ טאָג זיך באַוויזן. אַן אויסערגעווײנלעכער פאַרשוין — אויסגעזען ווי ס'וואָלט לחלוטין גאָרנישט נישט געשען צווישן זיי; געשטריקט אפילו אַ פּאָר נייע זעקעלעך פאַר אלישען— האָט זי געזאָגט:

— אַראָפּגעקומען זען נאָר, וואָס איר מאַכט דאָ, — האָט זי גע־זאָגט. און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זי האָט אויך מיטגעבראַכט אירע קליידער און אַנדערע זאַכן אין אַ זאַק און אים געלאָזט אין וואַלד, גרייט צו פאַרבלייבן.

יענעם אָוונט האָט אינגער אַוועקגענומען יצחקן אָן אַ זייט און גע־זאָגט: — האָסט דערמאָנט עפּעס וועגן אויסזוכן גייסלערן. ס'איז דאָך די אָפּרו־צייט איצט.

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט. — איצט, אַז אָלינאַ איז געקומען, קאָן איך אַרויסגיין מאָרגן גאַנץ פרי.

אינגער איז געווען צופרידן און אים געדאַנקט. — „און נעם מיט מיט זיך דיין געלט, — האָט זי געזאָגט, — דאָס גאַנצע געלט, וואָס דו האָסט דאָ אויפן אָרט".

— נאָך וואָס, קאָנסטו נישט האַלטן דאָס געלט ביי זיך?

— ניין, — האָט זי געזאָגט.

אינגער האָט באַלד צוגעגרייט אַ גרויס פּעקל מיט שפּייז פאַר אים, און יצחק האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווען ס'איז נאָך געווען נאַכט, און געווען גרייט צום וועג. אינגער איז אַרויסגעגאַנגען איבער דער שוועל אים צו באַגלייטן; זי האָט נישט געוויינט, נישט געקלאָגט, גאָר בלויז געזאָגט:

— זיי קאָנען קומען נאָך מיר איצט יעדן טאָג.

— דו ווייסט נישט ווען?

— ניין, איך קאָן נישט וויסן. און איך טראַכט נישט, אַז דאָס וועט געשען באַלד, נאָר יעדנפאַלס... ווען דו וואָלסט נאָר געפינען גייס־לערן, וואָלט ער אפשר געקאָנט עפּעס זאָגן.

וואָס האָט גייסלער געקאָנט איצט העלפן זיי? גאָרנישט. נאָר יצחק איז געגאַנגען.

אינגער — אָ, געוויס האָט זי געוואוּסט מער, וויפיל זי איז געווען אויפגעלייגט צו רעדן. ס'קאָן זיין, אַז זי אַליין האָט געשיקט נאָך אָלינאַן. ווען יצחק איז צוריקגעקומען פון שוועדן איז אינגער שוין נישט געווען און אָלינאַ איז פאַרבליבן מיט די צוויי קינדער.

ס'איז געווען אַ שלעכטע בשורה ביים אַהיימקומען. יצחקס קול האָט געקלונגען העכער ווי געוויינלעך, ווען ער האָט געפרעגט: — איז זי אַוועק?

— יאָ, — האָט אָלינאַ געזאָגט.

— וואָסער טאָג איז עס געווען?

— א טאָג נאָך דיין אַוועקגיין. — און יצחק האָט פאַרשטאַנען איצט, אַז אינגער האָט אים בכיון אַוועקגעשיקט, און מחמת דעם איז צוגערעדט מיטצונעמען דאָס געלט מיט זיך. אָ, וואָלט זי כאָטש געווען איבערגעלאָזט אַביסל געלט פאַר זיך, אין אַזאַ לאַנגער נסיעה!

נאָר די קינדער האָבן נישט געקאָנט טראַכטן פון עפעס אַנדערש, ווי נאָר פון דעם קליינעם חזירל, וואָס יצחק האָט דאָס מאָל מיטגעבראַכט מיט זיך. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיין מי; דער אַדרעס, וואָס ער האָט געהאַט, איז געווען אַן אַלטער, און גייסלער איז מער נישט געווען אין שוועדן, נאָר געהאַט זיך צוריקגעקערט קיין נאָרוועגיען, און איצט געווען אין טראָנדהיים. און דאָס חזירל האָט יצחק געטראָגן אין זיינע אָרעמס דעם גאַנצן וועג, געקאָרמעט עס מיט מילך פון אַ פלעשל, און געשלאָפן מיט דעם, טוליענדיק ס צו זיין ברוסט, צווישן די בערג. ער האָט זיך געגרייט צו דערפרייען אינגערן מיט דעם, און איצט שפּילן זיך מיט דעם אלישע און סיווערט, און ס׳איז געווען אַ פרייד אויף זיי. און יצחק, קוקנדיק אויף זיי, האָט זיך אויף אַ רגע פאַר־געסן אין זיין צער. דערצו נאָך האָט אָלינאַ אים איבערגעגעבן אַ שליחות פון לענסמאַנד; דער שטאַט האָט ענדלעך מסכים געווען צו פאַרקויפן די ערד אין סעלאַנראַא. יצחק האָט נאָר געדאַרפט אַראָפּגיין אין דאָרפישן אַמט־הויז און באַצאָלן דעם סכום. דאָס איז געווען אַ גוטע בשורה און עס האָט אים פאַרהיטן פון אַריינפאַלן אין מוראדיקן תהום פון יאוש. ווי ער איז נישט געווען מיד און אויסגעמאַטערט האָט ער איינגעפּאַקט אַביסל עסנוואַרג אין אַ זאַק און זיך גלייך געלאָזט אין דאָרף אַריין. אפשר האָט ער געהאַט אַ האָפענונג צו זען נאָך אינגערן דאָרטן איין מאָל, איידער זי וועט פון דאָרטן אַוועק.

נאָר ער איז געבליבן אַנטוישט. אינגער איז געווען אַוועק — אויף אַכט יאָר. יצחק האָט זיך געפילט אין אַ נעפּל פון פינסטערניש און פוסט־קייט; געהערט בלויז אַ וואָרט דאָ און דאָרט וועגן דעם, וואָס דער לענס־מאַנד האָט געזאָגט — אַ שאָד אַזעלכע זאַכן זאָלן טרעפן... ער האָפט, אַז דאָס וועט זי גוט אָנלערנען... אויסבעסערן זי און זי וועט נישט דער־ה־געגען אירע קינדער מער!

לענסמאַנד הייערדאַל האָט חתונה געהאַט מיט אַ יאָר צוריק. זיין פרוי האָט נישט געוואָלט ווערן אַ מוטער — קיין קינדער דאַרף זי נישט, אָ, ניין! און זי האָט נישט געהאַט.

— און איצט, — האָט געזאָגט דער לענסמאַנד, — דער עסק וועגן סעלאַנראַאַ. ענדלעך בין איך אימשטאַנד צו שליסן דעם עסק דעפיניטיוו. דאָס מיניסטעריום איז גנעדיק צופרידן גוטצוהייסן דעם פאַרקויף פונם לאַנד לויט די תנאים, מער-ווייניקער, אַזוי ווי איך האָב זיי פאָרגעלייגט.

— הם... — האָט געזאָגט יצחק.

— ס'איז געווען אַ פאַרשלעפטער עסק, נאָר איך פיל זיך באַפרידיקט, וואָס מיינע באַמיונגען זענען נישט געווען אינגאנצן אַרויסגעוואָרפן. די טערמינען, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן, זענען כמעט אַלע אָנגענומען אָן ענדערונגען.

— אָן ענדערונגען, — האָט יצחק געזאָגט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָ זענען די רעכטס-פּאַפּירן. די מכירה וועט קאָנען אַריינגעטראָגן ווערן אין די ביכער ביי דער ערשטער סעסיע.

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט. — און וויפיל דאַרף איך באַצאָלן?

— צען טאָלער א יאר. דאָס מיניסטעריום האָט דאָ געמאַכט אַ קליינע ענדערונג — צען טאָלער אַ יאָר אָנשטאָט פינף. איך האָף, דו האָסט גאָרנישט קעגן דעם.

— אַזוי לאַנג, ווי איכ'ל נאָר קאָנען צאָלן... — האָט יצחק געזאָגט.

— און אויף צען יאָר. — יצחק האָט אַרויפגעקוקט האַלבדערשראָקן.

— דאָס זענען די באַדינגונגען — אויף זיי באַשטייט דאָס מיניסטעריום. אין דער אמתן איז עס גאָר קיין פרייז נישט פאַר דעם שטיק לאַנד, אויסגערייניקט און קולטיווירט אַזוי, ווי עס זעט איצט אויס.

יצחק האָט פאַרמאָגט צען טאָלער פאַר דעם ערשטן יאָר, — דאָס איז געווען דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיינע פוּרן האָלץ און פאַר די קעזן, וואָס אינגער האָט אָפּגעלייגט. ער האָט באַצאָלט דעם סכום און נאָך אַלץ געהאַט אַ קליין ביסל איבערגעלאָזט.

— אַ גליק, וואָס דאָס מיניסטעריום האָט גאָרנישט געהערט וועגן דיין ווייב, — האָט דער לענסמאַנד געזאָגט. — זיי וואָלטן עס געווען פאַרקויפט עמיצן אַנדערש.

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט. ער האָט געפרעגט וועגן אינגערן — איז אמת, אַז זי איז אַוועק אויף אַכט יאָר?

— יאָ, אַזוי, און ס׳קאָן נישט ווערן געענדערט — דאָס גענעץ פאָדערט זיינס. אין דער אמתן איז דער אורטייל אַן אויס׳ערגעווייגלעך-גרינגער. און דאָס וועסטו מוזן טאָן — אויפשטעלן קלאָרע גרענעצן צווישן דיין לאַנד און דעם שטאַטס. אַ גלייכע, גראָדע ליניע לויט די צייכנס, וואָס איך האָב אויפגעשטעלט אויפן אָרט און פאַרצייכנט אין מיין רייסטער אין יענער צייט. דאָס געהילץ, וואָס דו וועסט אָפּרייניקן פון דער גרענעץ-ליניע, געהערט צו דיר. איך וועל אַרויפקומען אַמאָל און זען, וואָס דו האָסט געטאָן.

יצחק האָט אַוועקגעשפּאַנט צוריק צו זיין היים.

## VIII

די יאָרן לויפן גיך? יאָ, ווען דער מענטש ווערט אַלט. יצחק איז נישט געווען אלט, דעם כוח האָט ער נישט פאַרלוירן; די יאָרן האָבן זיך געצויגן ביי אים לאַנג. ער האָט געאַרבעט אויף זיין ערד, און געלאָזט זיין באָרד וואַקסן, ווי זי וויל.

פון צייט צו צייט איז די מאָנאָטאָנקייט פון דער ווילדעניש איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם אָנקומען פון אַ דורכוואַנדערעדיקן לאַפּ, אָדער ווען ס'האָט זיך עפּעס געטראָפן מיט איינער פון די חיות אויף דער פערמע. דערנאָך איז ווייטער אַלץ ווי פריער געווען. איינמאָל זענען אָנגעקומען עטלעכע מענטשן מיטאַמאָל. זיי האָבן אָפּגערוט אין סעלאַנראַאַ, געקראָגן עפּעס עסן, געטרונקען מילך, און זיך נאָכגעפרעגט ביי יצחקן און אָלינאַן וועגן דעם וועג צו יענער זייט בערג. זיי צייכענען אָן אַ טעלעגראַף-וועג, האָבן זיי ג'זאָגט. און איינמאָל איז געקומען גייסלער — גייסלער אַליין, און נישט קיין אַנדערער. אָט איז ער געקומען, פריי און לייכט ווי אַלעמאָל, געקומען פונם דאָרף, מיט צוויי מענער מיט זיך, וואָס האָבן געטראָגן בערגבוי-געצייג, אַ קירקע און אַ גראָבאייזן.

אָ, דער גייסלער! ער איז אומפאַרענדערט, דערזועלביקער ווי אַ'עמאָל, זיך געגריסט, גלייך ווי גאָרנישט איז נישט געשען, גערעדט צו די קינדער, אַריינגעגאַנגען אין הויז און אַרויסגעקומען צוריק, אַרומגעקוקט דעם באָדן, געעפנט די טירן פונם שטאַל און היי-שפּייכלער און אַהין אַריינגעקוקט. „אויסגעצייכנט!“ — האָט ער געזאָגט. — „יצחק, האָסטו נאָך יענע שטיקלעך שטיינער?“

— שטיקלעך שטיינער? — האָט יצחק פאַרוואונדערט געפרעגט.

— יאָ, קליינע שווערע שטיקלעך שטיינער, וואָס איך האָב געזען דאָס ק.י.ד זיך שפּילן מיט זיי, ווען איך בין געווען דאָ דאָס פאָריקע מאָל.

די שטיינער זענען געווען אין שפּייז־קאַמער, זיי האָבן געדינט אַלס געוויכט־שטיקער פאַר די מייז־פּאַסטקעס. יצחק האָט זיי אַריינגע־בראַכט. גייסלער מיט די צוויי מענער האָבן זיי אונטערזוכט. רעדנדיק צווישן זיך, זיי אַרומגעטאַפּט פון אַלע זייטן, געוואויגן זיי אין דער האַנט.

— „קופּער!״ — האָבן זיי געזאָגט.

— קאָנסטו אַרויפגיין מיט אונז אויף די בערג און אָנווייזן, וווּ דו האָסט זיי געפונען? — האָט גייסלער געפרעגט.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען אַלע איניינעם; ס׳איז נישט געווען זייער ווייט צום אָרט, וווּ יצחק האָט די שטיינער געפונען, נאָר זיי זענען פאַרבליבן אין די בערג עטלעכע טעג, נאָכגעזוכט די מעטאַל־אָדערן און אויפגעריסן די בערג דאָ און דאָרט. זיי זענען אַרונטערגעקומען קיין סעלאַנראַאַ מיט צוויי זעק, אָנגעפולט מיט שווערע שטיקער שטיינער.

יצחק האָט אין דער צווישן־צייט געהאַט אַ שמועס מיט גייסלערן, און אים אַלץ אויסדערציילט וועגן זיך; וועגן דער קניה פון לאַנד, וואָס האָט באַטראָפן הונדערט טאָלער אָנשטאָט פופציק.

דאָס איז אַ קלייניקייט, — האָט גייסלער אַ זאָג־געטאָן. — דו פאַרמאָגסט טויזנטער, מעגלעך, אויף דיין חלק אין די בערג.

— האָ! — האָט יצחק געזאָגט.

— דו דאַרפסט אָבער זען מ׳זאָל וואָס גיכער איינשרייבן די רעכטס־פּאַפּירן אינם רייכטער, ווי נאָר מעגלעך גיכער.

— יאָ.

דאַן וועט דער שטאַט נישט קאָנען קומען מיט קיין טענות, פאַרשטייסט!

יצחק האָט פאַרשטאַנען. — „דאָס ערגסטע איז וועגן אינגערן״, — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, — האָט גייסלער געזאָגט, און געבליבן פאַרטראַכט לענגער, ווי זיין טבע איז געווען. — ס׳וועט אפשר מעגלעך זיין צו באַנייען דעם משפט נאָכאַמאָל. אַרויפברענגען דעם ענין קלאָר; און ס׳איז זייער מעג־לעך, אַז דער אורטייל זאָל פאַרקלענערט ווערן אַביסל. אָדער מיר

וועלן קאָנען אַריינגעבן אַ ביטע אויף פּאַרקלענערן די שטראָף און ס׳וועט מן הסתּם צוליצט אַרויסקומען דאָס זעלבע.

— יאָ, ווען מען זאָל דאָס קאָנען טאָן...

— ס׳וועט אָבער נישט טויגן זיך צו ווענדן גלייך נאָך אַ מחילה. מ׳וועט דאַרפן צוואַרטן אַ יסל, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן... האָסט אַראָפּגעבראַכט מיין ווייב פלייש מיט קעז — וויפיל דאַרף איך דיר פאַר דעם אַלעם געבן?

— וואָס שייך דעם האָט דער לענדסמאַנד באַצאָלט פאַר אַלץ פריער.

— איך האָב באַצאָלט?

— און אונז פריינטלעך אַרויסגעהאָלפן מערערע מאָל.

— ניין, — האָט גייסלער קורץ געזאָגט, — נאַ — נעם דאָס. — און ער האָט אַרויסגענומען עטלעכע טאָלער־באַנקנאָטן.

גייסלער איז נישט געווען דער מענטש. וואָס זאָל נעמען זאַכן אומזיסט, דאָס איז געווען קלאָר. און אויסגעזען האָט, אַז ער האָט גענוג געלט מיט זיך, פון דעם, ווי זיין קעשענע איז געווען געשוואָלן. און איין גאָט ווייסט, צי האָט ער טאַקע פאַרמאָגט געלט אָדער נישט.

— נאָר זי שרייבט, אַז אַלץ גייט גוט, — האָט יצחק געזאָגט, צוריקקערנדיק זיך צו זיין איינציקן געדאַנק.

— וואָס? — אָ, דיין פרוי!

— יאָ, און זינט דאָס מיידעלע איז געבוירן געוואָרן — זי האָט דאָרטן געבוירן אַ מיידעלע, א שיין קליין קינד.

— אויסגעצייכנט!

— יאָ, און איצט זענען זיי אַלע גוט צו איר, ווי גוט ס׳קאָן נאָר זיין, און העלפן איר אַרויס, שרייבט זי.

— הער זיך איין, — האָט גייסלער געזאָגט, — איך וועל די שטיינער אַוועקשיקן צו בערגבוי־עקספּערטן און אויסגעפונען, וואָס אין זיי איז דאָ. אויב ס׳איז אין זיי דאָ אַ גענוגנדער פּראָצענט קופּער, וועסטו זיין אַ רייכער מאַן.

— ה־ם. — האָט יצחק געזאָגט. — און ווי לאַנג, דענקט איר, דאַרף געדויערן, ביז מיר וועלן קאָנען יוענדן זיך נאָך באַגנעדיקונג?

— נישט זייער לאַנג, מעגלעך. איכ׳ל דאָס אָנשרייבן פאַר דיר.

איך׳ל דאָ זיין צוריק אינגיכן. וואָס האָסטו פריער געזאָגט — דיין פרוי האָט געבוירן אַ קינד, זינט נאָך דעם, ווי זי איז אַוועק?

— יאָ...

— האָבן זיי זי גענומען, ווען זי האָט דאָס קינד ערוואַרט. זיי האָבן קיין רעכט נישט געהאַט דאָס צו טאָן

— האָ!

— אויף יעדן פאַל, איז עס נאָך אַ מאָטיוו אַרויסצולאָזן זי פריער.

— יאָ, ווען דאָס זאָל געשען...— האָט יצחק מיט דאַנקבאַרקייט געזאָגט.

יצחק האָט גאָרנישט נישט געוואוסט וועגן די פיל פּאַפּירן, וואָס זענען געגאַנגען אַהין און צוריק צווישן די פאַרשיידענע באַאַמטע בנוגע דער טראָגעדיקער פרוי. די דאָרטיקע באַאַמטע האָבן זי פריי געלאָזט בעת דער ענין האָט זיך געצויגן, צוליב צוויי סיבות: ערשטנס איז נישט געווען קיין אָרט אין תפיסה, און צווייטנס, האָט די מאַכט געוואָלט זיין מילד צו איר ווי נאָר מעגלעך. און צום סוף איז אַרויסגעקומען אַזוינס, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט פאָרויסזען. ווען זיי האָבן געשיקט נאָך איר זי צו נע־מען, האָט קיינער זיך נישט נאָכגעפרעגט וועגן איר צושטאַנד, און זי אַליין האָט גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. מעגלעך, אַז זי האָט איר צו־שטאַנד פאַרבאָרגן מיט אַ כיוון, כדי צו האָבן דאָס קינד מיט זיך אין די יאָרן פון איר געפאַנגענשאַפט; אויב זי וועט זיך אויפפירן גוט, וועט איר, אָן ספק, דערלויבט זיין צו זען דאָס קינד אָפט. אָדער אפשר איז זי פשוט געווען גלייכגילטיק, און געגאַנגען, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף איר צושטאַנד...

יצחק האָט געאַרבעט און געאַרבעט, געגראָבן גראָבנס, געאַקערט, אויפגעשטעלט זיינע גרענעץ־ליניעס צווישן זיין ערד און דעם שטאַטס, און אָנגעהאַקט דערוויל פיל געהילץ. איצט, אַז אינגער איז דאָ מער נישט געווען צו וואונדערן זיך אויף זיינע אויפטוען, האָט ער געאַרבעט מער פון געוואוינהייט, איידער פון פרייד. ער האָט אַדורכגעלאָזט צוויי סע־סיעס, נישט געהאַט אַריינגעשריבן זיינע רעכטס־פּאַפּירן, און זיך ווייניק וואָס געקימערט וועגן דעם; צולעצט האָט ער זיך גענומען יענעם הערבסט דערצו און דעם עסק אָפּגעפּטרט. יצחקס מצב איז איצט נישט געווען,

זוי ס'האָט באַדאַרפט צו זיין. שטיל און געדולדיק ווי אַלע מאָל — יאָ, אמת, אָבער איצט איז עס געווען, ווייל זיין טבע איז אזא. ער האָט אַרויסגע-גומען די פעלן, ציגנפעלכלעך און קאַלב-פעלן — געווייקט זיי אין טייך, אָפגעשאָבן די האָר פון זיי, און זיי געגאַרבט און באַאַרבעט אויף שיך. און ווינטער — ביים סאַמע ערשטן דרעשן — האָט ער אָפגעלייגט זיין קאָרן-זריעה פאַרן קומענדיקן פרילינג, אויך כדי אַלץ צו האָבן אָפגעטאָן; ס'איז בעסער אַזוי צו האָבן אַלץ אָפגעטאָן; ער איז געווען אַ מענטש פון סדר. ס'איז אָבער געווען א גרוי און עלנט לעבן. איאַה, הערעגוד! ווידער אַמאָל אַ מאַן אָן אַ ווייב, און אָן דעם אַלעם איבעריקן...

וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן איז איצט צו זיצן אין הויז אין די זונ-טיקן, ריין געוואַשן, אָנגעטאָן אין אַ ריין, רויט העמד, ווען ס'איז נישטאָ פאַר וועמען צו פוצן זיך! די זונטיקן זענען געווען די לענגסטע פון אַלע טעג פאַר אים, טעג, ווען ער איז געצוואונגען אַרומצוגיין ליידיק און טראַכטן מאַטערנדיקע געדאַנקען; גאָרנישט נישט צו טאָן, נאָר אַרומצוגיין איבערן גוט, אויסרעכענען אַלץ, וואָס ס'האָט געדאַרפט אָפגעטאָן ווערן. ער האָט שטענדיק מיטגענומען די קינדער מיט זיך, שטענדיק געטראָגן איינס אויף די הענט. ס'איז געווען אַ צעשטרייונג צו הערן זייער פּלאַפּלעריי און צו ענטפערן אויף זייערע פאַרשידענע פראַגן.

ער האָט געהאַלטן די אַלטע אָלינאַ, ווייל ער האָט נישט געקאָנט קריגן קיין אַנדערע. און אָלינאַ איז נאָך אַלעמען געווען ניצלעך. זי האָט געבאַרשט און געשפּינט, געשטריקט זאָקן און הענטשקעס, און געמאַכט קעזן — זי האָט דאָס אַלץ געטאָן, נאָר איר האָט אויסגעפעלט אינגערס געבענטשטע רירעוודיקייט, און זי האָט נישט געהאַט קיין ליבע אין איר אַרבעט; קיין איין זאַך, וואָס זי האָט גענומען אין האַנט, איז נישט געווען אירס. אין הויז איז געווען אַ זאַך, וואָס יצחק האָט איינמאָל אַהיים געבראַכט מיט זיך פון דאָרף, אַ פאָרצעלייען טעפּעלע מיט אַ קאָפּ פון אַ הינט אויפן דעקל. ס'איז געווען גאָר אַ מין טאַבאַק-פושקעלע און געשטאַנען אויף אַ פּאָליצע. אָלינאַ האָט אַראָפּגענומען דאָס דעקל און עס אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד. אינגער האָט איבערגעלאָזט עטלעכע אָפּשניטן פון פיקסיאַ-פלאַנצן אונטערן גלאָז. אָלינאַ האָט אַראָפּגענומען דאָס גלאָז, און אַנידערלייגנדיק דאָס צוריק, אַראָפּגעדריקט עס בייז און שטייף; אויפן צווייטן טאָג זענען די פיקסיאַס פאַרוועלקט געווען.

ס׳איז נישט געווען אַזוי לייכט פאַר יצחקן איבערצוטראָגן אַזעלכע זאַכן: ער האָט אויסגעזען אומצופרידן און אַרויסגעוויזן עס, און אַזוי ווי די אײדעלע מאַנערן האָבן אים געפעלט, איז מעגלעך, אַז ער האָט זיין אומצופרידנהייט אַרויסגעוויזן גאַנץ אָפן. אַלינאַ האָט עס ווייניק וואָס געאַרט; ווייך-ריידעוודיק ווי אַלעמאָל, האָט זי בלויז געזאָגט: — בין איך דען שולדיק?

— דאָס ווייס איך נישט, — האָט יצחק געענטפערט. — נאָר דו האָסט געקאָנט די זאַכן לאָזן צורו.

— איכ׳ל נאָכאַמאָל נישט אָנרירן אירע בלומען, — האָט אַלינאַ געזאָגט. די בלומען זענען אָבער שוין געווען טויט.

וואָס האָט עס געקאָנט ווידער זיין, וואָס די לאַפּן זענען לעצטנס אַזוי אָפּט אַראָפּגעקומען קיין סעלאַנראַא? אָס-אנדערס, למשל, וואָס האָט ער באַדאַרפט דאָ? ער וואָלט זיך געדאַרפט גיין זיין וועג. צוויי מאָל אין איין זומער איז ער אַריבערגעקומען אַהער פון יענער זייט בערג, און אָס-אַנדערס, דאַרף מען געדענקען, האָט נישט געהאַט קיין הירשן אַכטונג צו געבן אויף זיי, נאָר געלעבט פון בעטלען ביי אַנדערע לאַפּן. באַלד ווי ער איז געקומען, האָט אַלינא איבערגעלאָזט איר אַרבעט און זיך געזעצט מיט אים שמועסן וועגן די לייט אין דאָרף, און, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, איז זיין זאַק געווען שווער מיט אָן אַ שיער זאַכן. יצחק האָט עס געליטן צוויי יאָר און קיין וואָרט נישט געזאָגט.

דאַן האָט אַלינאַ זיך ווידער פאַרוואָלט צו האָבן נייע שיך, און ער האָט שוין מער נישט געקאָנט שווייגן, ס׳איז געווען הערבסט-צייט, און אַלינאַ האָט געטראָגן שיך יעדן טאָג, אָנשטאָט צו גיין אין הילצערנע אָדער אין פאָסטעלעס פון רויער פעל:

— ס׳זעט אויס צו זיין שיין היינט, האָט יצחק געזאָגט. — הם. — אַזוי האָט ער אָנגעהויבן.

— יאָ, — האָט אַלינאַ געזאָגט.

— יענע קעזן, אלישע, — האָט יצחק ווידער געזאָגט. — איז נישט געווען אויף דער פּאָליצע צען שטיק, ווען דו האָסט זיי איבערגעציילט היינט איינדערפרי?

— יאָ,—האָט אלישע געזאָגט.

— נו, איז איצטער דאָ נאָר ניין.

אלישע האָט איבערגעציילט נאָכאַמאָל און אַ רגע איבערגעטראַכט

מיטן זיי קליינעם קאָפּ, דערנאָך האָט ער געזאָגט:—יאָ, אָבער איינעם האָט מיטגענומען אָס-אַנדערס; איז צען.

א לענגערע ווײַלע נאָך דעם איז שטיל, דאַן מוז אויך דער קלײ־נער סיוועדט איבערציילן און זאָגט נאָך זיין ברודער: — איז צען.

ווידער שטיל. ענדלעך האָט אָלינאַ דערפילט, אַז זי מוז עפּעס זאָגן.

— יאָ, איך האָב אים געגעבן אַ קליין קעזל. כ׳האָב נישט גע־טראַכט, אַז עס האָט אַ ווערט. נאָר די דאָזיקע קינדער, איידער נאָך זיי קאָנען רעכט רעדן, און זיי ווייזן שוין, וואָס זיי זענען. און אין ווען זיי זענען דאָס געראָטן — ס׳איז מער וויפיל איך קאָן טראַכטן אָדער טרעפן. ס׳איז נישט דיין טבע, יצחק, דאָס ווייס איך.

די אָנצוהערעניש איז געווען צו בולט צו פאַרבייגיין עס אומ־באַמערקט.

— די קינדער זענען געווען גוט פאַר מיר, — האָט יצחק קורץ געזאָגט — איך וואָלט אָבער געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ גוטס אָס-אַנ־דערס האָט ווען נישט־איז געטאָן פאַר מיר און מייניקע.

— וואָס פאַר אַ גוטס?

— יאָ, אָט וואָס איך פרעג.

— וואָס פאַר אַ גוטס אָס-אַנדערס...?

— יאָ, וואָס דערפאַר זאָל איך אים צאָלן מיט קעזלעך.

— אָלינאַ האָט געהאַט צייט נאָכצוקלערן און האָט אַ ענטפער גרייט דערויף. —

— און איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלויבט אויף דיר, יצחק. בין איך, איך בעט דיך, געווען די ערשטע, וואָס האָב זיך אָנגעהויבן מיט אָס-אַנדערסן? זאָל איך זיך מער פון אָרט נישט אויפהויבן, אויב איך האָב ווען-עס-איז אויף אַזויפיל-אָ דערמאָנט זיין נאָמען.

אַ זעלטענער זיג פאַר אָלינאַן. יצחק מוז נאָכגעבן, ווי ער האָט עס געטאָן פיל מאָל פריער.

נאָר אָלינאַ האָט נאָך געהאַט וואָס צו זאָגן. — און אויב דו מיינסט, אַז איך בין דאָ אויף אַרומצוגיין באָרוועס, ווען דער ווינטער הויבט זיך אָן, און קיינמאָל נישט פאַרמאָגן קיין אייגענע פאָר שיך, מעגסטו דאָס זאָגן. איך האָב דערמאָנט דיר מיט דריי וואָכן צוריק, אַז איך באַדאַרף

שיך, אָבער קיין סימן פון קיין שיך איז ביז היינט נישטאָ.

ענטפערט יצחק: — און וואָס איז מיט די פּאָסטעלעס, וואָס דו קאָנסט זיי מער נישט טראָגן?

— וואָס האָט מיט די פּאָסטעלעס פּאסירט?—חזרט איבער אָלינא, לחלוטין נישט צוגעגרייט צו דער פראַגע.

— יאָ, אָט וואָס איך בין אַ בעלן צו וויסן.

— מיט מיינע פּאָסטעלעס?

— יאָ.

— נו... אין באַרעטן און שפּינען, און אַכטונג געבן אויף די בהמות און אויף די שאָף און אויף די קינדער — האָסטו גאָרנישט צו זאָגן אויף דעם? איך וואָלט געוואָלט וויסן; דאָס ווייב דיינס, וואָס זיצט אין תּפיסה פאַר אירע מעשים-טובים, האָסטו זי געלאָזט גיין באָרוועס אין שניי?

— זי האָט געטראָגן אירע פּאָסטעלעס, — האָט יצחק געזאָגט — און אויף גיין אין קלויסטער און צו-געסט און אַנדערש-וואו, האָט זי גע-האַט די פעל-שיך.

— יאָ, און דערפאַר איז זי געווען אַזאַ זעלטענע פרוי, אַ יאָ?

— יאָ, און ווען זי האָט געטראָגן אירע פּאָסטעלעס פון רויע פעל האָט זי אָנגעשטאָפּט אַ זשמעניע גראָז אין זיי, און מער גאָר. נאָר דו — דו מוזט טראָגן זאָקן און שיך אַ גאַנצן זומער.

האָט געזאָגט אָלינאַ: — אויב אַזוי וועל איך מיינע פּאסטעלעס געוויס פּטרן. איך האָב גאָרנישט געטראַכט, אַז מ'דאַרף זיך איילן אויס-צוטראָגן אַזעלכע גוטע פּאָסטעלעס מיטאַמאָל. — זי האָט גערעדט ווייך און ליב, נאָר מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן. די זעלבע כיטרע אָלינאַ, וואָס אַלעמאָל. — און וואָס שייך אינגערן, — האָט זי געזאָגט, — דאָס פאַרביטענע קינד, ווי מיר האָבן זי גערופן, זי האָט זיך געחברט מיט מיינע קינדער יאָרן-לאַנג און זיך אָפּגעלערנט פאַרשידענע זאכן פון זיי. און דאָס איז, וואָס מיר באַקומען פאַר דעם. איך האָב אַ טאָכטער, וואָס וואוינט אין בערגען, און טראָגט אַ הוט, בין איך זיך משער, אַז צוליב דעם איז אינגער אַוועק נאָך דרום, אַוועק קיין טראנדהיים זיך קויפן אַ הוט, הי-הי!

יצחק האָט זיך אויפגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס צימער. נאָר אָלינאַ

האָט געעפנט איר האַרץ איצט, אויפגעשלאָסן דעם גאַנצן קוואַל פון רשעות אינעווייניק, און זי פאַרשפרייט שטראַלן פינצטערניש. דאַנקען גאָט, קיי-נער פון אירע קינדער האָט נישט געהאַט קיין צעהאַקטע ליפּ — ווי ביי אַ פייער-שפּייענדיקן דראַקאָן. זי איז צופרידן דאָס צו זאָגן, און זיי זענען מחמת דעם חלילה נישט ערגער. ניין, נישט יעדער איינער איז אזוי גע-שיקט פּטור צו ווערן פון די קינדער, וואָס זיי טראָגן — דערשטיקנדיק זיי אין אַן אויגנבליק...

— היט זיך מיט דיינע רייד, — האָט יצחק אויסגעשריגן. און כּדי קלאָר צו מאַכן זיין מיין, האָט ער צוגעגעבן: — פאַרשאָלטענע מכשפה!

נאָר אַלינאַ האָט נישט בדעה געהאַט צו היטן זיך מיט אירע רייד, אויף קיין האָר נישט, הי-הי! י האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צום הימל אַרויף און געגעבן צו וויסן, אַז אַ האָזן-ליפּ האָט אפשר עפּעס אַ ווערט, נאָר פאַראַן מענטשן, וואָס כאַפּן שוין איבער די מאָס, הי-הי!

יצחק האָט געוויס געמעגט צופרידן זיין, וואָס ס'איז אים ענדלעך געלונגען אנטרינען פון הויז. און וואָס מער האָט ער געקאָנט טאָן, ווי נאָר קויפן אַלינאַן די שיך? אַן ערד-אַרבעטער אין דער ווילדעניש, נישט עפּעס אַ מין גאָט, ער זאָל קאָנען זאָגן צו זיין דינסט: — „גיי דיר!" אָן אַלינאַן איז ער געווען הילפלאָז; וואָס זי זאָל נישט האָבן געטאָן אָדער גערעדט, האָט זי באָרנישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן, און זי האָט עס געוואוסט.

די נעכט זענען קעלטער איצט, נעכט מיט אַ פולער לבנה; די זומפּן פאַרהאַרטעווען זיך, ביז מען קאָן שוין באַלד טרעטן אויף זיי, נאָר ווען די זון באַווייזט זיך, צעגייען זיי ווידער — און מ'קאן נישט איבער-גיין. יצחק גייט אַראָפּ אין דאָרף אין איינער פון די קאַלטע נעכט, צו באַשטעלן שיך פאַר אַלינאַן. ער נעמט מיט אַ פּאָר קעזן פאַר פּרוי גייסלער.

האַלב-וועג אַראָפּצו צום דאָרף האָט אַ נייער תּושב זיך באַוויזן. אַ רייכער מאַן, ווייזט אויס, ווייל ער האָט געדונגען אַרבעטער פון דאָרף צו בויען זיין הויז און צו צעאַקערן אַ קליינעם שטח זאַמדיק זומפּלאַנד אויף קאַרטאָפל; ער אַליין האָט געאַרבעט ווייניק אָדער גאָרנישט. דער נייער מאַן איז געווען ברעד אָלסען, דעם לענסמאַנדס געהילף, אַ מענטש, וואָס צו אים האָט מען זיך געווענדט, ווען מען האָט באַדאַרפט רופן

דעם דאָקטאָר אָדער קוילען אַ חזיר. ער איז נאָכנישט אַלט געווען קיין דרייסיק און שוין געהאַט צו דאגהן פאַר פיר קינדער, חוץ זיין פרוי, וואָס איז אַליין נאָך אויך געווען ווי אַ קינד. אָ, ברעד איז אפשר גאָר־נישט געווען אַזוי רייך, נאָך אַלעמען; קיין סך האָט ער נישט געקאָנט פאַרדינען פון אַרומשמייען אַהין און אַהער צוליב אלערליי זייטיקע געשעפטלעך, און פון איינמאָנען שטייערן פון מענטשן, וואָס האָבן נישט געוואָלט צאָלן. האָט ער איצט געפרוווט זיין מזל אויף ערד. ער האָט געקראָגן אַ הלוואה פון דער באַנק אויף אויפשטעלן זיך אַ הויז אין דער ווילדעניש. ברײדויבליק האָט ער גערופן דאָס אָרט; און ס'איז געווען דעם לענסמאַנד הייערדאַלס פרוי, וועלכע האָט אויסגעפונען דעם גרויס־אַרטיקן נאָמען.

יצחק איילט גיך פאַרביי דאָס הויז און פאַרלירט נישט קיין צייט אויף אַריינצוקוקן אינעווייניק, נאָר ער קאָן זען דורכן פענסטער, אַז אַלע קינדער זענען שוין אויפגעשטאַנען, אַזוי פרי. יצחק האָט נישט קיין צייט צו פאַרלירן, אויב ער וויל זיין צוריק אויף דעם זעלבן אָרט אויפן צוריקוועגס מאָרגן ביינאַכט, כל זמן די וועגן זענען פאַרפרוירן. אַ מענטש, וואָס וואוינט אין דער ווילדעניש האָט פיל וואָס צו טראַכטן, אויסרעכענען און צופאַסן זיך ווי אַמבעסטן. ס'איז נישט די פאַרנומענסטע צייט פון אַרבעט איצט פאַר אים, נאָר ער איז אומרויק פאַר די קינדער, וואָס זענען געבליבן אַליין מיט אָלינאַן.

גייענדיק, דערמאָנט ער זיך אין זיין ערשטן גאַנג אויף אָט דעם וועג. אַ צייט איז פאַרלאָפן, די צוויי לעצטע יאָר האָבן זיך אויסגעצויגן; אַ סך זאַכן זענען דאָ אין סעלאַנראַאַ, וואָס זענען גוט, און אַ סך ווי־דער, וואָס זענען נישט גוט — איאַה, הערעגוד! און אָט וואַקסט נאָך אַ ישוב אין דער ווילדעניש. יצחק האָט גוט געוואוסט דאָס אָרט; ס'איז געווען איינס פון די גינסטיקערע ערטער, וואָס ער האָט אַליין אָנגעצייכנט אויף זיין וועג אַרויפצו, נאָר ער איז אַוועק ווייטער. ס'איז אפילו געווען נענטער צום דאָרף, דערפאַר אָבער איז דאָס געהילץ דאָ נישט אַזוי גוט; דאָס לאַנד איז געווען ווייניקער באַרגיק, דערפאַר אָבער — אָרעמערע ערד; לייכט צו אַרבעטן אויף דער אויבערפלאַך, נאָר שווער צו גראָבן טיפער אַראָפּ. אָט דער ברעד וועט נאָך דערגיין, אַז ס'איז ווייניק בלויז איבערקערן די ערד, כדי צו מאַכן זי פרוכטבאַר.

און פאַרוואָס האָט ער נישט אויסגעבויט קיין קאַמער ביים עק פונם היי-שפייכלער פאַר וועגענער און ווערקצייג? יצחק האָט באַמערקט אַ וואָגן, וואָס איז איבערגעלאָזט אין הויף אויף דער פריי, נישט צו־געדעקט.

ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן שוסטער. און אַזוי ווי פּרוי גייסלער האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף, האָט ער פאַרקויפט זיינע קעזן דעם קרעמער. אין אָוונט לאָזט ער זיך אין וועג אַריין צוריק אַהיים. דער פראָסט שטאַרקט זיך, אין דער וועג איז גוט און האַרט, נאָר יצחק שפּאַנט מיט אַ שווערן טראָט. ווער ווייסט, ווען גייסלער קאָן צוריקקומען, איצט, אַז זיין פרוי איז אַוועק פון דאָרף; אפשר וועט ער שוין מער אינגאַנצן נישט קומען?... אינ־ער איז ווייט, און די צייט גייט...

אויך איצט, אויפן וועג אַהיים, קוקט ער זיך נישט אום אויף ברעדס נחלה; פאַרקערט, ער לייגט אָן אַ שטיק וועגן רונד־אַרום, האַלטנ־דיק זיך ווייט פונם אָרט. ער האָט נישט ליב זיך אָפּצושטעלן און רעדן מיט מענטשן, און ער שפּאַנט ווייטער. ברעדס וואָגן איז נאָך אַלץ אינ־דרויסן — האָט ער טאַקע בדעה צו לאָזן אים דאָרטן שטיין? גוט, דאָס איז זיין אייגענער עסק. יצחק האָט שוין פאַרמאָגט אַליין אַן אייגענעם וואָגן איצט, און אַ קאַמער, וואו צו האַלטן אים, נאָר ער איז נישט גליקלעכער דערפון. זיין היים איז נאָר אַ האַלבע היים; אַמאָל איז זי געווען אַ גאַנצע היים, נאָר איצט איז זי נאָר אַ האַלבע.

ס'איז שוין ליכטיקער טאָג, ווען ער דערזעט פון דערווייטנס זיין אייגענע נחלה ארויפצו אויפן שפּיץ פונם באַרג, און דאָס מונטערט אים אויף אַביסל, מיד און אויסגעמאַטערט נאָך די אַכט און פערציק שעה אין וועג. דאָס הויז איז די אַנדערע בנינים, אָט דאָרטן שטייען זיי, אַ רויך ציט זיך פונם קוימען; ביידע קינדער זענען אינדרויסן און לויפן אים אַנטקעגן, ווען זיי דערזעען אים. ער גייט אַריין אין הויז און טרעפט אינעווייניק אַ פּאָר לאַפּן זיצן. אָלינאַ הויבט זיך אויף פאַרוואונדערט:— וואָס, אַזוי גיך צוריק! — זי מאַכט קאַווע אויפן אויוון. קאַווע? קאַווע?

יצחק האָט שוין איינמאָל פריער באַמערקט דאָסזעלבע. ווען אָנ־אַנדערס אָדער אַן אַנדערער לאַפּ גייט אַדורך, מאַכט אָלינאַ קאַווע אין אינגערס קליינעם טעפּל אויף אַ לענגערע צייט נאָכדעם. זי טוט עס אין

דער צייט, ווען יצחק אַרבעט אין וואַלד אָדער אויפֿן פֿעלד, און ווען ער קומט אָן אומדערוואַרטעט און זעט עס, זאָגט ער גאָרנישט. ער ווייסט, ער איז יעדעס מאָל אָרעמער געוואָרן מיט אַ קעז אָדער אַ בינטל וואָל. און עס איז פֿיין פֿון אים, וואָס ער נעמט נישט אַלינאַן מיט זיינע פֿינגער און צעקוועטשט זי נישט פֿאַר איר געמיינהייט. בכלל פּרוּווט איצט יצחק מיט זיין גאַנצער גבורה צו ווערן בעסער. זיין כּוונה איז צוליב שלום-בית-וועגן, אָדער מיט דער האָפֿענונג, אַז גאָט וועט אים צוריקשיקן זיין אינגערן וואָס גיכער. ער איז גענייגט אַביסל צו אַבערגלויבן און צו פֿאַרטראַכטן זיך. אפֿילו זיין דאָרפֿישע פֿאָרזיכטיקייט שטאַמט אַרויס פֿון זיין תּמימות. אין אָנהייב פֿון יענעם הערבסט האָט ער אַנטדעקט, אַז דער טאָרף אויפֿן שטאַל-דאַך הויבט אָן זיך אַרונטערגליטשן. יצחק האָט אַ ווײַלע געקייט זיין באָרד, דערנאָך, שמייכלענדיק ווי איינער, וואָס פֿאַרשטייט אַ שפּאַס, אונטערגעשפּאַרט עטלעכע קלעצער אויפֿצוהאַלטן אים קיין איין שלעכט וואָרט האָט ער נישט געזאָגט. און אַן אַנדער זאַך: די קאַמער, וואו ער האָט געהאַלטן זיין פּראָוויזיע, איז געווען פּשוט געבויט אויף הויכע שטיין-זיילן אין די ווינקלען, און גאָרנישט צווישן. מיט דער צייט האָבן קליינע פֿייגעלעך אָנגעהויבן אַריינצופֿליִען צווישן די גרויסע לעכער אין דער וואַנט און אַרומגעפֿלאַטערט אינעווייניק, נישט קאָנענדיק אַרויס. אַלינאַ האָט זיך באַקלאָגט, אַז זיי פּיקן מיט די שנאָבלען דאָס עסנוואַרג, מאַכן קאַליע דאָס פֿלייש, אין מאַכן אָן אַ מישמאַש און שמוץ איבער דער קאַמער. יצחק האָט געזאָגט: — יאָ, ס'איז אַ רחמנות, קליינע פֿייגעלעך זאָלן אַריינקומען און נישט קאָנען אַרויספֿליִען צוריק. — אין אינמיטן פֿון דעם שטאַרק פֿאַרנומענעם זמן אַרבעט איז ער געוואָרן אַ מוליער און פֿאַרשטאָפּט די לעכער אין דער וואַנט.

איין גאָט ווייסט, וואָס ער האָט געהאַט אין זינען, ווען ער האָט זיך אַזוי אויפֿגעפֿירט. אפֿשר געהאָפֿט, אַז אינגער וועט אים אומגעקערט ווערן גיכער צוליב זיין גוטסקייט.

## IX

די יאָרן לויפן.

נאָכאַמאָל זענען אָנגעקומען געסט קיין סעלאַנראַאַ; אַן אינזשינער מיט אַן אויפזעער און עטלעכע אַרבעטער, אָנצייכענענדיק טעלעגראַף-ליניעס נאָכאַמאָל איבער די בערג. מיט דעם וועג, ווי זיי זענען איצטער געגאַנגען, וועט די ליניע זיך ציען אַביסל העכער פונם הויז, און ווייטער-צו מיט אַ גלייכן וועג, דורכגעשניטן דורכן וואַלד. נישטאָ קיין בייז אין דעם, ס'וועט מאַכן דאָס אָרט ווייניקער איינזאַם; די וועלט וועט ווערן אַביסל נענטער, עס וועט ווערן אַביסל לעבעדיקער.

— דאָס אָרט, — האָט דער אינזשינער געזאָגט, — וועט זיין ארום האַלב-וועג צווישן די צוויי טאָלן, און מען וועט אייך אפשר בעטן אָנצונעמען אויף זיי אַכטונג צו געבן אויף דיביידע ליניעס.

— האַ! — האָט יצחק געזאָגט.

— ס'וועט אייך אַריינברענגען פינף-און-צוואנציק טאָלער אַ יאָר.

— ה-ם, — האָט יצחק געזאָגט. — און וואָס וועל איך דערפאר דאַרפן טאָן?

— האלטן דעם טעלעגראַף אין גוטן צושטאַנד, פאַרריכטן די דראָטן ווען נויטיק, רייניקן די ווילדע געוויקסן אויפן וועג. מ'וועט אָנהענגען אַ קליין מאַשינדל אין הויז דאָ אויף דער וואַנט, און דאָס וועט אייך אָנזאָגן, ווען מ'וועט אייך דאַרפן האָבן. און ווען עס רופט אייך, מוזט איר פאַרלאָזן יעדע אַרבעט און גיין.

יצחק האָט עס איבערגעקלערט. — ווינטער וואָלט איך דאָס געקאָנט טאָן, — האָט ער געזאָגט.

— דאָס טויג נישט. ס'פּאָדערט זיך אַ גאַנץ יאָר, זומער און ווינטער.

— קאָן איך עס נישט אָננעמען, — האָט יצחק געזאָגט. — פרילינג, זומער און הערבסט האָב איך מיין אַרבעט אויפן לאַנד און האָב קיין צייט נישט פאַר אַנדערע זאַכן.

דער אינזשינער האָט אים אָנגעקוקט אַ לענגערע ווייַלע און דאַן געפרעגט אַן איבעראַשנדיקע פראַגע: — פאַרדינט איר דען מער געלט אַזוי אַרום?

— מער געלט? — האָט יצחק געזאָגט.

— פאַרדינט איר מער געלט אַ טאָג, אַרבעטנדיק אויפן פעלד, איידער צו אַרבעטן פאַר אונז?

— דאָס ווייס איך נישט, — האָט יצחק געענטפערט. — אַזוי איז עס — צוליב דער ערד בין איך דאָ. איך האָב נפשות אין הויז און נאָך מערער בהמות און פי אויסצוהאַלטן — און די ערד האַלט אונז אַלעמען אויף. פון דעם לעבן מיר.

— ווילט איר נישט, וועל איך געפינען עמיצן אַנדערש, — האָט דער אינזשינער געזאָגט.

נאָר יצחק האָט, ווייזט אויס, זיך דערפילט אינגאַנצן פרייער נאָך דעם סטראַשען. ער האָט נישט געוואָלט זיין אומפריינטלעך צום גרויסן האר, און געפרווט דערקלערן אים: — אַזוי, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב אַ פערד און פינף קי, אַ חוץ דעם ביק. איך האָב צוואַנציק שאָף און זעכצן ציגן. זיי געבן אונז שפייז, וואָל און פעל; און מיר מוזן זיי געבן קאָרמענען.

— יאָ, יאָ, געוויס, — האָט דער אינזשינער קורץ געזאָגט.

— און דערפאַר, זאָג איך, ווי וועל איך זיי קאָנען דערנערן, ווען איכ'ל אין שניט-צייט דאַרפן איבערלאָזן מיין אַרבעט און גיין אַכטונג געבן אויף די דראָטן?

— לאָמיר פון דעם מער נישט רעדן, — האָט דער אינזשינער געזאָגט. — איך וועל נעמען ברעד אָלסען, וואָס וואוינט לעבן דיר; ער וועט דעם אמת אָננעמען מיט צופרידנהייט. — ער האָט זיך אויסגעדרייט צו זיינע מענטשן און געזאָגט: — לאָמיר גיין.

אַלינאַ האָט געהערט יצחקס רייד, ווי ער איז געווען האַרטנעקיק און איינגעעקשנט, און זי נעמט עס אויסניצן פאַר אירע טובֿות.

— וואָס האָסטו געזאָגט, יצחק? זעכצן ציגן? נישטאָ מער ווי פופצן.

יצחק האָט זי אָנגעקוקט, און אַלינאַ קוקט אים גלייך אין פּנים.

— נישט זעכצן ציגן?

— ניין, — האָט זי געזאָגט, און געקוקט הילפלאָז אויף די פרעמדע מענטשן און געוויזן דערמיט, ווי אומפאַרגינפּטיק ער איז.

— האָ! — האָט יצחק ווייך אַרויסגעזאָגט, גענומען אַ שטיק באָרד צווישן אין מויל און געשטאַנען אַזוי קייענדיק.

דער אינזשינער מיט זיינע מענטשן זענען אַוועק זייער וועג.

איצט, ווען יצחק זאָל וועלן אַרויסווייזן זיין אומצופרידנקייט מיט אַלינאַן און אפשר אָנשלאָגן זי פאַר אירע מעשים, וואָלט געווען אַ גוטע געלעגנהייט — אַ זעלטענע געלעגנהייט. זיי זענען אַליין געווען אין הויז; די קינדער זענען נאָכגעגאַנגען די מענער, ווען זיי זענען אַרויס. יצחק איז געשטאַנען אין מיטן צימער, און אַלינאַ איז געזעסן לעבן אויוון. יצחק האָט אַ הוסט געטאָן איין מאָל אָדער צוויי מאָל גלאַט אַזוי, כדי צו ווייזן, אַז ער איז גרייט עפּעס צו זאָגן, אויב ס'וועט זיך אים וועלן זאָגן. נאָר ער האָט גאָרנישט געזאָגט. דאָס איז געווען די שטאַרקייט פון זיין נשמה. וואָס, האָט ער נישט געוואוסט די צאָל פון זיינע ציגן, ווי ער ווייסט די פינגער אויף זיינע הענט — איז די פרוי פון זינען געווירט? האָט איינע פון די ציגן געקאָנט פעלן, ווען ער קען יעדע איינע, און רעדט מיט זיי יעדן טאָג — די ציגן, וואָס זענען זעכצן אין צאָל? אַלינאַ האָט געמוזט פאַרשאַכערן איינע מיט אַ טאָג פריער, ווען די פרוי פון ברייטדייבליק איז אַראָפּגעקומען אָנצוקוקן זיין גוט. — הם, — האָט יצחק געזאָגט, און דאָס מאָל זענען ווערטער געלעגן אויפן סאַמע שפּיץ צונג. — וואָס האָט עס אַלינאַ געטאָן? אפשר איז עס נישט קיין מאָרד, נאָר עפּעס נישט ווייט פון דעם. אַזוי זיכער אין די זעכצנטע ציג.

אָבער אייביק קאָן ער דאָרטן נישט שטיין אין מיטן צימער, נישט זאָגנדיק גאָרנישט. — הם, — האָט ער געזאָגט, — האָ! הייסט עס, ס'איז דאָ נאָר פופצן ציגן, זאָגסטו?

– מער איז נישטאָ, נאָך מיין חשבון, — האָט זי געענטפערט ווייך. — נאָר דו צייל בעסער איבער אַליין און זע אַליין.

איצט איז געווען די צייט — געקאָנט עס טאָן איצט: אויסשטרעקן די הענט און אויסקרימען דעם פרצוף אירן, ווי זי האָט עס פאַרדינט, מיט איין גוטן אָנגריף נאָר. ער האָט עס געקאָנט טאָן. און נישט געטאָן, בלויז געזאָגט דרייסט, גייענדיק צו דער טיר: — איך וועל מער נישט רעדן איצט. — און ער איז אַרויס, און געוויזן דערמיט, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט ער שוין האָבן די נויטיקע ווערטער צו רעדן.

— אלישע! — האָט ער אויסגערופן.

וואו איז געווען אלישע, וואו זענען געווען די קינדער? זייער פאָ־טער האָט געהאַט וואָס צו פרעגן ביי זיי; זיי זענען שוין געווען גרעסערע יינגלעך איצט, מיט וואַכע אויגן אַרום זיך. ער האָט זיי געפונען אונטערן דיל אין שייער; זיי זענען פאַרקראָכן אַזוי ווייט, ווי זיי האָבן נאָר גע־קאָנט, באַהאַלטנדיק זיך, מען זאָל זיי נישט אַרויסזען; זיי האָבן זיך אָבער אַליין פאַרראַטן דורך אַן אומרויק שושקען זיך. זיי זענען איצט אַרויסגעקראָכן, ווי צוויי זינדיקע.

די מעשה איז, וואָס אלישע האָט געפונען אַ שטיקל פון אַ קאָלירטן בלייפעדער, וואָס דער אינזשינער האָט פאַרגעסן, און געלאָזט זיך לויפן אָפּצוגעבן אים צוריק, נאָר די גרויסע מענער מיט זייערע גרויסע טריט זענען שוין געווען ווייט אין וואַלד. אלישע האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז ער מעג דעם בלייפעדער האַלטן פאַר זיך — ער זאָל דאָס נאָר מעגן! ער האָט אויסגעזוכט דעם קליינעם סיווערט, זיי זאָלן כאָטש אין צווייען טיילן די שולד, און ביידע זענען זיי אַרונטער־געקראָכן אונטערן דיל מיט זייער מציאה. אָ, דאָס שטיקל בלייפעדער — ס'איז געווען אַ געשעעניש אין זייערע לעבנס, אַ וואונדער! זיי האָבן גע־פונען שפּענער און באַדעקט זיי רונד־אַרום מיט צייכענונגען; דער בליי־פעדער, האָבן זיי אויסגעפונען, האָט מיט איין עק געמאַכט בלויע צייכנס און רויטע — מיטן צווייטן, און זיי האָבן זיך נאָך דער רייע נאָך באַנוצט מיט אים. ווען זייער פאָטער האָט זיי גערופן אַזוי הויך און פאָדערנדיק, האָט אלישע געטראַכט: — זיי זענען צוריקגעקומען נאָכן בלייפעדער! — זייער גאַנצע פרייד איז צערונען געוואָרן אין אַ רגע, פאַרשוואונדן פון זייערע זינענס דורך אַ וואונק, און זייערע קליינע הערצער האָבן אָנגע־הויבן צו קלאַפּן שווער און גיך. די ברידער זענען אַרויסגעקראָכן. אלישע האָט אויסגעשטרעקט דעם בלייפעדער פאָרויס; אָט איז ער זיי

האָבן אים נישט צעבראָכן; בלויז געוואונטשן זיך — הלואי וואָלטן זיי אים קיינמאָל נישט געווען אָנגעקוקט.

קיין אינזשינער האָט מען נישט געזען. זייערע העכצער האָבן זיך אַביסל באַרויקט; ס'איז וואונדערלעך גרינג געוואָרן נאָך דער שרעקלעכער שפּאַנונג.

— געווען דאָ נעכטן אַ פרוי? — האָט זייער פאָטער געזאָגט.

— יאָ.

— די פרוי פון דער פערמע, וואָס הינטער אונז. האָט איר זי געזען אַוועקגיין?

— יאָ.

— האָט זי געהאַט אַ ציג מיט זיך?

— ניין, — האָבן די יינגלעך געזאָגט. — אַ ציג?

— האָט זי נישט מיטגעפירט אַ ציג מיט זיך, ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען?

— ניין. וועלכע ציג?

יצחק האָט זיך געוואונדערט און געוואונדערט. פאַרנאַכט, ווען די טשערעדע איז צוריקגעקומען, האָט ער איבערגעציילט די ציגן צוויי מאָל — ס'איז געווען זעכצן. ער האָט זיי איבערגעציילט נאָכאַמאָל, געציילט פינף מאָל. זעכצן. קיין איינע האָט נישט געפעלט.

יצחק האָט אָפּגעאָטעמט. וואָס הייסט עס? אָלינאַ, געמיינט בײַיאה, האָט זי נישט געקאָנט ציילן קיין זעכצן? ער האָט זי געפרעגט אויפגערעגט: — וואָס הייסט עס? ס'איז דאָ זעכצן ציגן.

— זעכצן? — האָט זי אומשולדיק געפרעגט.

— יאָ.

— איז גוט.

— אַ גוטע ציילערין ביסטו.

אָלינאַ האָט געענטפערט שטיל, אין אַ פאַרשעמטן טאָן: — געלויבט צו גאָט, אַלע ציגן זענען דאָ, וועסט נישט זאָגן, אָלינאַ האָט זיי אַלע אויפגעגעסן. און גוט איז איר, דער אָרעמער.

אָלינאַ האָט אים אינגאַנצן אָפּגענאַרט מיט איר כיטרעקייט; ער איז געווען צופרידן און געמיינט, אַז אַלץ איז גוט. ס'איז אים נישט איינגעפאַלן, למשל, צו ציילן די שאָף. ער האָט זיך שוין מער נישט געקימערט

ווייטער צו ציילן זיינע פּי. נאָך אַלעמען איז אָלינאַ גאָרנישט אַזוי שלעכט; זי פירט דאָס הויז פאַר אים און גיט אַכטונג אויף די בהמות, זי איז נאָר אַ נאַר, און דאָס איז שלעכט פאַר איר אַליין. זאָל זי דאָ זיין, זאָל זי דאָ לעבן — זי איז ווערט, ער זאָל זאָרגן פאַר איר. שווער איז אָבער יצחקן אין אַזאַ גרויס און פריידלאָז לעבן.

יאָרן זענען געלאָפן. גראָז איז אויסגעוואַקסן אויפן דאַך פונם הויז, אפילו דער דאַך פונם שייער, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר יונגער, איז געווען גרין. די ווילדע מויז, די וואַלד-איינוואוינערין, האָט שוין לאַנג געפונען אַ וועג אין שפייז-קאַמער אַריין. אַלערליי מינים קליינע פייגעלעך האָבן געווימלט איבער דעם לאַנד; פאַרשידענע פויגלען זענען געווען העכער-צו אויפן שפּיץ-באַרג; אפילו קראָען זענען געקומען. און דאָס וואונדערלעכסטע איז געווען אַ זומער פריער: מעוון האָבן זיך באַוויזן, מעוון, וואָס זענען אַרויפגעקומען פונם ים-ברעג, צו באַזעצן זיך אויף די פעלדער אין דער ווילדעניש. יצחקס פערמע איז באַוואוסט געוואָרן אין דער ווייט און ברייט צו אַלע ווילדע באַשעפענישן. און ווי איז מיט אלישען און סיווערטן, ווען זיי האָבן דערזען די מעוון? אָ, פרעמדע פייגל פון ערגעץ ווייט; נישט קיין סך, מער נישט זעקס ווייסע פייגל, אַלע גלייך, וואַקלען זיך אַהין און אַהער איבער די פעלדער און פיקן פון צייט צו צייט אין גראָז.

— פאָטער, נאָך וואָס זענען זיי געקומען? — האָבן די יינגלעך געפרעגט.

— שלעכטע וועטערן רוקן זיך אָן אויפן ים, — האָט דער פאָטער זיי געענטפערט.

אָ, ווי וואונדערלעך און מיסטעריעז די מעוון זעען עס אויס!

און יצחק האָט זיינע זין געלערנט פיל אַנדערע זאַכן, גוטע און ניצלעכע צום וויסן. זיי זענען שוין געווען אויסגעוואַקסן צו גיין אין אַ שול, נאָר די שול איז זייער ווייט, אין דאָרף — און נישט צו דערגרייכן אַהין. יעדן זונטאָג האָט ער אַליין זיי געלערנט דעם אלף-בית, נאָר עס איז נישט פאַר אים, דעם געבוירענעם ערד-אַרבעטער, צו געבן זיינע קינדער וואָסער ס'איז העכערע דערציונג; דער קאַטעכיזיס מיט דער ביבל זענען געלעגן שטיל אויף דער פּאָליצע מיט די קעזן. יצחק, ווייזט אויס, האָט געטראַכט, אַז ס'איז בעסער פאַר מענטשן צו וואַקסן אָן דעם

ביכער־היין, אַזוי איז ער זיך באַגאַנגען מיט די יינגלעך. זיי זענען געווען אַ פרייד און אַ ברכה פאַר אים; אָפט האָט ער געטראַכט וועגן יענע צייטן, ווען זיי זענען נאָך געווען קליינינקע, אין זייער מוטער האָט אים נישט געלאָזט זיי אָגרירן, ווייל זיינע הענט זענען געווען קלעפיק מיט זשיוויצע, האַ, זשיוויצע, די ריינסטע זאַך אין דער וועלט! סמאָלע און ציגנמילך און מוה, למשל, אַלץ געזונטע אויסגעצייכנטע זאַכן, אָבער זשיוויצע פון אַ סאָסנע — נישטאָ קיין גלייכן צו דעם!

אַזוי זענען די יינגלעך געוואַקסן אין גן־עדן פון שמוץ און אומוויסנהייט. נישט געקוקט אויף דעם זענען זיי אָבער געווען שיינע קינדער׳ ווען מען האָט זיי אַרומגעוואַשן, וואָס ס׳האָט פון צייט צו צייט פּאַסירט; דער קליינער סיווערט, ער איז געווען אַ פראַכטפול בחורל, הגם אלישע איז געווען איידעלער און טיפער.

— ווי ווייסן די מעוון וועגן וועטער? — האָט ער געפרעגט.

— זיי זענען וועטער־קראַנק, — האָט דער פאָטער געזאָגט.—אָבער נישט מער וועטער־קראַנק, ווי די פליגן. ווי ס׳גייט צו מיט די פליגן, קאָן איך נישט זאָגן, צי זיי קריגן די פּעדאַגרע, אָדער ס׳שווינדלט זיי אין קאָפּ, אָדער עפּעס אַנדערש. קיינמאָל אָבער זאָלט איר נישט אַרויסטרייבן קיין פליג, ס׳מאַכט זי נאָך ערגער — געדענקט דאָס קינדער! די פערדפליג, זי איז פון אַן אַנדער מין, זי שטאַרבט אַליין. זי באַווייזט זיך פלוצים אין אַ זומערדיקן טאָג; דערנאָך פלוצים, אין א טאָג, פאַרשווינדט זי, און דאָס איז איר סוף.

— ווי אַזוי אָבער שטאַרבט זי? — האָט אלישע געפרעגט.

— דאָס פעטס אינעווייניק ווערט פאַרהאַרטעוועט, ליגט זי שוין טויט.

יעדן טאָג האָבן זיי זיך דערוואוסט עפּעס נייעס: ווען מען שפּרינגט אַראָפּ פון הויכע פעלזן, למשל, דאַרף מען האַלטן די צונג אין מויל און נישט צווישן די ציין. ווען איר וועט אונטערוואַקסן און וועט וועלן ס׳זאָל שמעקן פון אייך, אַז איר וועט גיין אין קלויסטער, זאָלט איר זיך בלויז אָנרייבן מיט אַביסל ווערעמקרויט, וואָס וואַקסט אויפן אַראָפּבאַרג. דער פאָטער איז פול מיט חכמה. ער האָט גערעדט מיט די יינגלעך וועגן שטיינער, וועגן קרעמען, ווי דער ווייסער שטיין איז האַרטער פונם גרויען; און ווען ער האָט געפונען אַ קרעמען־שטיין, מוז ער אויך מאַכן אַ צונטער. דאַן קאָן ער מאַכן פייער דערמיט. ער האָט זיי געלערנט וועגן

דער לבנה, ווען איר קאָנט אַריינטאָן אייער לינקע האַנט אין איר אויס געהווילטער זייט — דאַן וואַקסט זי, און ווען די רעכטע האַנט — דאַן פאַרקלענערט זי זיך; געדענקט עס, קינדער!

צייטנווייז פלעגט יצחק פאַרגיין צו־ווייט און ווערן מיסטעריעז; איינמאָל האָט ער דערקלערט, אַז עס איז שווערער אַ קעמל אָנצוקומען אין הימלישן קעניגרייך, איידער אַ מענטש זאָל אַריין אין אויג פון אַ נאָדל. אַן אַנדערש מאָל, דערציילנדיק וועגן דעם פראַכט פון די מלאכים, האָט ער דערקלערט, אַז די מלאכים האָבן אין זייערע פאָדעשוועס שטערן, אָנשטאָט טשוועקלעך. גוטע און פשוטע תורה, צוגעפּאַסט פאַר איינגעזעסענע אין דער ווילדעניש; דער לערער פון דאָרף וואָלט פון דעם אַלעם זיך געוויס אויסגעלאַכט, נאָר יצחקס ייִנגלעך איז דאָס גוט צוניץ געקומען אין זייער לעבן. זיי זענען געווען דערצויגן און געלערנט פאַר זייער קליין וועלטל, און וואָס קאָן זיין בעסער? אין הערבסט, ווען מ'האָט זיך גענומען קוילען די בעלי־חיים, זענען די ייִנגלעך געוואָרן זייער נייגיריק און שרעקיק, און עס איז זיי שווער געווען אויפן האַרץ. יצחק האָט גע־האַלטן די בהמה מיט איין האַנט, און מיט דער אַנדערער גרייט צו קוילען; אָלינאַ האָט פאַרדעקט דאָס בלוט. מ'האָט דעם אַלטן צאַפּ, דעם באַ־בערדלטן און קלוגן, אַרויסגעפירט. די ייִנגלעך האָבן אַרויסגעקוקט פון הינטער אַ ווינקל.

— אַ קאַלטער, שטויביקער ווינטער הייַנט, — האָט אלישע געזאָגט און זיך אָפּגעקערט אויסצווישן זיינע אויגן. דער קלענער סיווערט האָט געוויינט אין דערהויך, און אויסגערופן: — אָ, אָרעמע, אַלטע ציג!

ווען דער צאַפּ איז שוין געווען געקוילעט איז יצחק צוגעגאַנגען צו זיי און זיי געגעבן אַ לעקציע: — איר זאָלט נישט שטיין דערביי און זאָגן „אָרעמע בהמה" און האָבן רחמנות, ווען בהמות ווערן געקוילעט. דאָס מאַכט זיי פּרעכער און שווערער צו קוילען. געדענקט עס!

אַזוי זענען די יאָרן געלאָפן און איצט איז שוין באַלד ווידער פרילינג געווען.

אינגער האָט געשריבן אַהיים, אַז איר איז גוט און אַז זי לערנט דאָרט זיך אויס אַ סך זאַכן. איר קליין מיידעלע איז שוין גרויס און מען רופט זי לעאָפּאָלדינאַ, נאָכן טאָג, וואָס זי איז געבוירן, דעם 15 נאָוועמבער.

דאָ מערקווירדיקסטע אין דעם בריוו איז געווען דאָס, וואָס אינ־גער האָט אים אַליין צוזאַמענגעשטעלט און אויפגעשריבן. יצחק איז נישט אַזאַ מייסטער, — ער האָט געמוזט זיך לאָזן דורכלייענען דעם בריוו ביים קרעמער אין דאָרף. אָבער איצט איז שוין דער בריוו ביי אים אין קאָפּ, ער זיצט דאָרטן פעסט, — אז יצחק איז געקומען אַ היים האָט ער געוואוסט דעם בריוו אויף אויסווייניק.

מיט גרויס פייערלעכקייט האָט זיך יצחק אַוועקגעזעצט ביים טיש אויסגעשפרייט דעם בריוו — און ער לייענט אים פאַר די יונגען. ניש־קשה, אָלינע זעט, ווי פליסיק ער לייענט דאָס געשריבענע — אָבער ער קוקט זיך אויף אים נישט אום, ווענדט זיך מיט קיין איין וואָרט צו איר נישט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער געזאָגט: — אָט, אָלישע, און דו, סיוועריט, דאָס האָט אייער מאַמע אַליין אָנגעשריבן דעם בריוו און זיך אויסגעלערנט די אַלע זאַכן. אפילו דאָס קליינע שוועסטערל איי־ערס דאָרטן, זי ווייסט מער פון אונז אַלעמען דאָ. געדענקט עס! — די יינגלעך זענען געזעסן שטיל, פאַרוואונדערט.

— יאָ, ס'איז אַ גרויסע זאַך, — האָט אָלינאַ געזאָגט.

און וואָס האָט זי געמיינט דערמיט? האָט זי געצווייפעלט אין אינ־גערס רייד? אָדער זי האָט געהאַט איר חשד צו יצחקס לייענען? ס'איז נישט פון די גרינגע זאכן אויסצוגעפינען וואָס אָלינאַ האָט אין דער אמתן געטראַכט, ווען זי איז דאָרטן געזעסן מיט איר איינפאַך געזיכט מורמלענ־דיק צווידייטיקע רייד. יצחק האָט באַשלאָסן, נישט צו נעמען אין אַכט איר מורמלען.

— און ווען אייער מוטער וועט אַהיים קומען, וועט איר זיך אויך אויסלערנען שרייבן, — האָט ער געזאָגט צו די יונגלעך.

אָלינאַ האָט אָפּגערוקט עטלעכע קליידער, וואָס זענען געהאַנגען נעבן אויוון צום טריקענען, איבערגעשטעלט אַ טאָפּ, איבערגערוקט ווידער אַמאָל די קליידער, און זיך געמאַכט, אַז זי איז שטאַרק פאַרנומען. זי האָט די גאַנצע צייט עפּעס געקלערט.

— אויב ס'איז אַלץ דאָ אַזוי פיין און גרויסאַרטיק — האָט זי ענדלעך אַרויסגעזאָגט — מיין איך, אַז דו וואָלסט געמעגט קויפן אַ האַלב פונט קאַווע פאַרן הויז־געזינד.

— קאַווע? — האָט יצחק געזאָגט נישט ווילנדיק.

אָלינאַ האָט געענטפערט שטיל: — ביז איצט האָב איך געקויפט צו ביסלעך פון מיין אייגן געלט, נאָר...

קאַווע איז געווען אַ חלום-זאַך פאַר יצחקן, אַ טרוים פון עפּעס אַ מעשהלע. אָלינא האָט, פאַרשטייט זיך, זיך אומזיסט באַרימט. ער איז נישט געווען אין כּעס אויף איר, ניין, נאָר שווער אויפן געדאַנק, ווי זיין שטייגער האָט ער זיך צום כּוף דערמאָנט אָן איר טויש-האנדל מיט די לאַפּן, און ער האָט -פאַרביטערט געזאָגט:

— יאָ, איך וועל דיר קויפן קאַווע, איך וועל עס טון. אַ האַלב פונט האָסטו געבעטן? פאַרוואָס נישט קיין גאַנץ פונט?

— דו דאַרפסט אזוי נישט רעדן, יצחק. מיין ברידער נילס טרינקט קאַווע; און אונטן אין ברייטאַבּליך טרינקען זיי אויך קאַווע.

— יאָ, ווייל זיי האָבן נישט קיין מילך, קיין איין טראָפּן מילך פאַרמאָגן זיי נישט.

ס׳קאָן זיין. אָבער דו, וואָס ווייסט אַזוי פיל און לייענסט האַנט-שריפט אַזוי לייכט ווי אַ הירש לויפט, האָסט באַדאַרפט וויסן, אַז קאַווע איז א זאַך, וואָס דארף זיך געפינען אין יעדן הויז.

— פאַרזעעניש — האָט יצחק געזאָגט.

דאָ האָט שוין אַלינא זיך אוועקגעזעצט און אָנגעהויבן פריי צו רעדן: — און וועגן אינגערן, מעג איך זאָגן עפּעס א וואָרט...

— זאָג, וואָס דו ווילסט, אַלצאיינס.

— זי וועט קומען אַהיים, אויסגעלערנט אַלערליי זאַכן . און פאַציערקעס מיט פעדערן אין איר הוט, א יאָ?

— יאַ, ס,קאָן זיין.

— אוֹדאי, — האָט אַלינאַ געזאָגט, - און מיר דאַרף זי אָפּדאַנקען פאר דעם אַלעמען.

— דיר? — האָט זיך ביי יצחקן אַרויסגעגליטשט פון מויל.

אָלינאַ האָט געענטפערט עניותדיק: — יאָ, צוליב מיין באשיידענעם אויפטו, וואָס מ׳האָט זי אַוועקגענומען.

יצחק איז געבליבן שטום, זיינע רייד, זענען געבליבן אָפּגעהאַקט, ער איז געזעסן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. האָט ער גוט געהערט? אָלינאַ איז געזעסן און געקוקט, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהאַט געזאָגט. ניין, אין ווערטער-קאַמף איז יצחק געווען אינגאַנצן הינטערשטעליק.

ער איז אַרויס פונם הויז פול מיט שווערע מחשבות. אַלינאַ אַט די חיה, וואָס שפּייזט זיך מיט רשעות און וואַקסט פון דעם — פאַרוואָס האָט ער נישט צעבראָכן איר האַלדז־נאַקן דאָס ערשטע יאָר? אַזוי האָט ער געטראַכט און געפּרוּוט צו שטאַרקן זיך. ער האָט עס געקאָנט טון — ער? געוויס! קיינער נישט אַזוי גוט ווי ער!

און דאַן איז אַ נארישע זאַך געשען. יצחק איז אַריין אין שטאַל און איבערגעציילט די ציגן. אָט זענען זיי דאָ מיט זייערע ציגעלעך, אַלע. ער ציילט די קי, דעם חזיר, פערצן הינער, צוויי קעלבלעך. — איך האָב שיר פאַרגעסן אָן די שאָף, — זאָגט ער צו זיך אַליין; ער ציילט די שאָף, און מאַכט זיך פאַרזאָרגט, איינע זאָל נישט פעלן. ער ווייסט זייער גוט, אַז איין שאָף פעלט; ער האָט עס שוין אַ לענגערע צייט: צו וואָס זאָל ער נאַרן זיך אַליין? ס'איז אַזוי. אַלינאַ האָט אים פריער פיין אָפּגענאַרט, זאָגנדיק, אַז ס'פעלט אַ ציג, כאָטש אַלע ציגן זענען געווען גאַנץ; ער האָט דאַן וועגן דעם געמאַכט אַ גרויסן ליאַרם, נאָר אומזיסט. אַלע מאָל קומט אַרויס דאָס זעלבע, ווען ער האָט אַ קאָנפליקט מיט אַלינאַן. דערנאָך, אין הערבסט, ביים קוילען, האָט ער גלייך באמערקט, אַז איין שאָף האָט געפעלט, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין מוט צו פאָדערן פון איר אַ חשבון. און ער האָט נאָך אַלץ קיין מוט נישט.

נאָר היינט איז ער בייז; יצחק איז היינט בייז. אַלינאַ האָט אים דאָס מאָל אַריינגעבראַכט אין כעס. ער ציילט איבער די שאָף נאָכאַמאָל אַרויפלייגנדיק זיין צייג-פינגער אויף יעדער שאָף באַזונדער און ציילט אין דער הויך — אַלינאַ מעג דאָס הערן, אויב זי וויל, אויב זי איז גראָד אין דרויסן. און ער זאָגט אַ סך האַרבע ווערטער וועגן אַלינאַן — זאָגט זיי אַרויס אין דער הויך; ווי אַזוי זי קאַרמעט די שאָף אויף אַן אייגענעם אופן, אויף אַזא אופן וואָס מאַכט זיי זאָלן פאַרשווינדן — אָט איז איין שאָף פאַרשווינדן. זי איז אַ גנבטע אַ טויגעניכטס, און גאָר, און זי מעג עס וויסן! אָ, ער האָט געוואָלט, אַז אַלינאַ זאָל שטיין אין דרויסן און הערן, און כאָטש איינמאָל זיך דערשרעקן.

ער שפּאַנט אַרויס פון שטאַל, גייט אַריין צו די פערד און ציילט זיי איבער, פון דאַנען וועט ער אַריינגיין אין הויז און זיך אויסרעדן דאָס האַרץ. ער גייט אַזוי גיך, אַז זיין העמד בלאָזט זיך אָן, אַזוי איז ער אין כעס.

אָלינאַ האָט וואַרשיינלעך עפּעס באמערקט, אַרויסקוקנדיק דורכן פענסטער. זי באוויזט זיך נעבן דער טיר. שטיל און זיכער, מיט עמער אין די הענט, אויף איר וועג צום שטאַל.

— וואָס האָסטו געטון מיט דער שאָף וואָס מיט די פלאַכע אויערן — פרעגט ער.

— שאָף? — פרעגט זי.

— יאָ. וואָלט זי געוועזן דאָ וואָלט זי שוין געהאַט צוויי שעפּעלעך. וואָס האָסטו געטון? זי פלעגט אַלעמאָל האָבן אַ פּאָרל, האָסטו מיך אָרע, מער געמאַכט אויף דריי שאָף מיט אמאָל, פאַרשטייסט.

אָלינא איז אינגאַנצן פאַרלוירן, דערשלאָגן פון דער באַשולדיקונג; זי שאָקלט מיטן קאָפּ און אירע פיס דאַכט זיך ברעכן זיך אונטער — אָט פאלט זי אום. איר קאָפּ אָבער ארבעט די גאַנצע צייט, אירע אייגי פאַלן האָבן איר אַמאָל אַרויסגעהאָלפן, אַלעמאָל געדינט איר; זיי וועלן אויך איצט זי נישט פאַרלאָזן.

— איך גנבע ציגן און איך גנבע שאָף, — זאָגט זי רויק — און וואָס טו איך מיט זיי, וואָלט איך געוועזן אַ בעלן צו וויסן? איך עס זיי אויף, נישט אַנדערש?

— ווייסט אַליין וואָס דו טוסט מיט זיי.

— האָ, האָב איך דען ווייניק ביי דיר יצחק, פלייש און עסנוואַרג און אַנדערע זאכן, איך זאָל נאָך דאַרפן גנבענען? אויף אונטער די אויגן קאָן איך זאָגן, אַז קיינמאָל האָט מיר נישט געפעלט קיין זאַך.

— אָבער וואָס האָסטו געטון מיט דער שאָף? האָסט זי געגעבן אָס־אנדערסן?

— אָס אַנדערס? — אָלינאַ מוז אוועקשטעלן די עמער און צונויפלייגן די הענט — איך זאָל אַזוי מער נישט וויסן פון קיין זינד אויף מיין לעבן! אַלץ וועגן אַ שאָף און שעפּעלעך רעדסטו? מיינסטו די ציג מיט די פלאַכע אויערן?

— פאַרזעעניש! — האָט יצחק געזאָגט און זיך אָפּגעדרייט.

— נו, זאָג אַליין, יצחק אויב דו ביסט נישט קיין מיידנער... דו האָסט פון אַלעם וואָס דו קאָנסט נאָר באַגערן, אַ שטאַל פול מיט ציגן און שאָף ווי די שטערן אין הימל, און ס'איז דיר אַלץ קאַרג. פון וואַנען זאָל איך וויסן וועגן שאָף און שעפּעלעך, וואָס די פרעגסט מיך אויף זיי?

וואָלסט געדאַרפט דאַנקען גאָט פאַר זיין חסד פון דור צו דור. אָט וועט אַוועקגיין זומער און אַ שטיק ווינטער, און ס'וועט ווידער קומען די צייט פון שעפּסלען זיך, און וועסט האָבן דריי מאָל אַזוי פיל!

אָ, אָט די! אָלינאַ!

יצחק איז אַוועק און געברומט ווי אַ בער — אַ נאַר בין איך, וואָס כ'האָב זי נישט דערהרגט דעם ערשטן טאָג! — אידיאָט, שטיק גאָר-נישט וואָס איך בין. אָבער ס'איז נאָך נישט צו שפּעט; וואַרט זאָל זי זיך גיין אין שטאַל, אויב זי וויל. מאָרגן... יאָ, מאָרגן אינדערפרי וועט קומען די צייט. דריי שאָף פאַרלוירן בעגאַנגעןן! און קאַווע זאָגט זי!

## X

דער צווייטער טאָג אויף מאָרגן, האָט געבראַכט א גרויס געשע־ניש — ס׳איז אָנגעקומען אַ גאַסט אויף דער פערמע — גייסלער איז געקומען. ס׳איז נאָך קיין סימן פון זומער אויף די זומפּן נישט געווען, נאָר גייסלערן האָט ווייניק וואָס געאַרט דער צושטאַנד פון דער ערד. ער איז געקומען צופיס, אין הויכע שטיוול מיט ברייטע גלאַנציקע כאָ־ליעוועס; ער האָט געטראָגן געלע הענ שקעס און אויסגעזעען זייער עלע־גאַנט; אַ מאַן פון דאָרף האָט מיטגעטראָגן זיינע זאַכן.

דאָס מאָל איז ער געקומען אָפּצוקויפן אַ שטיק פון יצחקס לאַנד, ארויף צו אין די בערג — אַ קופּער־שאַכט. וויפל איז דער מקח? יאָ, און ער האָט געבראַכט אַ גרוס פון אינגערן — אַ פרוי, יעדער איינער האָט זי ליב; ער איז געווען אין טראָנדהיים און זי געזעען דאָרט.

— יצחק, די האָסט אַריינגעלייגט אַ היפּש ביסל ארבעט דאָ".

— יאָ, און איר האָט געזעען אינגערן?

— וואָס האָסטו דאָרטן, פון יענער זייט? זיך אויסגעבויט אַליין אן אייגענע מיל? מאָלסט דיין אייגן קאָרן? אויסגעצייכנט. האָסט אָפּגע־רייניקט אַ היפּש שטיק ניי לאַנד, זינט איך בין דאָ געווען דאָס לעצ־טע מאָל.

— איז זי געזונט?

— האַ? דיין פרוי! יאָ, געזונט. קום אריין אין צווייטן חדר. איך וועל דיר אַלץ דערציילן.

— ס׳איז נישט אויפגעראָמט — האָט אָלינאַ זיך אַריינגעמישט. אָלינאַ האָט געהאַט אירע טעמים, פאַרוואָס זי האָט זיי נישט געוואָלט אהין אַריינלאָזן.

פונדעסטוועגן זענען זיי יאָ אַריין אין קלענערן חדר, און פאַר־

מאַכט די טיר הינטער זיך. אָלינאַ איז געשטאַנען אין קיך און גאָרנישט נישט געהערט.

גייסלער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַ פיר געטון איבערן קני מיט זיין שטאַרקער האַנט — ס'הייסט, ער האַלט יצחקס גורל אין זיין האַנט.

— דו האָסט נאָך נישט פארקויפט דעם קופּער-באַרג? — האָט ער געפרעגט.

— ניין.

— גוט. איכ'ל עס קויפן. יאָ, איך האָב געזעען אינגערן און נאָך עטלעכע אַנדערע מענטשן אויך. זי וועט געוויס גאָר אינגיכן באַפרייט ווערן, אויב איך האָב נישט קיין טעות — דער ענין איז אַריבער צום קעניג.

— צום קעניג?

— צום קעניג, יאָ. איך בין געגאַנגען זיך זעען מיט דיין פרוי — איך האָב עס אויסגעפּועלט — און מיר האָבן געהאַט אַ לאַנגן שמועס. „נו, אינגער, ווי גייט עס דיר דאָ? גוט, האַ?" „נישטאָ וואָס צו באַקלאָגן זיך". „ווילסט צוריק אַהיים?" „יאָ איך וועל נישט זאָגן, אַז נישט". „וועסט זיין דאָרטן גאָר אינגיכן", האָב איך געזאָגט. און איך וועל דיר זאָגן, יצחק, אַז זי איז אַ טייערע פרוי אינגער. קיין געשוואָלענע אויגן, אַפילו קיין טרער נישט, נאָר געשמייכלט און געלאַכט... זיי האָבן אגב, איר אויסגעגלייכט די ליפּ, געמאַכט אַן אָפּעראַציע — פאַרנייט צוריק. נו, זיי געזונט, האָב איך איר געזאָגט. דו וועסט שוין לאַנג דאָ נישט פאַרבלייבן איך בין דיר מבטיח".

— דאַן בין איך אַוועק צום אויפזעער פון דער תפיסה — ער האָט מיך אויפגענומען, פאַרשטייט זיך, אָן שום טענות. „איר האָט אַ פרוי דאָ", האָב איך געזאָגט, „וואָס איז ווערט, איר זאָלט זי פריילאָזן און זי זאָל קאָנען גיין צוריק אַהיים — סעלאַנראַוו". „אינגער?" האָט ער געזאָגט; יאָ, זי איז אַ גוטער מענטש. הלואי וואָלטן זי מיר געקאָנט האַלטן דאָ כאָטש צוואַנציק יאָר". „דאָס וועט איר נישט טון", האָב איך געזאָגט. זי זיצט שוין דאָ צו־לאַנג אַזוי אויך" „צו לאַנג?" זאָגט ער. „ווייסט פאַרוואָס זי זיצט דאָ?" „איך ווייס די גאַנצע מעשה", זאָג איך, „איך בין געווען דער לענסמאַנד אין יענעם באַצירק". „אָ", רופט ער זיך אָן, מיר טוען פאַר איר אַלץ, וואָס מיר קאָנען, און פאַר איר קליין

מיידעלע אויך. זי איז פון אייער באַצירק, אַזוי? מיר האָבן איר גע־האָלפן זיך איינשאפן אַן אייגענע ניי־מאַשין; זי איז דורכגעגאַנגען אַלע אָפּטיילונגען אין די ווערקשטאַטן; פונם אָנהויב ביזן סוף, און מיר האָבן זי אויסגעלערנט אַ סך זאַכן — וועבן, פאַרבן סחורות, צושניידן; און איר זאָגט, אַז זי איז שוין צו לאַנג דאָ?" איך האָב שוין געהאַט גרייט מיין ענטפער, נאָר איך האָב אים אָפּגעלייגט און בלויז געזאָגט, אַז איר משפט איז שלעכט דורכגעפירט געוואָרן און מען דאַרף אים רעווידירן, איצטער נאָך דער רעוויזיע, פונם קרימינעלן קאָדעקס, דאַרף מען זי אפשר גאָר אינגאַנצן באַפרייען. און איך האָב אים דערציילט וועגן דעם האָז. „אַ האָז?" פרעגט דער אויפזעער. „אַ האָז", זאָג איך, און דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן מיט אַ האָזן־ליפּ". „אָ", זאָגט ער מיט אַ שמייכל, „איך פאַרשטיי. מיינט איר, זיי האָבן צוליב דעם באַ־דאַרפט לייגן אויף איר אַכט?" „זיי האָבן אויף דעם קיין שום אכט נישט געלייגט" האָב איך געזאָגט, דאָס איז גאָר אינגאַנצן נישט דער־מאָנט געוואָרן". „נאָך אַלעמען דענק איך, איז די זאַך נישט אַזוי וויכ־טיק" „פאַר איר יעדנפאַלס". „גלויבט איר דען, אַז אַ האָז קען באַווייזן וואונדער?" זאָגט ער. „וואָס איז שייך, זאָג איך, „צי אַ האָז קען באַ־ווייזן וואונדער צי נישט, איז עס אַן ענין, וואָס איך וועל וועגן אים איצט נישט רעדן. די פראַגע איז, וואָס דאָס קוקן אויף אַ האָז קאָן האָבן אַ ווירקונג אויף אַ שוואַנגערער פרוי". דאָ האָט ער אַביסל נאָכ־געטראַכט. „ה־מ". זאָגט ער צולעצט. „מעגלעך. מעגלעך. אַלנפאַלס, איז עס נישט אונזער עסק. מיר דאַרפן נאָר האַלטן די מענטשן, וואָס מען שיקט אונז; נישט צו רעווידירן זייערע משפטים און לויט דעם אַרטיקל, איז אינגער נאָך נישט אָפּגעזעסן איר צייט".

— נו, דאַן האָב איך געזאָגט דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן די גאַנצע צייט. „ס'איז באַגאַנגען געוואָרן אַ שטאַרקער פעלער ביים אַרעסט פון אינגערן, האָב איך געזאָגט. „אַ פעלער?" „יאָ, צום אַלעם ערשטן האָט מען זי נישט געטאָרט אַוועקנעמען אין דעם צו־שטאַנד, אין וועלכן זי איז דעמאָלסט געווען". ער קוקט אויף מיר שטייף. „דאָס איז אמת", זאָגט ער, „נאָר ס'האָט גאָרנישט צו טון מיט אונז דאָ" „און צווייטנס", זאָג איך, האָט באַשטימט נישט געטאָרט אַרי־בערגיין אין תפיסה צוויי גאַנצע חדשים, ביז די באַאַמטע זאָלן איינזען

איר מצב. דאָס האט אים צעמישט, האב איך באַמערקט; אַ לענגערע ווײַלע האָט ער גאָרנישט נישט געענטפערט. „זענט איר באַפּולמעכטיקט צו האַנדלען אין איר נאָמען?" זאָגט ער צולעצט. „יאָ" זאג איך. דער־נאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי צופרידן זיי זענען מיט איר, און אויפסניי אויסגערעכנט אַלץ, וואָס זיי האָבן זי אויסגע־לערנט און אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַר איר געטון, — זי אויסגעלערנט שרייבן אויך, האָט ער געזאָגט. און דאָס קליינע מיידעלע איז אַוועק־געגעבן געוואָרן צו אַ שטענדיקן מענטש מ,זאָל זי דערציען א. אַז. וו. דאן האב איך אים דערציילט, ווי ס'איז אין דער היים אָן אינגערן. איבערגעלאָזט צוויי קליינע קינדער, און אַ געדונגענע פרוי גיט אכטונג אויף זיי און אַז. וו. „איך האָב א שריפטלעכע דערקלערונג פון איר מאן", האב איך אייך געזאָגט, „אַז איך בין באַפּולמעכטיקט צו בעטן איר משפט זאָל רעווידירט ווערן, אָדער דערלאַנגען אַ ביטע, מ'זאָל איר מוחל זיין". „איך וואלט געוואָלט זעען זיי דערקלערונג", זאגט דער אויפזעער. „גוט, זאג איך, איך וועל זי מיטברענגען מאָרגן אין די אויפנאם־שטהן".

יצחק איז געזעסן און זיך צוגעהערט — ס'איז געווען שפּאַנענד צו הערן, אַ וואונדערלעכע מעשה פון פרעמדע לענדער. ער האָט נאָכ־געפאלגט גייסלערס רייד מיט קנעכטישע בליקן.

גייסלער האָט פאָרגעזעצט: — איך בין גלייך אַוועק אין האָטעל און אָנגעשריבן אַ דערקלערונג, געטון עס, פאַרשטייט זיך, אינגאַנצן אַליין, און אונטערגעשריבן „יצחק סעלאַנראַאַ". מיין נישט, אַז איך האָב פונדעסטוועגן אַרויסגעזעצט עפּעס קעגן דער פירונג אין דער תפיסה. קיין איין וואָרט נישט. אויפן צווייטן טאָג בין איך אַוועק מיטן פּאַפּיר „איך בעט אייך זיצן", זאָגט דער אויפזעער באַלד ווי איך האָב נאָר פאַרמאַכט די טיר. ער האָט איבערגעלייענט וואָס איך האָב אָנגעשריבן, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און צום סוף געזאָגט: „זייער גוט, זייער גוט. ס'איז אפילו וויניקלעך, כדי צו באַווייזן אַ רעוויזיע, נאָר..." „וואַרט אויס אַ רגע, האָב איך געזאָגט, איך האָב נאָך אַן אַנדער דאָקומענט, וואָס וועט שוין אַלץ גוט מאַכן". און אויך דאָס מאָל נישט פאַרפעלט צו איבער־ראַשן אים. „יאָ", טוט ער מיטאמאָל אַ זאָג, „איך האָב וועגן דעם ענין איבערגעקלערט זינט נעכטן, און איך מיין, אַז עס איז דאַ גענוג גרונט

צו ווענדן דיך וועגן מחילה. „און די ביטע וועט האָבן דעם אויפזעערס שטיצע”, האָב איך געפרעגט. „יאָ, איך וועל זי שטאַרק רעקאָמענדירן” דאַן האָב איך זיך פאַרנויגט און געזאָגט, „אויב אַזוי וועט קיין שוועריקייט פאַרשטייט זיך, מיט דער מחילה נישט זיין”. איך דאַנק אייך זייער, מיין הער, פאַר אייער הילף, אין נאָמען פון אַ ליידנדיקער פרוי און אַ צעשטערטער היים.” דאַן זאָגט ער: „איך דענק, אַז מ׳וועט אפילו מער נישט דאַרפן קיין ווייטערע דעקלאַראַציעס — פון דעם בעצירק, איך מיין — וועגן איר משפט. איר קענט די פרוי — דאָס וועט זיין גענוג.” איך האָב פאַרשטייט זיך, גוט געוואוסט. פאַרוואָס ער וויל דער ענין זאָל אַדורך וואָס שפּילער, האָב איך צוגעשטימט, אַז ס׳וואָלט בלויז פאַרציען דעם ענין, דאָס זאַמלען נאָך מאַטעריאַלן...

— דאָס איז די גאַנצע מעשה יצחק. — גייסלער האָט אַ קוק געטון אויף זיין זייגערל. — און איצט לאָמיר רעדן וועגן געשעפט. קאָנסטו מיט מיר אַרויפגיין נאָך אַמאָל צו דער שאַכט?

יצחק איז געווען אַ שווערוואָגיקער מענטש און ס׳איז אים שווער געווען איבערצוגיין מיט אַמאָל צו אַן אַנדער ענין, ער איז אינגאַנצן איבערגעפולט געווען מיט געדאַנקען און פאַרוואונדערונג, און גענומען שטעלן פאַרשידענע פראגן. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די ביטע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן, צום קעניג און אַז זי קאָן אויפגענומען ווערן ביי איינער פון די ערשטע שטאַט־באַראטונגען ס׳איז הוילע וואונדער-–האָט ער געזאָגט.

דערנאָך זעבען זיי אַוועק אויף די בערג — גייסלער, זיין געהילף פון דאָרף און יצחק — און זיך געזאָמט עטלעכע שעה. ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג און גייסלער האָט אויסגעפאָרשט די ריכטונג, פון אַ קופּערנעם אָדער איבער אַ שטיק לאַנד און אָנגעצייכנט די גרענעצן פונם שטח, וואָס ער האָט געוואָלט קויפן. דאָ, דאָרט, אומטום איז ער געווען ער איז געווען לייכטזיניק ביי זיינע אַלע האַסטיקע באַוועגונגען; ער האָט שטענדיק שנעל אָנגענומען באַשלוסן און פעסט און זיכער אַלעמאָל.

ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אויף דער פערמע מיט אַ פולן זאַק מוסטערן פון אַרץ — האָט ער אַרויסגענומען שרייב-געצייג און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן. ער האָט זיך אָבער נישט איינגעגראָבן אינגאַנצן אינם שרייבן, נאָר אָפּט אונטערגעשמועסט — „נו, יצחק, קיין שטאַרק גרויסע סומע נישט, נאָר עטלעכע הונדערט דאָלאַר קען איך דיר געבן

אויפן אָרט באַלד". דערנאָך האָט ער געשריבן ווייטער. — „דערמאַן מיר פאַרן אַוועקגיין, איך וויל אָנקוקן די מיל, דיינע" — האָט ער געזאָגט. דאַן האָט ער דערזען עטלעכע בלויע און רויטע צייכנס אויף דער ראַם פונם וועבשטול און געפרעגט: — ווער האָט עס געמאָלן? — דאָס איז געווען אלישעס אַרבעט, ער האָט אויסגעכאַלט אַ פערד מיט אַ ציג, ער האָט מיט זיין קאָלירטן בלייפעדער געשריבן אויפן וועבשטול, אויפן מעבל אומעטום, נישט האָבנדיק קיין פּאַפּיר. — „גאָרנישט אַזוי שלעכט", האָט גייסלער געזאָגט און געגעבן אלישען אַ מטבע.

גייסלער האָט ווידער אַ ווײַלע געשריבן, דערנאָך געזאָגט: — באַלד וועלן געוויס אויך אַנדערע קומען באַזעצן זיך דאָ אויפן לאַנד.

אויף דעם האָט דער מאַן פון דאָרף, וואָס האָט אים באַגלייט, געזאָגט: — עטלעכע האָבן זיך שוין באַזעצט.

— האָ! און ווער זענען זיי?

— צוערשט די לייט פון ברײדאַבליק, ווי זיי רופן דאָס אָרט — ברעד פון ברײדאַבליק.

— ער — פוי! — האָט גייסלער מיט פאַראַכטונג געזאָגט.

— און ווייטער האָבן נאָך אַ פּאָר אַנדערע אויך געקויפט דאָ לאַנד.

— איך צווייפל צי אַפילו איינער פון זיי וועט טויגן אַהער, — האָט גייסלער געזאָגט. און באַמערקט אין דער רגע, אַז ס'געפינען זיך צוויי יונגלעך אין צימער, האָט ער צוגערופן דעם קליינעם סיווערט און אים אויך געגעבן אַ מטבע. אַ מערקווירדיקער מענטש איז אָט דער גייסלער. זיינע אויגן, אגב, האָבן שוין אָנגעהויבן אויסצוזען קרענקלעך; אַ רויטקייט האָט זיך געוויקלט אַרום זיי. ס'האָט אפשר געקאָנט קומען פון שלאָפלאָזיקייט; דאָס זעלביקע קומט אויך אָפט פון טרינקען שטאַרק, געטראַנקען. נאָר ער האָט נישט אויסגעזען צו זיין דערשלאָגן; און נישט געקוקט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין שמועסן פון דעם און פון יענעם, האָט ער, ווייזט אויס, די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן זיין דאָקומענט, ווייל פּלוצים האָט ער אַ נעם-געטון די פעדער און צוגעשריבן נאָך אַ שטיק.

איצט, ווייזט אויס, האָט ער שוין פאַרענדיקט.

ער האָט זיך געווענדט צו יצחקן: — איז אַזוי ווי כ'האָב גע־

זאָגט, וועסט נישט ווערן מיט אַמאָל קיין עושר פון דעם געשעפט, נאָר ס׳וועט דיר נאָך אַרויסקומען. מיר וועלן עס אַזוי מאַכן, דו זאָלסט קריגן שפּעטער מער. יעדנפאַלס, קאָן איך דיר געבן צוויי הונדערט דאָלאַר איצט.

יצחק האָט ווייניק וואָס פאַרשטאַנען פון דעם גאַנצן עסק, נאָר צוויי הונדערט דאָלאַר איז צו יעדער צייט אַ וואונדער, און אַן אומגעהיערע סומע. ער וועט דאָס קריגן אויפן פּאַפּיר, פאַרשטייט זיך, נישט מזומן, — נאָר זאָל עס זיין אַזוי. יצחק האָט איצט געהאט אַנדערע זאַכן וועגן וואָס צו קלערן.

— און איר מיינט, אַז מ׳וועט איר ביטע דערפילן? — האָט ער געפרעגט.

— האַ? דיין פרוי! ווען דאָ וואָלט געווען א טעלעגראַף-סטאַנציע אין דאָרף, וואָלט איך טעלעגראַפירט קיין טראָנדהיים און אָנגעפרעגט, צי זי איז שוין פּריגעלאָזן.

יצחק האָט אמאָל געהערט רעדן וועגן אַ טעלעגראַף; אַ וואונדערלעכע זאַך, אַ דראָט אויפגעהאָנגען אויף גרויסע קלעצער, עפּעס אַזוינס וואָס הענגט איבער דער ערד. דאָס דערמאָנען פון אַזאַ זאַך איצט האָט אָפּגעשוואַכט זיין גלויבן אין גייסלערס הויכע רייד, און ער האָט אומרויק געפרעגט: — און אַז דער קעניג וועט אָפּזאָגן?

אויף דעם האָט גייסלער געענטפערט: — דעמאָלט וועל איך אריינשיקן מיין צוגאָב-מאַטעריאַל צו דער ביטע, אַ גענויע באַשרייבונג פונם גאַנצן ענין און דאַן וועלן זיי זי מוזן אַרויסלאָזן: אין דעם פאַרשפּאָרסטו צוויי פלען.

דאַן האָט ער איבערגעלייענט, וואָס ער האָט אָנגעשריבן דעם קאָנטראַקט פון דער קניה, צוויי הונדערט במזומן איצט און מיט דער צייט אַ גאַנץ הויכן פּראָצענט פון די הכנסות פון דער אַרבעט, אָדער פונם פּרייז ביים ווייטערן פאַרקויף פון דער קופּער-שאַכט. — „אָט דאָ חתמע זיך!“ — האָט גייסלער געזאָגט.

יצחק וואָלט גלייך אונטערגעשריבן, נאָר ער איז נישט געווען קיין למדן. זיין גאַנץ לעבן האָט ער נאָר מיטן האַק געמאַכט אותיות־קאַרבן אין האָלץ. און דאָ שטייט די פאַרהאַכטע אָלינאַ און קוקט נאָך; ער האָט אָנגענומען די פּען — אַ מוראדיק-לייכטע זאַך — אויסגעדרייט

דעם רעכטן שפיץ אַראָפּ־צו און ג ע ש ר י ב ן — אָנגעשריבן זיין נאָמען. גייסלער האָט נאָך צוגעשריבן עפּעס פון אונטן, אַ פּנים אַ פּירוש, און דער מאַן, וואָס איז געקומען מיט אים, האָט אונטערגעשריבן אלס עדות.

געענדיקט.

נאָר אַלינאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען און נישט גערירט זיך פון אָרט — אויסגעזעען האָט זי, ווי זי וואָלט נאָר וואָס פּאַראַליזירט געוואָרן. וואָס נאָך וועט דאָ געשען?

— גרייט צום טיש און דערלאַנג דאָס עסן, אַלינאַ — האָט יצחק געזאָגט, מעגלעך מיט א טאָן פון גאוה, נאָכדעם ווי ער האָט אונטערגעשריבן זיין נאָמען אויף פּאַפּיר — „און איר, נעמט אָן פאר ליב דאָס, וואָס מ,ר האָבן”, — האָט ער געזאָגט צו גייסלערן.

— ס'שמעקטן גוט — האָט גייסלער געזאָגט — גוט פלייש און אַ גוטער טרינק. און דאָ, יצחק, דאָ האָסטו דיין געלט. — גייסלער האָט אַרויסגענומען זיין געלט-טייסטער — גראָב און פעט איז ער געווען — אַרויסגענומען פון אים צוויי פּעקלעך באַנקנאָטן און זיי אַנידערגעלייגט. — צייל זיי אַליין איבער.

אַ שטילשווייגעניש.

— יצחק — האָט גייסלער נאָך אַמאָל געזאָגט.

— יאָ — האָט יצחק געענטפערט און געמורמלט צעטומלט, איך האָב דאָס נישט געבעטן, קיינמאָל נישט — נאָך דעם אלעם, וואָס איך האָט פון אונזערט וועגן געטון.

— צען צענערלעך — דאַרף זיין אין יענעם פּעקל און צוואַנציק פינפערלעך אין דעם, האָט גייסלער קורץ געזאָגט.—און איך האָף, אויף דיין חלק וועט נאָך אויסקומען אַ סך מער אינגיכן.

דאָ האָט אַלינאַ זיך אויפגעכאַפּט פון איר הינערפּלעט. דאָס וואונדער איז געשען. זי האָט דערלאַנגט דאָס עסן צום טיש.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז גייסלער אַראָפּגעגאַנגען צום טייך אָנקוקן די מיל. זי איז געווען קליין און נישט געהובלט, יאָ, א מין מיל

פאַר שרעטעלעך, פאַר טראָלן*), אָבער פעסט געבויט און באַקוועם צו דער אַרבעט. יצחק האָט זיין גאַסט אַוועקגעפירט אַביסל ווייטער, אַרויפצו מיטן טייך, און אים געוויזן אַ צווייטן וואסערפאל, וואָס ער האָט ביי אים צוביסלעך געאַרבעט; דער דאָזיקער וואַסערפאַל האָט געדארפט באַוועגן אַ זעג, אויב גאָט וועט אים, יצחקן, געבן געזונט. — „איינס איז נאָר שלעכט, האָט ער געזאָגט, — וואָס ס'איז אַזוי ווייט פון דער שול: איך וועל מוזן איבערלאָזן די יינגלעך אין דאָרף". נאָר גייסלער, איז אַ בריה אויסצוגעפינען שטענדיק אַן אויסוועג, האָט גאָרנישט איינגעזען אין דעם קיין מניעה — „מערערע מענטשן קויפן איצט דאָ לאַנד, און באַזעצן זיך דאָ, — האָט ער געזאָגט. — ס'וועט לאַנג נישט דויערן. און איר וועט דאָ האָבן אַן אייגענע שול".

— יאָ, מעגלעך, אָבער נישט פריער, ווי מיינע יינגלעך וועלן שוין זיין גרויס.

— פאַרוואָס זשע זאָלן זיי נישט לעבן אביסל אין דאָרף? וואָלסט געקאָנט אראָפפאָרן מיט די יינגלעך, מיטפירן, אַביסל עסנוואַרג פאַר זיי, און אַראָפּברענגען זיי צוריק יעדע דריי—זעקס וואָכן; איך דענק, אַז ס'וועט נישט זיין שווער פאַר דיר.

— יאָ, מעגלעך — האָט יצחק געזאָגט.

— יאָ, דאָס אַלץ וואָלט אַוודאי געווען גוט, ווען אינגער זאָל אַהיים קומען. אַ הויז און ערד און עסנווארג און גרויסאַרטיקע זאַכן אַלערליי, און אַ גרויסע סומע געלט האָט ער אויך, און כח; ער איז שטאַרק ווי אַ שטיין. געזונט און פעסט, א גבורי

ווען גייסלער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט יצחק אָנגעהויבן צו טראכטן וועגן אַ סך געהויבענע זאַכן. האָט דאָך גייסלער ביים געזעגענען זיך געזאָגט, אַז ער וועט אינגיכן לאָזן צו וויסן וועגן זיך — אַז ער וועט שיקן אַ טעלעגראַמע באַלד, ווי ער וועט נאָר אָנקומען. „פאָר אַראָפּ אין פּאָסט אין צוויי וואָכן אַרום", האָט ער געזאָגט. און דאָס אַליין איז שוי געווען גענוג וואונדערלעך· יצחק האָט זיך גענומען מאַכן אַ זיץ-באַנק פאַרשטייט זיך, — וואָס זאָל קאָנען אַרונטערגענומען ווערן, ווען מ'וועט

---

*) אין דער סקאנדינאווישער מיטאלאגיע — א מין שד, וואס האלט זיך פריינטלעך מיט מענטשן.

דעם וואָגן באַדאַרפן אויף צו פירן מיסט, נאָר זי זאָל קאָנען צוריק אַרויפגעשטעלט ווערן, ווען אימיצער וועט דאַרפן פאָרן. און ווען ער האָט די באַנק שוין געהאַט פאַרטיק, האָט זי אויסגעקוקט אַזוי ווייס און ניי, אַז ער האָט זי געמוזט אָפּפאַרבן אויף אַביסל טונקעלער. און אויך חוץ דעם האָט אים קיין אַרבעט נישט געפעלט! אַלע בנינים האָבן זיך גע־נויטיקט, מ׳זאָל זיי אָפּפאַרבן. און שוין יאָרנלאַנג אַז ער האָט געטראַכט וועגן אויפבויען אַ פאַסנדיקן שייער מיט אַ בריק אויף אַריינצונעמען די תבואה. ער האָט אויך געדאַרפט פאַרענדיקן דעם טאַרטאַק אַרומצוי־מען זיין גאַנצע באַאַרבעטע ערד; מאַכן אַ שיפל אויפן טייך צו דער מיל. אַ סך זאַכן האָט ער פאַרטראַכט צו טון. נאָר ווי שווער ער זאָל נישט אַרבעטן, וועט אַלץ די צייט נישט קלעקן. קורץ איז געווען די צייט. באַלד קומט אונטער דער זונטיק, נאָך איידער ער האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט, און באַלד, אָ, שוין ווידעראַמאָל זונטיק!

פאַרבן וועט ער יעדנפאַלס, דאָס איז שוין געווען באַשלאָסן. די גרעזבײַדעס זענען געשטאַנען גרויע און הוילע — געשטאַנען ווי מיט פאַר־קאַשעטע אַרבל. ביזן שניט איז נאָך געווען ווייט; דער פרילינג האָט זיך ערשט קוים באַוויזן; די יינגע שאָף האָבן זיך שוין געפּאַשעט אין דרויסן, נאָר פאַרפרוירן איז נאָך געווען די ערד.

יצחק גייט אין דאָרף אַראָפּ, נעמט־מיט מ״ט זיך עטלעכע טוץ אייער צו פאַרקויפן און צוריק ברענגט ער מיט זיך פאַרב, ס׳איז געווען גענוג אויף איין בנין, אויף דעם שייער געפאַרבט אויף רויט, ער ברענגט נאָך פאַרב, דאָס מאָל געלן אָקער — צוליבן הויז אַליין — „יאָ, אַזוי ווי איך האָב געזאָגט, אַלץ וועט דאָ ווערן פיין און גרויסאַרטיק“, — וואָרטשעט אָלינאַ יעדן טאָג. אָלינאַ האָט, אָן ספק, געקאָנט זיך אַנשטויסן, אַז אירע טעג אין סעלאַנראַאַ זענען שוין געציילטע; זי איז אָבער געווען פרעך און גענוג שטאַרק איבערצוטראָגן עס, חגם נישט אָן פאַרביטערונג. יצחק, פון זיין זייט, האָט שוין מער איצט נישט געזוכט אויסצוגלייכן אַלטע חשבונות מיט איר כאָטש זי האָט לעצטנס געלקחנט און אָפּגעלייגט אָן אַ זייט גענוג זאַכן. ער האָט איר אַפילו געשענקט נאָך אַ יינגן שאָף־באָק, נאָך אַלעמען איז זי ביי אים געווען אַ לענגערע צייט און געאַרבעט פאַר ווייניק שכירות און איז אויך נישט געווען אַזוי שלעכט צו די קינדער; זי איז צו זיי נישט געווען ביז, געענטפערט זיי אויף אַלע פראַגן, און זיי געלאָזט טון

מער-וויינִיקער אַלץ, וואָס זיי האָבן געגלוסט. אויב זיי האָבן זי געטראָפן ווען זי האָט געמאַכט קעז, פלעגט זי זיי געבן שטיקלעך צו פאַרזוכן; אויב זיי האָבן אין איינעם אַ זונטיק נישט געוואָלט וואַשן זיך די פנימער, האָט זי זיי אָפּגעלאָזט נישט געוואַשן.

ווען יצחק האָט פאַרענדיקט פאַרבן די ווענט צום ערשטן מאָל, איז ער ווידער אַראָפּ אין דאָרף און צוריקגעבראַכט אַזוי פיל פאַרב וויפל ער האָט נאָר געקאָנט פאַרטראָגן. אינגאַנצן האָט ער געפאַרבט דריי מאָל, און די פענצטער-ראַמען און ווינקלען געפאַרבט אויף ווייס. און ווען ער איז צוריקגעקומען איצט און געקוקט אויף זיין היים פון ווייטן האָט עס אויסגעזען ווי א פאַרכישופטער פאַלאַץ. די וויל-דעניש איז באַזעצט געוואָרן מיט מענטשן, נישט צום דערקאָנען, אַ ברכה פון גאָט האָט גערוט אויף איר, אַ לעבן, ווי אויפגעכאַפּט פון א לאַנגן חלום, כּמענטשן לעבן, קינדער שפּילן זיך; און דער וואַלד ציט זיך אין דער הויך, גרויס און ליב, ביז צו די בלויע הויכן.

און ווען יצחק איז דאָס לעצטע מאָל אראָפּגעקומען נאָך פאַרב, האָט דער קרעמער אים דערלאַנגט אַ בלויען קאָנווערט מיט אַ הערב פון אויבן, און געבעטן באַצאָלן פינף סקילינג. דאָס איז געווען אַ טעלע-גראַמע, איבערגעשיקט דורך פּאָסט און געווען איז זי פונם לענסמאַנד גייסלער. געבענטשט זאָל ער זיין גייסלער, דער וואונדערלעכער מענטש! ער האָט טעלעגראַפירט פאָלגנדיקע עטלעכע ווערטער: אינגער איז באַ-פרייט, זי וועט קומען באַלד אַהיים; גייסלער". און ביי די ווערטער האָט די קראָם זיך אָנגעהויבן צו דרייען פאַר אים רונד ארום; דער צאָל-טיש און די מענטשן אין דער קראָם זענען פלוצלונג אַוועקגעשוואומען ווייט, ווייט אַוועק. יצחק האָט מער געפילט איידער געהערט ווי זי זאָגט אַליין „הערעגוד!" „אַ דאַנק און לויב צו גאָט!"

— זי וועט אפשר נאָך זיין דאָ נישט שפּעטער, ווי מאָרגן באַטאָג, — האָט דער קרעמער געזאָגט, — אויב זי איז אָפּגעפאָרן פון טראָנדהיים צו דער צייט.

— האָ! — האָט יצחק געזאָגט.

ער האָט אויסגעוואַרט ביז מאָרגן. דער טרעגער איז אַרויפגעקומען מיט בריוו פון דער פלאַטפאָרם, וואו די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט

אָבער אינגער איז גישט געווען — „אויב אַזוי וועט זי קומען ערשט קומענדיקע וואָך", — האָט דער קרעמער געזאָגט.

ס׳איז נאָך אַלעמען, אַפּילו גוט וואָס ס׳איז נאָך דאָ צייט צו וואַרטן — יצחק האָט נאָך אַ סך אַרבעט אָפּצוטון. זאָל ער אַלץ לאָזן אויף הפקר און פאַרנאַכלעסיקן זיין ערד? ער גייט צוריק אַהיים און הויבט אָן צו באַמיסטיקן די פעלדער. די אַרבעט איז באַלד אָפּגעטון. ער שטעקט אַריין אַ שטעקן אין דער ערד, און באַמערקט ווי דער פּראָסט לאָזט אָפּ פון טאָג צו טאָג. די זון איז גרויס און שטאַרק איצט, דער שניי איז צעגאַנגען, גרינס ווייזט זיך אומעטום; די בהמות פּאַשען זיך אין דרויסן. יצחק אַקערט, און מיט עטלעכע טעג שפּעטער פאַרזייט ער זיין קאָרן, פאַרזעצט קאַרטאָפל. האָ, די יינגלעך ווי מלאכימלעך פלאַנצן אויך קאַרטאָפל; קליינע געבעטשטע הענט האָבן זיי.

דאַן וואַשט יצחק אָפּ דעם וואָגן ביים טייך און שטעלט אַרויף די זיץ-באַנק. ער רעדט צו די קינדער וועגן אַ קליינער נסיעה, ער דאַרף מאַכן אַ קליינע רייזע אין דאָרף אַריין.

— וועסטו נישט גיין צופוס?

— היינט נישט. איך האָב באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן מיטן פערד און וואָגן היינט.

— קאָנען מיר נישט אויך מיטפאָרן?

— ניין, איר דאַרפט זיין גוטע קינדער און בלייבן אין דער היים היינט. באַלד וועט אייער מאַמע קומען, און זי וועט אייך אויסלערנען אַ סך זאַכן.

אָלישע, וועלכער האָט זייער ליב לערנען, פרעגט זיך: טאַטע ווען די האָסט דעמאָלסט געשריבן אויפן פּאַפּיר — וואָס האָסטו געפּילט?

— ס׳איז נישט געווען כמעט וואָס צו פילן, פונקט ווי גאָרנישט אין די הענט.

— אָבער גליטשט זיך עס נישט אַזוי ווי אויף אייז?

— וואָס גליטשט זיך?

— אָט די פען, וואָס דו האָסט מיר איר געשריבן?

— יאָ די פען. דאַרפסט זיך אָבער אויסלערנען, ווי צו באַגיין זיך מיט איר.

דער קליינער פיווערט אָבער איז געווען פון אַן אַנדער מין, און גאָרנישט נישט גערעדט וועגן פענעס; ער האָט געוואָלט פאָרן אין וואָגן: בלויז צו זיצן אויף דער באַנק, איידער דאָס פערד איז נאָך איינגעשפאַנט, און אָט אַזוי פאָרן, פאָרן גיך-גיך, אָן א פערד. און ער האָט טאַקע געפּועלט זיינס. דער פאָטער האָט זייביידען געלאָזט זיצן און געפאָרן מיט זיי אַ שטיק וועג.

# XI

יצחק פאָרט ביז ער קומט צו צו אַ קליין טייכל. דאָ שטעלט ער זיך אָפּ. א טייכל אויפן זומפּלאנד, שוואַרץ, טיף, און די וואַסערפלאַך איז בלוי און שטיל; יצחק האָט געוואוסט, אויף וואָס אַזאַ וואַסער קומט צונוץ; ער האָט דוכט זיך קיינמאָל נישט גענוצט קיין אַנדער שפּיגל אין זיין לעבן. זע, ווי שיין און ריין ער איז היינט, אָנגעטון אין אַ רויט העמד, ער נעמט אַרויס א שער און שערט זיך אַרום די באָרד. אָט דער אייזערנער מענטש ווי אַ לאַסט=שיף — ער וויל עס זיך מאַכן שוין מיטאַמאָל און אַוועקשניידן פינף יאָר וואוקס פון זיין אייזערנער באָרד? ער שניידט און שניידט און שניידט און קוקט זיך איין אין שפּיגל. ער האָט דאָס אַלץ געקאָנט טון אין דער היים, פאַרשטייט זיך נאָר ער האָט זיך געשעמט פאַר אַלינאַן; ס'איז שוין געווען גענוג, אַז ער האָט פאַר אירע אויגן אָנגעטון דאָס רויטע העמד. ער שערט און שערט, און די אָפּגעשניטענע האָר פאַלן אין זיין פאַטענטירטן שפּיגל. ענדלעך ווערט דאָס פערד אומגעדולדיק און הויבט זיך אָן צו רירן; יצחק איז צופרידן מיט זיך און מיט זיין אויסזען און קריכט צוריק אויפן וואָגן. און שוין דערפילט ער זיך יונגער — ווייס עס דער טייוול, וואָס דאָס איז אַזוינס, יונגער און אויסגעגלייכטער. יצחק פאָרט צראָפּ אין דאָרף אַריין.

אויפן צווייטן טאָג קומט אָן די פּאָסט-שיף. יצחק קריכט אַרויף אויף אַ פעלז נעבן קרעמערס האַפן, און קוקט אין דער ווייט, נאָר אומגערן זעט ער נאָך אַלץ נישט. אַ סך פּאַסאַזשירן קומען אַראָפּ, דערוואַקסענע און קינדער, נאָר — גאָט דערבאַרעמדיקער — נישט אינגער. ער האָט זיך געהאַלטן אין הינטערגרונד, זיצנדיק אויפן פעלז, נאָר ס'איז שוין נישט געווען נויטיק, ער זאָל דאָרטן פאַרבלייבן לענגער; ער קריכט

אַראָפּ אין לאָזט זיך צו דער שיף. פּעסלעך און קאַסטנס אָנגעוואָרפן, מענטשן און פּאָסט-זעק, נאָר יצחקן האָט נאָך אַלץ געפעלט דאָס, נאָך וואָס ער איז געקומען. אימיצער איז דאָרטן געשטאַנען — אַ פרוי מיט אַ קליין מיידעלע אַרויפצו, העכער נעבן אַראָפּגאַנג אויף דער פּלאַטפאָרם נאָר אויפן אויסזען איז די פרוי געווען שענער פון אינגערן — כאָטש אינגער איז נישט געווען מיאוס. וואָס — ווי — ס'איז אָבער פּאָרט אינגער! „ה-מי״ האָט יצחק געזאָגט, און זיי געגאַנגען אַנטקעגן. באַגריסונגען: „גאָדדאַג״, — האָט אינגער געזאָגט און אויסגעשטרעקט איר האַנט; אַביסל קאַלטלעך, אַביסל בלייך און אָפּגעשוואַכט פון דער נסיעה. יצחק איז געשטאַנען און געשוויגן, ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— ה-ם. א שיינער טאָג, האַ?

— איך האָב דיך די גאַנצע צייט געזען פון דער ווייטנס, — האָט אינגער געזאָגט. — נאָר נישט געוואָלט זיך שטופּן ביים אַראָפּגיין. ביסטו אין דאָרף היינט?

— יאָ. ה-ם.

— און אַלע זענען געזונט אין דער היים, אלצדינג גוט?

— יאָ, אַ גרויסן דאַנק.

— דאָס איז לעאָפּאָלדינאַ; זי האָט דעם וועג אַדורכגעמאַכט א סך בעסער ווי איך. דאָס איז דיין טאַטע, לעאָפּאָלדינאַ; קום און גיב אים די האַנט.

— ה-ם, — האָט יצחק געזאָגט, און זיך געפילט פרעמד. — יאָ, ער איז ווי מיטאַמאָל געוואָרן פרעמד צו זיי.

האָט אינגער געזאָגט: — אַז דו וועסט געפינען אַ ניי-מאַשין אונטן נעבן דער שיף, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס איז מיינע. און דאָרט דאַרף אויך זיין אַ קופערט.

גייט יצחק, גייט מיט גרויס חשק, נאָכן קופערט; די שיפס-לייט האָבן אים אָנגעוויזן וועלכן. די ניי-מאַשין אָבער איז עפּעס אַנדערש; נאָך איר האָט אינגער געמוזט אַרויפגיין אַליין און זי אויסזוכן. ס'איז געווען אַ שיין קעסטל, אַ משונהדיקס, מיט אַ קיילעכדיק דעקל פון אויבן און מיט אַ הענטל אויף צו טראָגן עס — א ניי-מאַשין אין אָט די געגנטן! יצחק האָט אויפגעהויבן דעם קופערט מיט דער ניי-מאַשין און זיך אויסגעדרייט צו זיין ווייב אין קינד:

— איכ׳ל נאָר אַרויפטראָגן די זאַכן און צוריקקומען נאָך איר.

— נאָך וועמען? — האָט אינגער געפרעגט מיט אַ שמייכל. — דו מיינסט, זי קאָן נישט גיין אַליין, אַזאַ גרויס מיידל?

זיי זענען צוגעגאַנגען אַלע דריי צום אָרט, וואו יצחק האָט געלאָזט שטיין דעם וואָגן מיטן פערד.

— אַ ניי פערד האָסטו? — האָט אניגער געזאָגט. — און וואָס איז דאָס — אָ דאַרטן, — אַ וואָגן מיט אַ זיץ-באַנק אינעווייניק.

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט — וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן. ווילסטו נישט עפּעס עסן? איך האָב מיטגעבראַכט אַלץ.

— וואַרט ביז מיר וועלן אַביסל אָפּפאָרן, — האָט זי געזאָגט — לעאָפּאָלדינאַ, קאָנסט זיך אַליין אַרויפזעצן?

נאָר דאָס וויל יצחק נישט; זי קאָן נאָך אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער. — דו זעץ זיך מיט איר און טרייב אָן אַליין.

זענען זיי אַזוי אָפּגעפאָרן, און יצחק איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן. גייענדיק האָט ער געקוקט אויף די צוויי אינם וואָגן. אָט איז אינגער צוריקגעקומען אינגאַנצן אַנדערש געקליידט, אנדערש און שענער, אָן אַ האַזן-ליפּ. בלויז אַ דינער קליינער שניט אויף איר אויבערשטער ליפּ. און ווען זי רעדט, הערט זיך שוין מער נישט קיין צישען; זי האָט אַלץ אַרויסגערעדט קלאָר, און דאָס איז געווען דער גרעסטער וואונדער. אַ גרוי און רויט וואָלענער שאַל האָט אויסגעזען גרויסאַרטיק אויף אירע טונקעלע האָר. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים פון איר זיץ-אָרט אויפן וואָגן און געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס דו האָסט נישט מיטגענומען קיין פעל־צודעק מיט זיך, דעם קינד, האָב איך מורא, וועט ווערן קאַלט צו נאַכט צו.

— איכל איר געבן מיין רעקל — האָט יצהק געזאָגט — און ווען מיר וועלן צוקומען צום וואַלד, האָב איך דאָרט געלאָזן אַ דעק.

— אָ, הייסט אַ דעק לעבן וואַלד?

— יאָ. איך האָב זי נישט געוואָלט מיטפירן דעם גאַנצן וועג אַראָפּ, טאָמער קומסטו נישט היינט.

— ה־מ. וואָס האָסטו געזאָגט פריער — די יונגלעך זענען געזונט און פילן זיך גוט?

— יאָ. אַ גרויסן דאַנק דיר.

— זיי דאַרפֿן שוין זיין גרויסע בחורים, מיין איך?
— אמת. זיי האָבן נישט לאַנג פאַרזעצט קאַרטאָפּל.
— אָ! — האָט די מוטער געזאָגט, שמייכלנדיק און שאָקלנדיק מיטן קאָפּ — זיי קאָנען שוין פאַרזעצן קאַרטאָפּל?
— אלישע העלפֿט ביי איין אַרבעט, סיוועדט ביי אַ צווייטער, — האָט יצחק שטאָלץ געזאָגט.

די קליינע לעאָפּאָלדינא האָט געבעטן עפּעס עסן. אָ, דאָס ליבע קליינע באַשעפעניש; אַ קליין מלאכל אין וואָגן! זי האָט גערעדט מיט אַ זינגנדיק קול, מיט אַ פרעמדן אקצענט. אַזוי ווי זי האָט זיך אויסגע-אויסגעלערנט אין טראָנדהיים. אינגער האָט אָפּט געדאַרפט פּאַרטייטשן. זי האָט געהאַט ברוינע אויגן און רונדע באַקן, ווי אירע ברידערלעך; אַלע געראָטן אין דער מוטער, יאָ, זיי זענען געווען דער מאַמעס קינ-דער, און גוט. וואָס זיי זענען אַזוי געראָטן! יצחק האָט זיך עפּעס ווי געשעמט פאַר זיין קליין מיידעלע, זיך געשעמט פאַר אירע קליינע שי-כעלעך און לאַנגע, דינע וואָלענע זעקלעך און קורץ קליידל; ווען זי איז צוגעקומען באַגעגענען איר פרעמדן פאָטער, האָט זי געמאַכט אַ קניקס און אים אויסגעשטרעקט אַ קליין הענטל.

זיי זענען אונטערגעקומען צום וואלד און זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען און איבערבייסן. דאָס פערד האָט זיך געהאַט זיין עסן, לעאַפּאָלדינא איז אומגעלאָפן צווישן דעם היידקרויט און דערביי געגעסן.

— האָסט זיך קיין סך נישט געענדערט, — האָט אינגער געזאָגט, קוקנדיק אויף איר מאַן.

יצחק האָט געקוקט אין אַ זייט און געזאָגט: — ניין? מיינסט אַז נישט? דו ביסט געוואָרן אַנדערש און גרויסאַרטיק.

— האַ! ניין, איך בין אַלט געוואָרן, -- האָט אינגער געזאָגט מיט שפּאַס.

יצחק איז נישט געווען פעסט ביי זיך. ער האָט זיך נישט גע-קאָנט באַהערשן און זיך אַלץ געהאַלטן פונדערווייטנס, שעמעוודיק, ווי געשעמט זיך פאַר זיך אַליין. ווי אַלט האָט זיין ווייב איצט געקאָנט זיין? זי איז יונגער פון דרייסיק — ס'הייסט, נישט עלטער און נישט געקוקט וואָס ער האַלט אינמיטן עסן, רייסט ער אָפּ אַ צווייגל היידע-קרויט און הויבט עס אָן צו קייען.

— וואָס — עפּעס היידקרויט? — האָט אינגער אויסגערופן לאַכנדיק.

יצחק האָט אוועקגעוואָרפן דאָס צווייגל, געגומען אַ ביסן אין מויל און אַריבערגייענדיק אויף יענער זייט וועג, אָנגענומען דאָס פערד ביי די פיס און אויפגעהויבן דעם גאַנצן פאָדערשטן טייל, ביז דאָס פערד האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פוס. אינגער האָט געקוקט פאַרוואונדערט.

— צו וואָס טוסטו דאָס? — האָט זי געפרעגט.

— אָ, ער איז זייער אַ שטיפער. — האָט יצחק געזאָגט און אָפּגעלאָזט דאָס פערד.

צוליב וואָס האָט ער עס געטון? עפּעס אַ פּלוצימדיקער אימפּולס. אפשר האָט ער עס געטון, כדי צו באַהאַלטן זיין צעטומלטקייט.

זיי זענען געפאָרן ווייטער. דאָס פערד אליין און זיי אלע דריי צו-פוס אַביסל. צוגעקומען צו א נייער פערמע.

— וואָס איז עס דאָרטן? — האָט אינגער געפרעגט.

— דאָס איז ברעדס ערד, וואָס ער האָט געקויפט.

ברעד?

— ברײדאַבליק, רופט ער עס. גוטע זומפּ־ערד, נאָר ווייניק וואלד.

זיי האָבן ווייטער געשמועסט גייענדיק און יצחק האט באַמערקט, אז ברעדס וואָגן שטייט נאָך אלץ אינדרויסן.

דאָס קינד איז געוואָרן שלעפעריק. האט עס יצחק איידל גענומען אין זיינע אָרעמס און געטראָגן. זיי זענען געגאַנגען און געגאַנגען. לעאָפּאלדינאַ איז איינגעשלאפן און אינגער האט געזאגט:

— מיר וועלן זי איינוויקלען אין דער דעק און זי וועט אין וואָגן שלאָפן, ווי לאַנג זי וועט וועלן.

— ס'וועט זי שטאַרק צעטרייסלען — האָט יצחק געזאָגט, און געטראָגן זי ווייטער. זיי שפּאַנען איבער די זומפּן און פאַרדרייען זיך ווידער צום וואַלד צו.

— טפּר—ר—ר! — זאָגט אינגער, און דאָס פערד שטעלט זיך אָפּ. זי נעמט דאָס קינד פון יצחקן, הייסט אים אַוועקרוקן דעם קופערט מיט דער ניי־מאַשין, און מאַכט אן אָרט פאַר לעאָפּאָלדינאַן אינוויייניק אין וואָגן. — ס'טרייסלט? ס'הייבט זיך נישט אָן.

יצחק רוקט איבער די זאַכן, וויקלט איין זיין קליינע טאָכטער אין דער דעק און לעגט איר אונטער זיין רעקל צוקאָפּנס. דערנאָך גייען זיי ווייטער.

מאַן און ווייב גייען צופוס און רעדן פון דאָס און פון יענץ. די זון שיינט ביז שפּעט פאַרנאַכט, און די לופט איז וואַרעם.

— אָלינאַ, — פרעגט אינגער, — וואו שלאָפט זי?

— אין קליינעם חדר.

— האָ! און די יינגלעך?

— זיי האָבן אַ באַזונדער בעט פאַר זיך אינעם גרויסן חדר, די צוויי בעטן שטייען דאָרטן אַזוי, ווי דו האָסט זיי איבערגעלאָזט.

— כ'קוק אויף דיר איצט, — זאָגט אינגער, — דיין אויסזען איז דערזעלבער ווי געווען און דיינע אַקסלען, אַלערליי משאות האָבן זיי איבערגעטראָגן אויף זיך אויף אָט דעם וועג, נאָר זיי זענען, זעט אויס פון דעם נישט שוואַכער געוואָרן.

— ה—מ, מעגלעך. וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן: ווי איז דיר דערגאַנגען דאָרטן די אַלע יאָרן? דערמרעגלעך? — יצחק איז געווען ווייך איצט; ער האָט זי דאָס געפרעגט, און זיין שטים האָט געציטערט.

און אינגער האָט געענטפערט, אַז זי האָט נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן זיך.

דער שמועס איז געוואָרן אַלץ מער היימישער, און יצחק האָט געפרעגט, צי זי איז נישט מיד פונם גיין, געוואָלט מאַכן אָרט פאַר איר אויפן וואָגן.

— ניין, א גרויסן דאַנק, — האָט זי געענטפערט — נאָר איך ווייס נישט וואָס ס'איז מיט מיר היינט; נאָך דער קראַנקהייט אויף דער שיף, בין איך מיטאַמאָל הונגעריק געוואָרן.

— ווילסטו עפּעס עסן?

— יאָ, אויב דו ווילסט זיך אָפּשטעלן אַביסל.

אָ, דו אינגער! ס'קאָן זיין, אַז ס'איז גאָרנישט צוליב איר, נאָר צוליב יצחקן, זי האָט געוואָלט, ער זאָל עסן נאָכאַמאָל. ער האָט דאָך פריער איבערגעריסן אין מיטן עסן, קייענדיק דאָס הייד־קרויט.

דער אָוונט איז אַ ליכטיקער און וואַרעמער, און זיי האָבן בעהאַט

וישט מער נאָך ווי עטלעכע מייל צו גיין; האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט עסן.

איגנאַץ האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל פון איר קופערט און געזאָגט:

— כ'האָב מיטגעבראַכט א פּאָר זאַכן פאַר די קינדער. לאָמיר זיך זעצן לעבן די קוסטן, דאָרטן איז וואַרימער.

זיי האָבן זיך איבערגעזעצט, און זי האָט אים געוויזן די זאַכן; גוטע שלייקעס מיט שנאָלן פאַר די יינגלעך, שרייב-העפטן מיט מוסטער-שריפטן פון פּאַרנט, צו ביידפעדער אין אַ מעסערל פאַר יעדערן. און אַ טייערן בוך פאַר זיך אַליין האָט זי געהאַט. — זע, מיט מיין נאָמען אויף דעם. אַ געבעט-בוך. — א מתנה פונם דירעקטאָר פון דער תפיסה, לזכרון.

יצחק האָט יעדע זאַך באַוואונדערט אין דער שטיל. זי האָט אַרויס-גענומען אַ פּעקל קליינע קעלבער — לעאָפּאָלדינאָס פּאַרמעגן. און יצחקן האָט זי געגעבן אַ שוואַרצן גלאַבצנדיקן ווי זייד האַלזטוך.

— איז עס פאַר מיר? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, פאַר דיר.

ער האָט פאָרזיכטיק גענומען דעם האַלזטוך אין די הענט און אים אַ גלעט געטון.

— געפעלט ער דיר?

— געפעלן — די גאַנצע וועלט וואָלט איך געקאָנט אויסגיין מיט אים.

נאָר יצחקס פינגער זענען געווען גראָב; זיי האָבן זיך פאַרטשעפּעט אינם וואונדערלעכן זייד.

איצט האָט אינגער שוין מער נישט געהאַט וואָס צו ווייזן. נאָר ווען זי האָט אַלע זאַכן צוריק פאַרפּאַקט, איז זי געבליבן זיצן שטיל; און פונם אופן ווי זי איז געזעסן, האָט ער געקאָנט זען אירע פיס, גע-קאָנט זען אירע רויט-באַזוימטע זאָקן.

— הם, — האָט ער געזאָגט, — אוודאי געקויפט אין שטאָט.

— די וואָל איז געקויפט אין שטאָט, נאָר איך האָב זיי אַליין אויסגעשטריקט. זיי זענען אַזוי לאַנג — ביז אַריבער די קני — זע...

אין א ווײַלע שפּעטער האָט זי געהערט איר אייגענע שטים מור-מלען: — „אָ, ז'ו... נאָך אַלץ דערזעלבער — ווי אמאָל"...

ז ייפאָרן ווייטער. אינגער האָט זיך אויפגעזעצט אויפן וואָגן און געהאַלטן די לייצעס. — איך האָב אויך מיטגעבראַכט אַ פּעקל קאַווע — האָט זי געזאָגט. — נאָר די קאָנסט זי נישט פאַרזוכן היינט אָוונט, ווייל זי איז נאָך נישט איבערגעברענט.

— און ס׳איז גאָר נישט נויטיק היינט אָוונט, האָט ער אָפּגעענט־פערט

אַ שעה שפּעטער פאַרגייט די זון און ס׳ווערט קעלטער. אינגער קריכט אַראָפּ און גייט צופוס. ביידע וויקלען זיי איין לעאָפּאָלדינאַן בע־סער אין דער דעק און שמייכלען, ווי שטארק זי שלאָפט. אַ פאַרגעניגן איז צו הערן אינגערס קול; קיינער האָט נישט געקאָנט רעדן קלאָרער ווי אינגער איצט.

— האָבן מיר נישט געהאַט פיר קי? — פרעגט זי.

— מיר האָבן שוין מער, — ענטפערט ער שטאָלץ — מיר האָבן שוין אכט.

— אַכט קי!

— ס׳הייסט מיטן אָקס שוין.

— האָסטו פאַרקויפט עפּעס פּוטער?

— יאָ, און אייער אויך.

— וואָס, מיר האָבן שוין הינער?

— יאָ, און אַ חזיר אויך.

אינגער איז אַזוי איבערראַשט פון דעם אַלעמען, אַז זי פאַרגעסט זיך אינגאַנצן, און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע — טפר־ר־ר!״ — און יצחק איז שטאָלץ און זעצט פאָר, וועלנדיק זי איבערראַשן אינגאַנצן.

— גייסלער, — זאָגט ער, — געדענקסטו אים נאָך? ער איז גע־ווען ביי מיר מיט אַ שטיקל צייט צוריק.

— אָ?

— איך האָב אים פאַרקויפט אַ קופּער־שאַכט.

— האָ! וואָס איז עס — אַ קופּער־שאַכט?

— אַ באַרג מיט קופּער. אַרויפצו אין די בערג אין צפון זייט פונם טייך.

— אַזוי, מיינסטו נישט צו זאָגן, אז ער האָט דיר באַצאָלט געלט פאַר דעם?

— יאָ. גייסלער איז נישט פון די, וואָס נעמען זאַכן אָן געלט.

— וויפל האָט ער דיר געגעבן?

— ה״מ. וועסט מיר אפשר נישט גלויבן — אָבער ס׳איז געווען צוויי הונדערט דאָלאַר.

— צוויי הונדערט דאָלאַר? שרייט אויס אינגער, און שטעלט ווידער אָפּ דאָס פערד: טפּר־ר־ר!

— אַזוי פיל האָב איך באַקומען. און איך האָב שוין לאַנג אויסגעצאָלט פאַר מיין ערד, — האָט ער געזאָגט.

— נו — ביסט אַ בריה!

ס׳איז געווען אַ חיות צו זען אינגערן אינגאנצן איבעררעאַשט, און מאַכן זי אַלץ רייכער און רייכער. יצחק האָט נישט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז ער האָט נישט קיין שום חובות און נישט קיין אַנדערע שולדן אין קראָם אָדער ערגעץ אַנדערשוואו. און נישט נאָר וואָס ער האָט נישט גערירט גייסלערס צוויי הונדערט, נאָר ער פאַרמאָגט נאָך מער פון דעם — הונדערט און זעכציק דאָלאַר מער. יאָ, זיי מעגן דאַנקען גאָט!

זיי האָבן ווידער גערעדט וועגן גייסלערן; אינגער האָט דערציילט, ווי ער האָט איר געהאָלפן זיך באַפרייען. ס׳האָט זיך אים נאָך אַלעמען ווייזט אויס נישט איינגעגעבן גרינג; ער האָט זיך געמיט אַ לענגערע צייט אַדורכצופירן דעם ענין, און באַזוכט דעם דירעקטאָר פון דער תפיסה אָן אַ שיער מאָל. גייסלער האָט אויך אָנגעשריבן צו עטלעכע שטאַטסאַטמענער אָדער אַנדערע העכערע לייט, נאָר דאָס האָט ער געטון הינטער דעם דירעקטאָרס פּלייצעס, און ווען דער לעצטער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, איז ער פאַרשטייט זיך געוואָרן שטאַרק אויפגעבראַכט. נאָר גייסלער איז נישט פון די שרעקנדיקע; ער האָט געפאָדערט אַ רעוויזיע פונם משפט, אַ נייעם פראָצעס, אַ נייעם פאַרהער, און אַלץ. און נאָך דעם האָט דער קעניג געדאַרפט חתמענען.

דער עקס־לענסמאַנד, גייסלער, איז שטענדיק געווען אַ גוטער פריינט זיי ביידן, און זיי האָבן זיך אָפט געוואונדערט פאַרוואָס; ער האָט פאַר דעם גאָרנישט נישט באַקומען, אַ חוץ אַ פשוטן דאַנק. — ס׳איז געווען מער וויפל זיי האָבן געקאָנט פאַרשטיין. אינגער האָט מיט אים גערעדט אין טראָנדהיים און נישט געקאָגט אים פאַרשטיין — קיינער אין דאָרף גייט אים נישט אָן, נאָר מיר, — האָט זי דערקלערט.

— האָט ער אַזוי געזאָגט?

— יאָ. ער איז אויסגעבראַכט אויפן דאָרף דאָ. ער וועט זיי ווייזן האָט ער געזאָגט.

— האָ!

— און זיי וועלן עס אין איינעם אַ טאָג דערפילן און ס'וועט זיי פאַרדריסן, פאַרוואָס זיי האָבן אים פאַרלוירן — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבן דערגרייכט דעם עק פונם וואַלד און דערזען פונדערווייטנס זייער היים. ס'זענען געווען איצט דאָרטן מער געביידעס, ווי פריער און אַלע שיין געפאַרבט. אינגער האָט קוים דערקענט דאָס אָרט און געבליבן שטיין שטום.

— איז דאָס אונזער היים, דאָס אַלץ? — האָט זי אויסגערופן.

די קליינע לעאָפאָלדינאַ האָט זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט און זיך אויפגעזעצט, פולשטענדיק אויסגערוט איצט; זיי האָבן זי אַראָפּגענומען און געלאָזט גיין.

— זענען מיר שוין אָנגעקומען? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ. איז עס נישט קיין שיין אָרט?

קליינע פיגורן האָבן זיך באַוועגט אַרום הויז; ס'איז געווען אַלישע מיט סיווערטן, זיי האָבן געהאַלטן וואַך. איצט זענען זיי לויפנדיק אונטערגעקומען. אינגערן האָט מיט אַמאָל אַ שלאָג-געטון אַ קעלט, אַ שרעקלעכע קעלט אין קאָפּ, מיט סאָפּעניש און הוסטן — אַפילו די אויגן אירע זענען געוואָרן אינגאַנצן רויט און פול מיט וואַסער.

די יינגלעך זענען צוגעקומען נענטער האָבן זיי אויפגעהערט מיט אַמאָל לויפן און געגלאָצט מיט די אויגן. זיי האָבן פאַרגעסן, ווי זייער מוטער האָט אויסגעזען, און דאָס קליינע שוועסטערל האָבן זיי קיינמאָל נישט געזען. אָבער דער פאָטער — זיי האָבן אים גאָרנישט דערקענט, ביז ער איז נישט צוגעקומען גאָר נאָענט. ער האָט אַראָפּגענומען זיין געדיכטע באָרד;

## XII

אַלץ איז גוט איצט.

יצחק פאַרזייט זיין האָבער, בראָנעוועט און ראָלט. די קליינע לצאָפּאָלדינאַ קומט ארויס און וויל זיך זעצן אויפן ראָלער. וואָס — זעצן זיך אויפן ראָלער? — ניין, זי איז נאָך צו קליין און פארשטייט גאָרנישט אין דער אַרבעט. אירע ברידער חייסן בעסער. דעם טאַטנס ראָלער איז נישט צום זיצן.

אָבער דער פאָטער איז צופרידן, וואָס די קליינע לעאָפּאָלדינאַ קומט, צו אים און איז אזוי צוגעלאָזט; ער רעדט צו איר און ווייזט איר ווי צו גיין איבערן פעלד און נישט אָננעמען פולע שיך מיט ערד.

— און וואָס איז דאָס, — טראָגסט א בלוי קליידל היינט, — קום, לאָז מיך עס אָנקוקן; יאָ, ס׳איז בלוי. און מיט אַ גאַרטעלע אַרום און אַרום. געדענקסטו ווען דו ביסט אָנגעקומען מיט דער גרויסער שיף? און די מאַשינען — האָסטו דאָרט געזען? אָט אַזוי — און איצט לויף אַהיים צו די יונגלעך, זיי וועלן דיר אויסזוכן עפּעס אַ שפּילכל.

אָלינא איז שוין אַוועק און אינגער האָט ווידער איבערגענומען איר אַמאָליקע אַרבעט, אין הויז און אויפן הויף. זי איבערטרייבט אפשר אַביסל אין ריינקייט און אָרדנונג, בלויז כּדי צו ווייזן. אַז ביי איר וועט איצט אַלעס געפירט ווערן אַנדערש. און ס׳איז באמת געווען וואונדערלעך צו זען, וואָס פאַר אַן ענדערונג ס׳איז געשאָרן; אַפילו די פענסטער אין אלטן טאָרף־שטיבל זענען אויסגעחישט געוואָרן און די קעסטלעך אויסגעקערט.

ס׳איז אָבער געווען אַזוי נאָר אין די ערשטע טעג, די ערשטע וואָך; דערנאָך איז זי געוואָרן ווייניקער אויפמערקזאם צו דער אַרבעט. אין דער אמתן, ס׳האָט זיך נישט געלוינט צו פאַרנעמען זיך אַזויפיל

מיט די קי־שטאַלן; זי האָט געקאָנט אויסנוצן איר צייט איצט אויף אַ בעסערן אופן. אינגער האָט זיך אויסגעלערנט אַ וועלט מיט זאַכן ביי די שטאָט-לייט און ס'וואָלט געווען אַ שאָד נישט אויסצונוצן עס. זי האָט זיך ווידער גענומען צו איר שפּינראָד און וועב-שטול — און זי האָט אַפילו געאַרבעט שנעלער נאָך און בעסער איצט — שוין אַביסל צו שנעל — הי! — באַזונדערס, ווען יצחק האָט געקוקט; ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי מ'קען זיך אויסלערנען צו באַוועגן מיט די פינגער אַזוי גיך מיט די שיינע, לאַנגע פינגער, וואָס זי האָט געהאַט אויף אירע לאַנגע הענט. נאָר אינגער האָט געהאַט אַ טבע איבערצולאָזן איין אַרבעט און זיך נעמען צו אַ צווייטער, אַלץ אין אַ רגע. נו, מילא, ס'איז געווען מער אויף וואָס אַכטונג צו געבן איצט איידער פריער, און ס'קאָן זיין, אַז זי איז בכלל נישט געווען אַזוי געדולדיק איצט, ווי זי איז געווען; אַ ביסל אומרו האָט זיך פאַרקליבן אין איר.

צום אַלעם ערשטן זענען געווען די בלומען, וואָס זי האָט מיט־געבראַכט מיט זיך — קיילעכדיקע פלאַנצן, ענלעך אויף ציבעלעס. אויך קליינע לעבנס, וואָס מ'האָט געדאַרפט טראַכטן וועגן זיי. דאָס פענסטער איז געווען צו קליין, דער געזימס צו שמאָל אויף אַוועקצושטעלן בלומען־טעפּ אויף אים; און חוץ דעם האָט זי נישט געהאַט קיין בלומען־טעפּ. יצחק מוז מאַכן קליינע קעסטעלעך פאַר די בעגאָניאַס־פלאַנצן, פוקסיאַס און רויזן. און איין פענסטער איז בכלל חייניק — שטעלט אייך פאָר אַ צימער מיט נאָר איין פענסטער.

— און חוץ דעם, — האָט אינגער געזאָגט, — דאַרף איך האָבן אַ פרעסל, ווען איך ניי קליידער און אַנדערע זאַכן, מ'קאָן נישט מאַכן קיין פיינע אַרבעט אָן עפּעס אַ פרעסל.

יצחק האָט צוגעזאָגט צו באַשטעלן ביים שמיד אין דאָרף דעם בעסטן פרעס-אייזן. אָ, יצחק איז געווען גרייט צו טון אַלצדינג, טון אַלץ, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט; ווייל ער האָט גאַנץ גוט געזען, אַז אינגער האָט זיך אויסגעלערנט אַ וועלט מיט זאַכן איצט, און זי איז גאָר קלוג געוואָרן. אַנדערש רעדט זי איצט פיינער און באַנוצט שענע־רע ווערטער. זי האָט איצט מער נישט אַריבערגעשריגן צו אים, ווי זי פלעגט טון: „קום אַריין עסן!" נאָר פלעגט איצט זאָגן: „דער מיטאָג איז פאַרטיק, זיי אַזוי גוט און קום אַריין!" אלצדינג איז איצט אַנדערש,

אַמאָל פלעגט ער פּשוט ענטפערן „יאָ“, אָדער גאָרנישט זאָגן, און פאָר־זעצן אַרבעטן נאָך אַביסל, איידער ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז. איצט ענטפערט ער „אַ דאַנק“ און גייט גלייך אַריין. אַ ליבע פאַרבלענדט; ווען־נישט־ווען פלעגט יצחק זאָגן „אַ דאַנק, אַ דאַנק“. יאָ, אַלץ איז געווען אַנדערש איצט, — אפשר שוין אַביסל צו פיין. ווען יצחק האָט גערעדט וועגן עקסקרעמענטן און איז געווען גראָב אין זיינע רייד, ווי פויערים זענען, פלעגט אינגער עס רופן מיסט „צוליב די קינדער, פאַרשטייסטו מיך“.

זי איז געווען פאַרזיכטיק מיט די קינדער און זיי אַלץ געלערנט, זיי דערצויגן. די קליינע לעאָפּאָלדינאַ געלערנט העקלען, און די יונג־לעך שרייבן און לייענען; זיי זאָלן נישט זיין אינגאַנצן הינטערשטעליק, ווען די צייט וועט אונטערקומען פאַר זיי צו גיין אין שול אַריין אין דאָרף. אלישע איז גאָר געוואָקסן אַ חכם, נאָר דער קליינער סיווערט האָט זיך מיט גאָרנישט נישט אויסגעצייכנט, און דער אמת מוז געזאָגט ווערן — געהאַפט אַ ווילדער, אַ צעלאָזענער יונג. ער האָט אפילו געוואַגט צו פאַרקען זיך מיט דער מוטערס ניי־מאַשין און האָט שוין געהאַט אָפּגעשניצט שפּענדלעך פון טיש און פון די בענקלעך מיט זיין ניי מעסערל. אינגער האָט געסטראַשעט צוצונעמען עס אינגאַנצן ביי אים.

די קינדער האָבן על כּל פּנים געהיט אַלע בהמות אַרום הויז, און אלישע האָט חוץ דעם געהאַט נאָך אַלץ זיין קאָלירטן בלייפעדער. ער האָט אים גענוצט זייער פאַרזיכטיק און זעלטן ווען אַנטליען אים זיין ברודער, פונדעסטוועגן זענען אַלע ווענט, מיט דער צייט, באַדעקט געוואָרן מיט בלויע און רויטע צייכנונגען, און דער בלייפעדער איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. ענדלעך איז אלישע געצוואונגען געווען צו געבן סיווערטן דעם בלייפעדער נישט מער ווי איינמאָל אַ וואָך, יעדן זונטאָג אויף איין צייכנונג. סיווערט איז געווען אומצופרידן מיט דעם, נאָר אלישע איז געווען נישט פון די מיט וועמען מ'קאָן זיך אָנהויבן. נישט אַזוי דער פאַר, וואָס ער איז געווען דער שטאַרקערער, נאָר ער האָט געהאַט לאַנגע הענט און געקאָנט דערלאַנגען בעסער, ווען ס'איז געקומען צו אַ געשלעג

אָבער אָט דער סיווערט! ווען נישט ווען פלעגט ער אָנטרעפן אַ פייגל־נעסט אין וואַלד; איינמאָל האָט ער דערציילט וועגן אַ מויזנלאָך, וואָס ער האָט אויסגעפונען און אַ סך גערעדט וועגן דעם; אַן אַנדערש

מאָל איז עס געווען אַ גרויסער פיש, אַזוי גרויס ווי אַ מענטש, וואָס ער האָט געזען אין טייך. נאָר דאָס אַלץ איז, ווייזט אויס, געווען זיין איי־געגע אויסקלערעכץ; ער איז אַביסל געניגט געווען צו מאַכן פון ווייס שוואַרץ. אָט דער סיווערט, אָבער אַ גוטער יונג פון דעסטוועגן ווען די קאַץ האָט געהאַט קעצעלעך, איז עס געווען ער, וואָס האָט איר געבראַכט מילך, ווייל זי האָט צופיל געציטערט אויף אַלישען. סיווערט איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן צו שטיין און קוקן אויפן קעצל, וואָס איז פיל מיט באַוועגונג, אַ נעסט רירעוודיקע האַריקע לאַפּקעס.

אויך די הינער האָט ער יעדן טאָג נאָכגעקוקט; דעם האָן מיט זיין הערשערישן גאַנג און פיינע פעדערן, די הינער מיט זייער פלינקן לייכטן טראָט און שוואַכן גיגערן, נישטערנדיק אין זאַמד, אָדער אויס־שרייענדיק, ווי ס׳וואָלט זיי שטאַרק וויי געטון יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן געלעגט אַן איי.

און געווען איז אויך דער גרויסער באַראַן. דער קליינער סיווערט איז איצט אָנגעשטאָפּט מיט קענטעניש. מאָלט אייך, ער האָט נישט געקענט זאָגן וועגן דעם באַראַן צי האָט ער טאַקע עפּעס „רוימישעס אין דער נאָז, דאָס נישט. ער האָט אָבער געוואוסט בעסערס פון דעם. ער האָט דעם באַראַן געקענט פונם ערשטן טאָג אָן, ווען ער איז נאָך געווען אַ לעמעלע, ער האָט אים פאַרשטאַנען און געווען איינס מיט אים — אַ קרוב, אַ אייגענער מענטש. איינמאָל האָט אַ מאָדנער פרימיטיווער איינדרוק דורכגעפלאָטערט זיינע חושים: ס׳איז געווען אַ מאָמענט, וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן. דער באַראַן האָט זיך געפּאַשעט רויק אויפן פעלד; מיטאַמאָל האָט ער אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, אויפגעהערט צו טשאַמ־קען, געבליבן שטיין און זיך איינגעקוקט. סיווערט האָט נישט ווילנדיק. אויך געקוקט אין דערזעלבער ריכטונג. ניין — קיין שום זאַך נישט. נאָר סיווערט האָט עפּעס דערפילט א משונהדיקן געפיל: — „ס׳איז אַזוי, ווי ער וואָלט געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין גן עדן״.

ווייטער זענען געווען די פי — יעדעס קינד האָט געהאַט אַ פּאָר — גרויסע באַשעפעניש, וואָס זענען געווען אַזוי צוגעלאָזן פריינטלעך, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט כאַפּן, ווען נאָר מ׳האָט געוואָלט; געלאָזט זיך גלעטן. און דער חזיר, אַ ווייסער און ציכטיקער, הערט זיך צו צו יעדן קלאַנג, אַ קאָמיש באַשעפעניש, שטענדיק גיריק נאָך עסן, אין פילבאַר

און צאַפּלדיק ווי אַ מיידל׳ און ווייטער איז געווען דער ציגן-באָק; אין סעלאַנגראַאַ האָט זיך שטענדיק געפונען אַן אַלטער באָק, ווייל אַזוי גיך ווי עס איז געקומען די צייט איינעם צו שטאַרבן, האָט אַ צווייטער שוין פאַרנומען זיין אָרט. און ס׳איז ווידער געווען אַזוי לעכערלעך אים אָנצוקוקן! פונקט דאַן האָט ער געהאַט אַ גאַנצע כאַלאַסטרע ציגן אַכ־טונג צו געבן אויף זיי, נאָר צייטנווייז פלעגט ער ווערן קראַנק און מיד פון זיי אַלע, און זיך אַוועקלייגן, אַ באַבערדלטער, אַ פאַרטראַכ־טער, ווי עמיצער פון די אבות. און דערנאָך, אין אַ רגע אַרום, זיך צוריק אויפהויבן און ווייטער נאָכגיין נאָך דער סטאַדע. און אומעטום האָט ער איבערגעלאָזט אַ ריח פון זויערלעכע לופט הינטער זיך.

די טעגלעכע אַרבעט אויף דעם ישוב גייט זיך מיט איר סדר. וועןן-נישט-ווען גייט אַ גייער פאַרביי, אויף זיין וועג אין די בערג, און פרעגט: — און וואָס מאַכט איר אַלע דאָ?

און יצחק ענטפערט. — אָט, אַ שיינעם דאַנק.

יצחק אַרבעט און אַרבעט, קוקט אַריין אין לוח, נאָטירט די ענ־דערונגען פון דער לבנה, נעמט אין אַכט די וועטער־סמנים, און ארבעט ווייטער. ער האָט שוין אויף אַזויפיל אויסגעטראָטן אַ וועג אַראָפּצו אין דאָרף אַריין, אַז ער קאָן שוין אַראָפּפאָרן אַהין מיט פערד און וואָגן, נאָר צומיינסטנס טראָגט ער זיינע משאות אַליין; טראָגט פעק מיט קעזן אָדער פעלן, און קאָרע און בוימפעך און פוטער און אייער; אַלץ וואָס לאָזט זיך פאַרקויפן, כדי אויף זייער אָרט צוריקצוברענגען אַנדערע זאַכן. ניין, זומער פאָרט ער נישט אָפט אין דאָרף אַריין — צוליב איין סבה — דער וועג אַראָפּצו פון ברייטאָבליק אָן און ווייטער איז שלעכט. ער האָט געבעטן ברעד אָלסענען, ער זאָל העלפן פאַרריכטן דעם וועג, ער זאָל טון זיין חלק ארבעט. זאָגט ברעד אָלסען צו, נאָר ער האַלט נישט קיין וואָרט. און יצחק וועט אים נאָכאַמאָל נישט בעטן. בעסער טראָגן אַליין אַ פּאַק אויף דער פּלייצע. און איינגער זאָגט: — „איך קאָן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי דו באַווייזט עס אַלץ.״ — אָ, אָבער ער האָט געקאָנט באַווייזן אַלץ. ער האָט געהאַט אַ פּאָר שטיוול, וואָס זע־נען געווען אַזוי אומבאַגרייפלעך שווער און גראָב, מיט גרויסע אייזער־נע פּלאַטן אויף די פּאָדעשוועס, אפילו די רימענס זענען געווען צו־

זאַמענגעשלאָגן מיט קופּערנע נעגל—ס'איז גאָר אַ חידוש, אַז אַ מענטש זאָל קאָנען גיין אין אַזעלכע שטיוול.

אויף איינער פון זיינע נסיעות האָט ער אָנגעטראָפן עטלעכע קאָמפּאַניעס מענטשן ביי דער אַרבעט אויף די זומפּן; זיי האָבן אַרוג־טערגעזעצט שטיינערנע רערן אין אויסגעגראָבענע גריבער און אַריינגע־שטעקט אין זיי טעלעגראַף־סלופּעס. עטלעכע אַרבעטער זענען געווען פונם דאָרף, ברעד אָלסען איז דאָרטן אויך געווען, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געקויפט לאַנד פאַר זיך אַליין און וואָלט געדאַרפט אַרבעטן אויף דעם. יצחק וואונדערט זיך, ווי אַזוי ברעד האָט פריי־צייט.

דער אויפזעער פרעגט יצחקן, צי קאָן ער זיי פאַרקויפן טעלע־גראַף-סלופּעס. יצחק זאָגט — ניין. אפילו נישט, אויב מ'וועט אים גוט באַצאָלן פאַר זיי? — ניין. — אָ, יצחק פארשטייט שוין איצט אַביסל מער זיינע עסקים, ער האָט געקאָנט זאָגן ניין. אויב ער וואָלט זיי פאַרקויפט עטלעכע סלופּעס, וואָלט ער זיכער געהאַט מיט עטלעכע דאָ־לאר מער; ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין איבעריק געהילץ אַוועקצו־געבן, האָט ער פון דעם גאָרנישט נישט געקאָנט געווינען. דער אינזשע־נער, וואָס פירט אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט, קומט צו אַליין פרעגן, נאָר יצחק זאָגט אים אָפּ.

— מיר האָבן גענוג סלופּעס, — האָט דער אינזשעניער געזאָגט, — נאָר ס'וואָלט געווען בעסער צו נעמען זיי פון דאַנעט און פאַר־שפּאָרן טראַנספּאָרט.

— מיר איז אַליין ווייניק דאָס געהילץ, — זאָגט יצחק. — איך וויל מיר שטעלן אַ זעג און אָנשניידן אַביסל געהילץ פאַר זיך אליין; — איכ'ל זיך באַלד נויטיקן אין אַ פּאָר נייע געביידעס.

דאָ מישט זיך אַריין ברעד אלסען און זאָגט: — אויף אייער אָרט, יצחק, וואָלט איך זיי פאַרקויפט סלופּעס.

נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער געדולד, האָט יצחק אַ בליק געטון אויף ברעדן און געזאָגט: — יאָ, איר וואָלט עס געטון.

— נאָר — וואָס? — פרעגט ברעד.

— מער נישט וואָס איך בין נישט איר, — האָט יצחק געזאָגט. אייניקע אַרבעטער האָבן פון דעם אַביסל אונטערגעלאַכט.

יאָ, יצחק האָט געהאַט גענוג טעמים פונקט דאַן חוזק צו מאכן פון זיין שכן; דעם זעלבן טאָג האָט ער געזען דריי שאָף אויף די פעלדער אין ברײדאַבליק, און איינע פון די דריי האָט ער געקאָנט — די מיט די פלאַכע אויערן, וואָס אָלינאַ האָט פאַרשאַכערט. ער מעג זי האַלטן, האָט יצחק געטראַכט, גייענדיק ווייטער זיין וועג; פון מיינעטוועגן, מעגן זיך ברעד און זיין פרוי האַלטן מיט דער שאָף וויפיל זיי ווילן.

יענער עסק מיט דער זעג איז אים געלעגן אַלעמאָל אין זינען; נאָך פאַראַיאָרן ווינטער ווען די וועגן זענען געווען האַרט, האָט ער געבראַכט די גרויסע קײלעכדיקע זעג מיט אַלע אויסשטאַטונגען, וואָס ער האָט באַשטעלט אין טראָנדהיים דורך דער דאָרפישער קראָם. די טיילן זענען געלעגן אין איינער פון די קאַמערן איצט, גוט באַשמירט מיט אייל, זיי זאָלן נישט זשאַווערן. ער האָט אויך אַרויפגעבראַכט עטלעכע באַלקנס פאַר דער ראַם; ער האָט געקאָנט אָנהייבן צו בויען ווען ער האָט געוואָלט, נאָר ער האָט אַלץ אָפּגעלייגט. וואָס האָט דאָ געקאָנט זיין? האָט ער אָנגעהויבן צו ווערן שוואַך, מיד? ער האָט עס אַליין נישט געקאָנט פאַרשטיין. עס וואָלט אפשר נישט געווען קיין איבערראַשונג פאַר אַנדערע, יצחק אָבער האָט עס נישט געקאָנט גלויבן. אַרבעט זיין קאָפּ, ווי עס באַדאַרף צו זיין? ער האָט זיך קיינמאָל פריער נישט געשראָקן אָנצוהייבן אַן אַרבעט; ער האָט זיך געענדערט, ווייזט אויס, אַביסל, זינט יענער צייט, ווען ער האָט אויסגעבויט זיין מיל לעבן טייך. ער האָט געקאָנט קריגן הילף פונם דאָרף, נאָר ער וועט פרואוון נאָכאַמאָל אַליין; ער וועט אָנהייבן אין אַ טאָג אָדער צוויי אַרום — און איינגער קאָן אים צוהעלפן אַביסל.

ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט איינגערן.

— ה—מ. איך ווייס נישט, צי וואָלסטו נישט געקאָנט געפינען צייט אין איינעם פון די טעג צו העלפן מיר ביי דער זעגמיל?

איינגער האָט געקלערט אַ רגע. — י—אָ, אויב איכ׳ל נאָר קאָנען. איז גייסטו אויפשטעלן אַ זעגמיל?

— יאָ. כ׳האָב עס אַלץ אויסגעאַרבעט אין מיין קאָפּ.

— וועט די אַרבעט שווערער זיין, ווי די אַרבעט ביי יענער מיל?

— אַ סך שווערער, צען מאָל שווערער. אַלץ דאַרף זיין פּינקט־לעך און גענוי אויף אַ האָר — ביז צו דער קלענסטער ליניע, און די זעג אַליין מוז זיין פּונקט אינמיטן.

— דו זאָלסט עס נאָר קאָנען אויספירן, — האָט אינגער נישט געטראַכט געזאָגט.

יצחק איז געווען באַליידיקט און געענטפערט: — וואָס איז שייך— מיר וועלן זען.

— האָסטו נישט געקאָנט דינגען אַ מענטשן אויף צו העלפן דיר, איינעם וואָס קאָן די אַרבעט?

— ניין.

— נו, וועסט אליין נישט קאָנען אויספירן די אַרבעט, — זאָגט זי ווידער.

יצחק האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף זיינע האָר — ס'איז געווען ווי אַ בער וואָלט אויפגעהויבן זיין לאַפּע.

— אָט דאָס איז טאַקע, וואָס איך האָב זיך געשראָקן, — האָט ער געזאָגט, — אַז איך וועל דאָס נישט קאָנען אויספירן אַליין. און דערפאַר האָב איך געוואָלט, אַז דו, וואָס ביסט אַזוי געלערנט, זאָלסט מיר העלפן.

דער בער האָט דאָ גוט געצילט, אָבער ס'איז, נאָך אַלעמען, גאָר־נישט נישט אַרויסגעקומען. אינגער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך אוועקגעדרייט אומפריינטלעך, זי וויל גאָרנישט האָבן צו טון מיט זיין זעג.

— אַזוי — האָט יצחק געזאָגט.

— ווילסטו, איך זאָל שטיין אין טייך, דורכגעווייקט ווערן און דער נאָך קראַנק ווערן? און ווער וועט נייען, אַכטונג געבן אויף די בהמות און פירן דאָס הויז, און אַלע איבעריקע זאַכן?

— ס'איז אמת — האָט יצחק געזאָגט.

אָ, ס'איז אָבער געווען מער נישט, ווי האָבן הילף צוליב די פיר ווינקל־זיילן און די פּאָר מיטלסטע אין דער לענג פון בנין, נישט מער. אינגער — איז זי באמת אַזוי פאַרענדערט געוואָרן אין איר כאַראַקטער דורך דעם, וואָס זי האָט געלעבט צווישן שטאָטישע מענטשן?

א פאַקט איז געווען, אז אינגער האט זיך געענדערט אַ היפּש ביסל;

זי האָט איצט מער געטראַכט וועגן זיך אַליין ווי וועגן זייער געמיינזאַם גוטס. זי האָט זיך ווידער גענומען צום שפינראָד און וועבשטול, נאָר די ניימאַשין איז איר געווען מער צום הארצן; און ווען דאָס פרעסל איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פונם שמיד, איז זי גרייט געווען צו פארנעמען זיך ווי אן אמתע שניידערין. זי האָט געהאַט א פּראָפּעסיע איצט. זי האָט זיך גענומען אויפנייען אַ פּאָר קליינע קליידעלעך פאַר לעאָפּאָלדינען. יצחקן זענען זיי געווען געפעלן און ער האָט זיי געלויבט, אפשר, אביסל צופיל: אינגעבר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז גאָך גאָרנישט קעגן דעם, וואָס זי קאָן ערשט טון ווען זי וואָלט נאָר געפּרואווט.

— זיי זענען אָבער צו קורץ, — האָט יצחק געזאָגט.

— אַזוי טראָגט מען אין שטאָט, — האָט אינגעבר געזאָגט — דו ווייסט אין דעם גאָרנישט.

יצחק האָט געזען, אַז ער איז פאַרקראָכן צו ווייט, האָט ער גענומען רעדן וועגן קריגן שטאָף פאַר אינגערן אַליין, זי זאָל זיך אַליין עפּעס אויפנייען.

— אַ מאַנטל? — האָט אינגעבר געזאָגט.

— יאָ, אָדער וואָס דיר פעלט.

אינגעבר האָט צוגעשטימט צו קריגן שטאָף אויף אַ מאַנטל פאַר זיך און אויסגעמאָלט דעם סאָרט שטאָף, וואָס זי וויל.

נאָר ווען זי האָט זיך געמאַכט דעם מאַנטל האָט זי געמוזט געפינען אימיצן פאַר וועמען צו ווייזן זיך אין אים; און ווייל די יונגלעך זענען געפאָרן אין דאָרף אריין אַריינצוטרעטן אין דער דאָרטיקער שול, איז אינגעבר מיט זיי מיטגעפאָרן. ס׳האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז די רייזע איז אַ קליייניקייט, זי האָט אָבער איבערגעלאָזט אַ רושם.

צום אַלעם ערשטן זענען זיי דורכגעפאָרן פאַרביי ברייד־אַבליק, און די פרוי ברייד־אַבליק מיט אירע קינדער זענען אַרויסגעקומען זען ווער ס׳פאָרט. אויף דער פור זיצט אינגעבר און די צוויי יונגלעך אויף אַ גאָר בכּבודיקן אופן; די יונגלעך מסתּמא אין שול אַריין, און אינגעבר — אין אַ מאַנטל! פרוי ברייד־אַבליק האָט דערפילט אַ שטאָך אין האַרצן, ווען זי האָט עס דערזען; דער מאַנטל, זי האָט זיך געקאָנט באַגיין אָן אים — אַ דאַנק גאָט, זי האָט פון אַזעלכע נאַרישקייטן קיין מאָל נישט געמאַכט! — אָבער... זי האָט קינדער — באַרבראַ, שוין אַ גרויס מיידל,

העלגע, דאָס צווייטע קינד און קאַטרין, אַלע שוין אין שול-עלטער. די צוויי עלטערע זענען געגאַנגען אין שול פריער, ווען זיי האָבן געוואוינט אין דאָרף, נאָר נאָכן אריבערציען זיך קיין ברייִדאַבליק, דאָ צווישן די זומפּן, זענען זיי געווען געצוואונגען אָפּצונעמען די קינדער פון שול און זיי לאָזן אומלויפן פוסט און פּאַס.

— איר ווילט עפּעס אַ ביסן פאַר די קינדער, אפשר? — האָט די פרוי געזאָגט.

— עסן? איר זעט דעם קופערט דאָ? מיין רייזע-קופערט, וואָס איך האָב אהיים געבראַכט מיט זיך — ער איז פול מיט עסנוואַרג.

— און וואָס פאַר אַ עסנוואַרג? — איך האָב אייער און פיש גע-נוג, און ברויט און פוטער און קעז.

— יאָ, אייך פעלט נישט אויס אין סעלאַנדראַאַ, — האָט יענע געזאָגט און אירע אָרעמע, בלייך-קרענקלעכע קינדער האָבן זיך צוגע-הערט מיט אָפענע אויערן און אויגן צום שמועס וועגן די אַלע גוטע זאַכן. און וואו וועלן זיי איינשטיין? — האָט די מוטער ווידער געפרעגט.

— ביים שמיד, — האָט אינגער געענטפערט.

— האָ! — האָט די צווייטע געזאָגט. — יאָ, מיינע וועלן אויך ווידעראַמאָל גיין אין שול אינגיכן. זיי וועלן איינשטיין ביים לענסמאַנד.

— האָ! — האָט אינגער געזאָגט.

— יאָ, ווידער ביים דאָקטאָר אפשר, אָדער ביים גלח׳ ברעד איז דאָך אויסגעבונדן מיט די גרויסע לייט דאָרטן.

אינגער האָט געשאַרט מיט איר מאַנטל און באַוויזן אים אויסצו-דרייען אַזוי, אַז אַ שטיק פונם שוואַרצן זיידענעם זוים זאָל זיך אַרויסזען.

— וואו האָט איר געקראָגן דעם מאַנטל? — האָט די פרוי געפרעגט. איר מיטגעבראַכט מיט זיך אפשר?

איך האָב אים אַליין אויפגענייט.

— יאָ, יאָ, אַזוי ווי איך האָב געזאָגט: פול מיט פאַרמעגן און עשירות, ס׳גיסט זיך אַריבער...

אינגער איז געפאָרן ווייטער, געפילט זיך אינגאַנצן צעמישט און צופרידן מיט זיך אַליין. און אַריינגעפאָרן אין דאָרף אריין, האָט זי זיך געהאַלטן שוין אַביסל צו שטאָלץ. דעם לענסמאַנד הייערדאַלס פרוי איז קענטיק נישט געווען צופרידן, ווען זי האָט דערזען דעם מאַנטל. די סע-

לאַנראַא פרוי האָט פאַרגעסן איר שטאַנד — פאַרגעסן וואו זי איז פינף יאָר געווען פאַרשפאַרט. נאָר אינגער האָט פאָרט געהאַט אַ געלעגנהייט צו ווייזן זיך מיט איר מאנטל, און דעם קרעמערס פרוי און דעם שמידס פרוי און דעם שול-דירעקטאָרס פרוי — אַלע האָבן זיי געטראַכט וועגן קריגן אַזאַ מאַנטל — נאָר מ'האָט נאָך געמוזט וואַרטן אַביסל.

און איצט האָט עס נישט גענומען לאַנג און צו אינגערן האָבן אָנגעהויבן צו קומען געסט. איינע אָדער צוויי פרויען זענען אַריבערגעקומען פון יענער זייט בערג אויס נייגעריקייט. אָלינאַ האָט אפשר, נישט ווילנדיק, אַ זאָג-געטון עפּעס. אַ וואָרט צו דער אָדער יעדער. די, וואָס זענען געקומען איצט, האָבן געבראַכט נייעס פון אינגערס געבורט-היים, איז נאַטירלעך, אַז אינגער זאָל זיי אויפנעמען מיט אַ קריגל קאַווע און לאָזן זיי קוקן אויף איר ניי-מאַשין. יונגע מיידלעך זענען ארויפגעקומען פאָרלעכווייז פונם ים-ברעג, פונם דאָרף, זיך האַלטן מיט אינגערן אַן עצה; ס'איז געווען הערבסט איצט, און זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט אויף אַ ניי קלייד, און געוואָלט, אַז זי זאָל זיי העלפן. אינגער, פאַרשטייט זיך, מוז וויסן פון אַלע לעצטע מאָדעס, נאָך דעם ווי זי איז געווען אין דער וועלט. ווען-נישט-ווען פלעגט זי פאַר זיי צושניידן דעם שטאָף. אינגער אַליין איז ביי די וויזיטן געוואָרן לעבעדיקער און פריינטלעך. זי איז זיי געווען בייהילפיק, און קלוג ביי ד'ער אַרבעט איז זי דערצו געווען; זי האָט געקאָנט צושניידן אַמאָל אָן אַ פאַפיר-מוסטער. אַמאָל פלעגט זי אַפילו אָפּזוימען אַ גאַנצע לענג אויף איר מאַשין און דאָס אַלץ פאַר גאָרנישט אין אומקערן דעם שטאָף צוריק די מיידלעך מיט אַ צופרידענעם שפּאַס:

— „נאַט — איצט קאַנט איר צו נייען די קנעפּ אַליין!“

שפּעטער צו האָט מען נאָך אינגערן געשיקט פונם דאָרף, צו קומען נייען פאַר עטלעכע פון די גרויסע לייט דאָרטן. אינגער האָט נישט געקאָנט גיין; זי האָט געהאַט אַ גוט, און בהמות דערצו און די גאַנצע הויז-אַרבעט. און נישט געהאַט קיין דינסט.

— וואָס? אַ דינסט!

איינמאָל האָט זי אַ זאָג-געטון יצחקן:

— ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אימיצן אויף צו העלפן מיר, וואָלט איך געקאַנט זיך אָפּגעבן מער מיטן נייען.

יצחק האָט נישט פאַרשטאַנען. הילף?

— יאָ, הילף אין הויז — אַ דינסטמיידל.

יצחק האָט אַוודאי געמײנט דערשטוינט ווערן פון דעם; ער האָט אריינגעשמייכלט אַביסל אין זיין אייזערנער באָרד אַריין און עס אָנגענומען פאר אַ חיוך. — „יאָ, מיר וואָלטן באדאַרפט האָבן אַ דינסטמיידל,— האָט ער צוגעשטומט.

— באַלעבאָסטעס אין שטאָט האַלטן שטענדיק אַ דינסט, — האָט אינגער געזאָגט.

— האַ! — האָט יצחק געענטפערט.

נו, פונקט דאַן מעגלעך איז יצחק געווען נישט איבעריק גוט געשטימט און נישט גאָר צופרידן, ווייל ער האָט אָנגעהויבן די אַרבעט ביי דער זעגמיל, און ס'איז געגאַנגען צו פּאַמעלעך און שווער; ער האָט נישט געקענט צוהאַלטן די באַלקנס מיט איין האַנט, האַלטן אַ בליי-ריכטשנור אין דער צווייטער, און צופּעסטיקן די עקן אין דערזעלבער צייט. נאָר ווען די יונגלעך האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער שול איז געוואָרן גרינגער; די בחורים זענען געווען נוצלעך. אַ הילף, אַ ברכה אויף זיי! סיווערט איבערהויפּט איז געווען אַ גאון אויף אַריינצושלאָגן נעגל, און אלישע האָט זיך געטויגט בעסער צום בליי-ריכטשנור. צום סוף פון איין וואָך האָט יצחק מיט די יונגלעך שוין געהאַט פּאַקטיש אויפגעשטעלט די פונדאַמענט-סלופּעס און זיי באַפעסטיקט מיט קווער-ברעטער, וואָס זענען געווען כמעט אַזוי דיק ווי די סלופּעס אַליין.

אַלץ איז געמאַכט געוואָרן גוט — אַלצדינג. נאָר יצחק האָט עפּעס אָנגעהויבן פילן זיך מיד אין די אָוונטן איצט. ס'איז געווען נישט בלויז דאָס אויפשטעלן די זעגמיל, ס'איז געווען גענוג אַנדערע אַרבעט נאָך. דאָס היי איז שוין געווען איינגעזאַמלט, דער קאָרן אָבער איז נאָך געשטאַנען, באַלד וועט מען אים דאַרפן שניידן און אויסלייגן אין סקירדעס; ווייטער זענען געווען די קאַרטאָפּלעס, אינגיכן וועט מען זיי אויך דאַרפן אויסגראָבן. נאָר די בחורימלעך זענען געווען אַ געבענטשטע הילף. ער האָט זיי נישט געדאַנקט, — ס'איז נישט דער מנהג אין זיין גראַד, ער איז אָבער געווען שטאַרק צופרידן מיט זיי. ווען-נישט-ווען פלעגן זיי אַלע דריי צוזעצן זיך אינמיטן דער אַרבעט און שמועסן. דער פאָטער האַלט זיך אַן עצה מיט די זין, וואָס צו טון ווייטער. דאָס זענען געווען שטאָלצע רגעס פאַר די יונגלעך, דאָס האָט זיי אויסגעלערנט, זיי זאָלן זיך גוט

באַטראַכטן פריער איידער זיי זאָגן עפּעס, אויס מורא זיי זאָלן נישט דורכפאַלן מיט זייערע רייד.

— ס'וואָלט געווען אַ שאָד, מיר זאָלן נישט קאָנען אַרויפציען דעם דאַך אויף דער זעג-מיל, איידער די הערבסט-רעגנס קומען אָן — זאָגט יצחק.

ווען אינגער וואָלט נאָר געווען די זעלבע וואָס אַמאָל! אָבער אינגער איז שוין נישט אַזוי קרעפטיק, ווי זי איז געווען. נאַטירלעך, נאָך אַזאַ לאַנגן פאַרשפּאַרט זיין אין תּפיסה. וואָס איר שכל האָט זיך אויך ווי געביטן, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. מאָדנע, ווי ווייניק זי האָט איצט נאָכגעטראַכט. לייכטזיניק נישט אויפמערקזאַם. — איז דאָס אינגער?

אין איינעם אַ טאָג האָט זי גערעדט וועגן קינד, וואָס זי האָט דערשטיקט.

— אַ נאַר בין איך געווען — האָט זי געזאָגט — מיר וואָלטן געקענט פאַרנייען די ליפּ און איך וואָלט נישט געדאַרפט זי דערשטיקן — און זי איז ווי איינמאָל נישט געגאַנגען צום קליינעם קבֿרל אין וואַלד, וואו זי האָט אַמאָל געגלעט די ערד מיט אירע הענט און אויפגעשטעלט אַ קליין צלמל.

נאָר אינגער איז נישט געווען קיין שלעכטע מוטער. זי האָט געזאָרגט פאַר אירע אַנדערע קינדער, זיי געהאַלטן ריין און געמאַכט זיי נייע קליידער; זי פלעגט זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און פאַריכטן זייערע זאַכן. ס'איז געווען איר טרוים, צו זען ווי אירע קינדער זענען מצליח אין לעבן.

דער קאָרן איז אויסגעלייגט געוואָרן אין סקירדעס, און די קאַרטאָפלעס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן. דערנאָך איז געקומען ווינטער. אָבער די זעג-מיל איז יענעם הערבסט מיט קיין דאַך נישט געדעקט געוואָרן; מ'האָט זיך גאָר נישט געקאָנט העלפן; נאָך אַלעמען איז עס נישט קיין לעבנס-פראגע. איבער אַ יאָר זומער וועט שוין זיין צייט גענוג.

# XIII

האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די געוויינלעכע אַרבעט: פירן האָלץ, פאַריכטן ‚דאָס געצייג און די וועגענער; אינגער האָט געפירט די שטוב און געבייט. די יונגלעך זענען ווידער געווען אין דאָרף, אין שול. שוין עטלעכע ווינטערן, אַז זיי האָבן געהאַט ביידע איין פּאָר סקי און זענען זייער וואויל אויסגעקומען, כל-זמן זיי זענען געווען אין דער היים; איינער האָט געוואַרט ביז דער צווייטער האָט זיך אָפּגעגליטשט, אָדער ער האָט זיך אָנגעהאַלטן הינטן אין אַ פּאָלע: אַלץ איז געווען גוט און וואויל; די סקי זענען געווען דאָס שענסטע, וואָס זיי האָבן ווען געזען און זיי זענען געווען העכסט צופרידן. אָבער דאָרטן, אין דאָרף, איז געווען אַנדערש. די שול איז געווען פול מיט סקיס, אפילו די קינדער בריידאַבליק האָבן געהאַט יעדערער זיין אייגענע פּאָר, און דער סוף איז געווען אַז יצחק האָט געמוזט מאַכן אַ נייע פּאָר סקי פאַר אלישען און די אַלטעפּאָר איז געבליבן פאַר סיווערטן.

יצחק האָט נאָך מער געטון; ער האָט די יונגלעך געקויפט ווינטער-מלבושים און „אייביקע“ שטיוול. און ווען ער האָט דאָס אָפּגעטון, איז ער אַוועק צום קרעמער און געבעטן אַ פינגערל.

— אַ פינגערל? — האָט דער קרעמער געפרעגט.

— יאָ, אַ פינגערל. איך בין שוין געקומען דערצו, אַז איך וויל שענקען מיין ווייב אַ פינגערל.

— זאָל עס זיין אַ זילבערנס, אָדער אַ גאָלדנס, ‚ידער בלויז אַ מעשנס, נאָר פון אויבן מיט גאָלד?

— זאָל זיין אַ זילבערנס.

דער קרעמער האָט געקלערט אַ ווײַלע.

— יצחק — האָט ער געזאָגט — אויב איר האָט שוין יאָ באַשלאָסן

צו געבן אייער ווייב אַ פינגערל, וואָס זי זאָל זיך נישט שעמען צו טראָגן עס, טאָ קויפט אַ גאָלדנס.

— וואָס? — האָט יצחק הויך אויסגערופן. אָבער באמת האָט ער אַליין טיף אין האַרצן געקלערט וועגן אַ גאָלדן פינגערל.

זיי האָבן ד״ם ענין אַרומגערעדט ערנסט און לסוף דורכגעקומען מכוח דער גרויס פונם פינגערל און מכוח דעם פרייז. יצחק איז געווען פאַרטראַכט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ס׳איז אַ גרויסע הוצאה פאַר אים, נאָר דער קרעמער איז באַשטאַנען אויף זיינעם, אַז מען מוז נעמען פון עכטן גאָלד. יצחק איז אַוועק אַהיים, צופרידן מיט זיין אויפטו, נאָר אַביסל אומרויק, ווי אויסברענגעריש ער איז דאָס געוואָרן. צו וואָס פאַר הוצאות ליבע קאָן אַלץ ברענגען.

יענעם ווינטער איז אויסגעפאַלן אַ פולע שניי און צו ניי־יאָר, ווען דער וועג האָט זיך איינגעשטעלט, האָבן דאָרפסלייט אָנגעהויבן אַרויפפירן טעלעגראַף־סלופעס איבער די זומפן און זיי אָפּוואַרפן אויפן וועג. זיי זענען צוגעקומען ביז צו די בריידאַבליקס. דערנאָך אויך קיין סעלאַנראַאַ, ביז זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט די פורן, וואָס זענען אָנגעקומען מיט סלופעס פון דער צווייטער זייט באַ״ג — די גאַנצע ליניע איז גע־ווען פאַרפולט.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אָן גרויסע געשעענישן, וואָס האָט דען געקאָנט געשען? פרילינג איז געקומען און ס׳האָט זיך אָנגע־הויבן די אַרבעט ביים שטעלן די סלופעס. ברעד אָלסען איז ווידער גע־ווען מיט די אַרבעטער, הגם ער האָט איצט געדאַרפט אַרבעטן אויף זיין פעלד. — ווי ער האָט דאָס צייט אויף אַלץ! — האָט יצחק געקלערט.

יצחק אַליין האָט קוים צייט געהאַט צו עסן און צו שלאָפן; ס׳איז אים געווען שווער צו באַווייזן אַלץ אָפּצוטון צו דער צייט; דאָס פעלד זיינס איז איצט געווען זייער גרויס.

אָבער אין דער הפסקה צווישן היי־שניט און תבואה־שניט, האָט ער דאָך געדעקט דעם דאַך אויף דער זעגמיל און געקאָנט אָנהויבן שטעלן די זעג. און זע! דער הילצערנער בנין, וואָס ער האָט אויסגעבויט, איז אפשר נישט אַזוי פיין און גלאַט, אָבער שטאַרק איז ער געווען ווי אַ ריז און איז געשטאַנען צוליב אַ גוטן תכלית. די זעג האָט זיך געדרייט; די זעג האָט געשניטן. יצחק האָט זיך גוט צוגעקוקט אין דאָרף, בשעת

ער איז געווען דאָרט אין זעג-מיל. זיינע איז אַ קליינע מיל, אָבער ער איז צופרידן מיט איר; פון אויבן איבערן אַריינגאַנג האָט ער אויסגעקאַרבט דאָס יאָר און זיין נאָמען.

יענעם זומער איז דאָך פאָרגעקומען עפּעס מער ווי געוויינלעך אין סעלאַנראַאַ.

די טעלעגראַף-אַרבעטער זענען שוין געווען אַזוי ווייט אַרויף איבער די זומפּן, אַז אין איינעם אַ אָוונט איז די ערשטע גרופּע געקומען אויפן הויף און געבעטן צו לאָזן זיי איבערנעכטיקן. מען האָט פאַר זיי געמאַכט אָרט אין גרויסן שייער. אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען די צווייטע גרופּע און פאַר אַלעמען האָט זיך געפונען אָרט אין סעלאַנראַאַ. די אַרבעט איז אַוועק ווייטער, נאָר די אַרבעטער זענען נאָך אַלץ געקומען שלאָפן אין שייער. און שבת אין אָוונט איז געקומען דער אינזשיניער אויסצוטיילן די שכירות די אַרבעטער.

דערזעענדיק דעם אינזשיניער איז אָלישען איינגעפאַלן דאָס האַ רץ און ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב, טאָמער פרעגט אים יענער אויפן קאָלירטן בלייפעדער. אָ, צרות רוקן זיך אויף אים — און דאָ איז סיווערטן אויך נישטאָ! ער האָט זיך געשאַרט ביי דער זייט פון שטוב, ווי אַ בלייכער שאָטן, געפונען די מוטער און זי געבעטן תיכף אַרויס-רופן סיווערטן — קיין אַנדער ברירה האָט ער נישט.

סיווערט האָט דעם ענין אויפגענומען מיט אַ גרינגער האַרץ — אָבער ער איז דאָך נישט געווען דער הויפּט-שולדיקער. ביידע זענען זיי אָפּגעגאַנגען אַביסל ווייטער זיך אַוועקגעזעצט, און אלישע האָט געזאָגט: — ווען די וואָלסט עס געוואָלט נעמען אויף זיך

— איך? — האָט סיווערט געזאָגט.

— די ביסט ייִנגער, דיר וועט ער גאָרנישט טון.

סיווערט האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט געזען, אַז דער ברודער איז אין אַ צרה; און ס'האָט אים איינוועגס הנאה געטון, וואָס אָלישע דאַרף אָנקומען צו אים.

— איך וועל דיר אפשר קאָנען אַרויסהעלפן — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ דערוואַקסענעם.

— די דאַרפסט עס טון! — האָט אָלישע זיך אָנגערופן, און גאַנץ

פשוט אַריינגעשטופּט דאָס שטיקל איבערגעבליבענע בלייפעדער אין זיין ברוזערס האַנט. — עס איז דיינס — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבן ביידע געזאָלט גייען צוריק, נאָר אָלישע האָט זיך דער-מאָנט, אַז ער האָט נאָך עפּעס אַ נויטיקן ענין אין זעג-מיל; ער דאַרף עפּעס נאָכזען דאָרטן, און דאָס וועט געדויערן — ער וועט אַזוי זיך נישט פאַרטיק ווערן. סיווערט איז אַוועק אַהיים אַליין.

דאָרטן איז געזעסן דער אינזשעניער און אויסגעצאָלט פּאַפּיר-געלט און זילבער, און ווען ער האָט געענדיקט, האָט אינגער אים דערלאַנגט מילך צו טרינקען, אַ קריג מיט אַ גלאָז, און ער האָט געדאַנקט. דער-נאָך האָט ער גערעדט צו דער קליינער לעאָפּאָלדינען, און דאַן, באַ-מערקנדיק די צייכנונגען אויף די ווענט, האָט ער גלייך געפרעגט, ווער ס'האָט זיי געמאָלן — „דו?“ — האָט ער געפרעגט סיווערטן. דער מאַן האָט אַוודאי געפילט, אַז ער איז שולדיק אינגערן פאַר איר גאַסט-פריינטשאַפט, און ער האָט געלויבט די צייכנונגען. אינגער, פון איר זייט, האָט דערקלערט די זאַך ווי עס איז: אַז אירע יינגלעך האָבן דאָס גע-מאַכט די צייכנונגען — ביידע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּאַפּיר אויף וואָס צו מאָלן ביז זי איז אַהיימגעקומען, האָבן זיי געמאָלט אויף די ווענט. און זי האָט קיין האַרץ נישט אָפּצווישן.

— נאָך וואָס? זאָלן זיי בלייבן אַזוי, — האָט דער אינזשעניער געזאָגט. — פּאַפּיר האָט איר געזאָגט? — און ער האָט אַרויסגענומען אַ הויפן מיט גרויסע בויגנס. — נאַ, מאָל אויף דעם, ביז איכל קומען נאָכ-אַמאָל. און וואָס איז וועגן בלייפעדערס?

דאָ איז סיווערט אַרויס מיטן פּיצל בלייפעדער, און געוויזן ווי קליין עס איז. און זע! דער מאַן האָט אים געגעבן אַ נייעם קאָלירטן בלייפעדער, נאָך אַפילו נישט פאַרשפּיצט. — און איצט קאָנסטו אָנהויבן אויפסניי. נאָר איך אויף דיין אָרט וואָלט געמאַכט די פערד רויט און די ציגן בלוי. האָסטו שוין ווען געזעען אַ בלוי פערד?

און דער אינזשעניער איז זיך אַוועק זיין וועג.

דעמזעלבן אָוונט איז געקומען עפּעס אַ מאַן פון דאָרף, — געבראַכט פאַר די אַרבעטער אַ קויש מיט פלעשער און אַוועקגעגאַנגען. נאָר נאָך זיין אוועקגיין איז שוין מער נישט געווען אַזוי שטיל אויף דער פּערמע; אימיצער האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָניקע, די אַרבעטער האָבן הויך

געשמועסט און מען האָט געזונגען, און אַפילו געטאַנצט אין סעלאַנראַאַ. איינער פון די אַרבעטער האָט איינגעלאַדן אינגערן צו טאַנצן. און אינ-גער — ווער וואָלט עס געגלויבט אויף איר? — זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קליין געלעכטערל און זיך באמת געלאָזט טאַנצן. נאָכדעם האָבן אויך אַנדערע זי געבעטן טאַנצן, און זי האָט מיט אַלעמען געטאַנצט.

אינגער — ווער ווייסט וועגן וואָס זי האָט געלקערט? זי האָט אָ דאָ אפשר דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן געטאַנצט, נאָכגעזוכט, באַ-גערט פון דרייסיק מענער, — און זי איינע אַליין, די איינציקע, נישטאָ קיין אַנדערע צו פארנעמען איר אָרט. און די געזונטע טעלעגראַף-אַרבע-טער — ווי זיי האָבן זי אונטערגעהויבן! פאַרוואָס נישט טאַנצן? אָלישע און סיוועריט זענען שוין געשלאָפן אין קליינעם חדר, נישט געקוקט אויפן טומל; נאָר די קליינע לעאָפּאָלדינאַ איז נאָך געווען אויף, און געקוקט מיט פאַרוואונדערונג, ווי די מאמע טאַנצט.

יצחק איז די גאַנצע צייט געווען אין פעלד; ער איז אַוועקגע-גאַנגען באַלד נאָכן אָוונט-ברויט, און ווען ער איז אַהיימגעקומען זיך לייגן שלאָפן, האָט אימיצער אים מכבד געווען מיט א פלאַש. ער האָט געטרונ-קען אַביסל און געזעסן און געקוקט אויפן טאַנץ, מיט לעאָפּאָלדינאַן אויפן שויס.

טאַנצסט גאַנץ פיין, — האָט ער מיט ליבשאַפט געזאָגט צו אינגערן, — האָסט אַ גוטע געלעגנהייט צו באַוועגן אביסל די פיס.

אַביסל שפּעטער האָט די מוזיק אויפגעהערט און אויך דאָס טאַנצן די אַרבעטער האָבן זיך געגרייט אַוועקצוגיין — זיי זענען געגאַנגען אַראָפּ אין דאָרף אַריין, פאַרבּרענגען דאָרט דעם רעשט נאכט און דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג, ביז מאָנטאָג אינדערפרי. באַלד איז ווידער שטיל גע-ווען אין דער סעלאַנראַאַ, נאָר אַ פּאָר עלטערע ארבעטער זענען געבליבן און אוועק שלאָפן אין שייער.

יצחק האָט זיך אויפגעכאַפּט ביינאַכט — אינגער איז לעבן אים נישטאָ. איז זי געגאַנגען אין שטאַל אַריין אַ קוק טון אויף די קי? ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק צום שטאַל. — „אינגער" האָט ער גע-רופן. קיין ענטפער. די קי האָבן אומגעדרייט זייערע קעפּ און געקוקט אויף אים; אַרום איז געווען שטיל. פון אַלטער רגילות, האָט ער איבער-געציילט די קי, איבערגעציילט די שאָף; איין שאָף האָט זיך געמאַכט אַ

אַ געוואוינהייט צו בלייבן אין דרויסן די גאַנצע נאַכט — און איצט האָט זי אויך געפעלט. — „אינגער!" — האָט ער נאָכאַמאָל גערופן. קיין ענטפער. ס'איז אוממעגלעך, אז זי זאָל האָבן מ'ט זיי מיטגעגאַנגען אין דאָרף אַריין

די זומערנאַכט איז געווען אַ לייכטע און וואַרעמע. יצחק איז אַביסל געזעסן אויף דער שוועל, דערנאָך איז ער אוועק אין וואַלד אַריין זוכן די שאָף. און ער האָט געפונען אינגערן. אינגערן מיט נאָך איינעם. זיי זענען געזעסן אינעם היידעקרויט; זי האָט אויף אַ פינגער געדרייט זיין געקעסטלט היטל, און זיי האָבן געפירט אַ שמועס.

יצחק האָט פּאַמעלעך צוגעשפּאַנט צו זיי. אינגער האָט זיך אויס־געדרייט און אים דערזען, איז זי געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. דאָס היטל איז אַרויסגעפאַלן פון איר האַנט; זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געבליבן זיצן אַ צעמישטע.

— ה—מ. ווייסט, אַז די שאָף איז ווידער פאַרפאַלן געוואָרן? — האָט ער געפרעגט. — ראָס, נאַטירלעך, ווייסטו נישט.

דער יינגער טעלעגראַף־אַרבעטער האָט אויפגעהויבן זיין היטל און זיך אַוועקגערוקט אָן אַ זייט. — „איך וועל אונטעריאָגן די אַנדערע",— האָט ער געזאָגט. — „אַ גוטע נאַכט אייך." — קיינער האָט נישט גע־ענטפערט.

איז זיצסטו דאָ, — האָט יצחק געזאָגט. — ווילסט אפשר פארבלייבן דאָ? — און ער האָט זיך געלאָזט גייען אַהיים. אינגער האָט זיך אויפגעהויבן, געשטעלט זיך אויף די פיס, און אַוועק נאָך אים. און אזוי זענען זיי געגאַנגען, ער פאָרויס און זי פון הינטן, ביז זיי זענען געקומען אַהיים.

אינגער איז דערווייל געקומען צו זיך און באַטראַכט אַן אויס־וועג. — „איך בין אַרויס זוכן די שאָף, — האָט זי געזאָגט — כ'האָב געזען אַז זי איז ווידער נישטאָ. דאַן איז איינער פון די אַרבעטער אונטערגעקומען און מיר געהאָלפן זוכן. מיר האָבן זיך ערשט געהאַט צוגעזעצט, ווי דו ביסט אָנגעקומען. וואוהין גייסטו איצט?"

— איך? איכ'ל גיין אויסזוכן די שאָף.

— ניין, דו גיי שלאָפן. אויב שוין גיין זוכן וועל איך גיין. דו

דאַרפסט זיך אויסרוען. און די שאָף, זי קאָן בלייבן וואו זי איז — ס׳איז נישט דאָס ערשטע מאָל.

— און פּאַרציקט ווערן פון אַ ווילדער חיה? — האָט יצחק געזאָגט און זיך געלאָזט גיין.

אינגער איז אים נאָכגעלאָפן. — ניין, דו וועסט נישט גיין, — האָט זי נעזאָגט. — דו דאַרפסט זיך אויסרוען, איך׳ל גיין.

יצחק האָט נאָכגעגעבן. אָבער זאָל זי אויך נישט גיין. און זיי זענען ביידע אַריין אין שטוב.

אינגערן איז פּלוצלינג איינגעפאַלן נאָך אַ קוק צו טון צו די קינדער; און דערנאָך איז זי אַריין אין צימער און צו צום בעט, אַקוראַט ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט געשען. זי האָט אפילו געפּרוווט צערטלען זיין מיט יצחקן, — ווי זי וואָלט דערוואַרט פון אים מער ליבע היינט ווי ווען-נישט-איז פריער — נאָך דעם ווי זי האָט אים אַלץ דערקלערט אַזוי פשוט און פּראָסט. נאָר ניין, יצחקן איז נישט אַזוי לייכט איינצונעמען; ער וואָלט זי בעסער געוואָלט זען דורכאויס אין צער, פאַרצווייפלט, און חרטהדיק. יאָ, דאָס וואָלט געווען בעסער. וואָס קומט אַרויס, וואָס זי האָט זיך אויף אַ רגע דערשראָקן, ווען ער האָט זי געטראָפן אין וואַלד — אַז זי האָט אַזוי גיך שוין פאַרגעסן.

אויף מאָרגן — דאָס איז געווען זונטיק — האָט יצחק אויך דעם גאַנצן טאָג נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון מחילה. ער איז אַרויס פון שטוב, געווען אין זעגמיל, אַוועק אויף די פעלדער, מיט די קינדער ביי דער זייט אָדער אַליין. אינגער האָט געפּרוווט איינמאָל מיטצוגיין, נאָר יצחק האָט זיך אָוועקגעדרייט: — „איך דאַרף צוגיין צום טייך עפּעס זען דאָרטן...״ — ס׳איז געווען קענטיק, אַז עפּעס נאָגט אים אין האַרצן, נאָר ער האָט געליטן שווייגנדיק, און גאָרנישט געזאָגט. יאָ, ס׳איז געווען עפּעס גרויסעס אין יצחקן; ווי דאָס פאָלק ישראל, וואָס וואַרט אויף דער גאולה, כסדר אומזיסט, און פאַרלירט דאָך נישט דאָס גלויבן.

מאָנטיק איז די אָנגעצויגנקייט שוין געווען ווייניקער קענטיק, און אין משך פון אַ פּאָר טעג איז דער רושם פון יענעם אומגליקלעכן שבת אַלץ בלאַסער געוואָרן. די צייט קען פאַרהיילן אַ סך זאַכן; מיט קלייניקייטן, מיט עסן און שלאָפן היילט זי אַלץ וואונדן. נאָך אַלעמען איז יצחקס צרה נישט געווען אַזוי גרויס. ער איז אפילו נישט זיכער געווען,

אַז מען האָט אים טאַקע אָפּגענאַרט. און חוץ דעם האָט ער געהאַט גענוג אַנדערע זאַכן וועגן וואָס צו טראַכטן — דער שניט איז שוין געווען אונטער דער נאָז און דער עיקר, וואָס די טעלעגראַף־ליניע איז שוין געווען באַלד אינגאַנצן פאַרענדיקט, און אין גיכן וועט ווידער ווערן שטיל און רויק. אַ ברייטער, ליכטיקער וועג האָט איצט דורכגעשניטן דעם פינסטערן וואַלד; סלופּעס מיט דראָטן האָבן זיך געצויגן איבערן גאַנצן וועג, איבער די בערג.

דעם צווייטן שבת, וואָס איז שוין געווען דער לעצטער אויסצאָלן שכירות, האָט יצחק אויסגעמיטן צו זיין אינדערהיים — אַזוי האָט ער געוואָלט. ער איז אַראָפּגעגאַנגען אין דאָרף מיט קעז און פּוטער און צוריקגעקומען ערשט זונטיק אויפדערנאַכט. די אַרבעטער האָבן שוין געהאַט אַלע פאַרלאָזט דעם שייער; ס'הייסט כמעט אַלע; דער לעצטער אַרבעטער האָט זיך פּונקט אַרויסגעשאַרט פון הויף מיט זיין פּעקל אויפן אַקסל. אָבער אַז נישט אַלץ איז געווען כשורה, האָט יצחק געקענט באַמערקן, — ווייל ס'איז געווען איבערגעלאָזט אַ פּעקל אין שייער. וואו דער אייגנטימער פון פּעקל איז, האָט ער נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסן, נאָר דאָרטן איז געלעגן אַ שפּיציק היטל — אַ פאַרדעכטיקער סימן.

יצחק האָט דאָס פּעקל אַרויסגעשמיסן אויפן הויף, נאָכגעוואָרפן דאָס היטל און פאַרמאַכט דעם שייער. דערנאָך איז ער אַריין אין שטאַל און אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. — זאָל דאָס פּעקל ליגן דאָרטן און זאָל דאָס היטל זיך וואַלגערן. אַלצאיינס וועמעס דאָס איז. אַ מיאוס פּעקל — אַזוי האָט ער געטראַכט. נאָר ווען דער יונג קומט איצט נאָך זיין פּעקל וועט יצחק אַרויסגיין און אים אָננעמען ביים אָרעם, אַז יענער וועט ווערן גרין און בלוי, און וועט אים טאַקע ווייזן דעם וועג אין דרויסן אַרויס:

יצחק איז אַוועק פונם פענצטער אין שטאַל און אַריין אין קי־שטאַל — ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. דאָס פּעקל איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטריקל, דער יונג האָט אפילו קיין שלאָס נישט געהאַט צו זיין זאַק, און דאָס שטריקל האָט זיך אויפגעבונדן — זאָל ער עס האָבן אַזאַ שטאַרקן שליידער געטון? און יצחק האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי האָט ער געהאַנדלט ריכטיק. אָקאָרשט איז ער געווען אין דאָרף

און דאַרטן געזעצן זיין נייע בראָנע, אַ שפּאָגל־נייע בראָנע, וואָס ער האָט באַשטעלט — אָ, אַ וואונדערלעכע מאַשין, אַ מתנה פון גאָט, און זי איז נאָר וואָס אָנגעקומען. אזא מין מאַשין מוז ברענגען אַ ברכה מיט זיך. און גאָט פון אויבן, וואָס היט אָפּ די טריט פון די מענטשן, קוקט אויף אים אפשר איצט, אין דער רגע, צו זען, אויב ער איז ווערט אַ ברכה אָדער נישט. יצחק האָט אַ סך געטראַכט וועגן גאָט; יאָ, ער האָט געזען גאָט מיט זיינע אייגענע אויגן, איינמאָל ביינאַכט אין וואַלד; דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכע זעונג.

יצחק איז אַרויס אויפן הויף און געשטאַנען איבערן פרעמדן פעקל. ער האָט נאָך אַלץ געצווייפלט, ער האָט פאַרוקט דאָס היטל אויף אַ זייט און זיך געקראַצט אין קאָפּ, און דערביי אויסגעזען זאָרגלאָז און הפקר־דיק, ווי אַ שפּאַניער. און ער האָט אוודאי געמוזט טראַכטן: אָט שטיי איך דאָ, גאָר נישט קיין פיינער מאַן, אַ הונט בין איך! — און ער האָט דאָס פעקל גוט צונויפגעבונדן, אויפגעהויבן דאָס היטל און צוריק אַריינגע־טראָגן אין שייער אַריין. די זאַך איז געווען אָפּגעטון.

אַז ער איז אַרויס פון שייער און זיך געלאָזט צו דער מיל — אַוועק פונעם הויף, אַוועק פון אַלצדינג — האָט אינגער זיך נישט גע־וויזן אין פענסטער פון הויז, ניין. גוט, זאָל זי זיין וואו זי וויל — מסתמא איז זי שוין אין בעט — וואו דען זאָל זי זיין? אָבער אין די אַלטע צייטן, אין יענע ערשטע אומשולדיקע יאָרן, האָט אינגער קיינמאָל נישט געקענט רוען, נאָר אויפגעווען גאַנצע נעכט וואַרטנדיק אויף אים, ווען ער פלעגט דאַרפן קומען פון דאָרף. איצט איז אַנדערש, אַנדערש אין יעדן פרט. אָט, למשל, ווען ער האָט איר געגעבן דאָס פינגערל, האָט נאָך געקענט זיין אַ גרעסערער דורכפאַל? יצחק איז געווען ערלעך, באַשיידן און אַפילו נישט געוואָלט דערמאַנען דאָס וואָרט: אַ גאָלדנס. ער האָט בלויז געזאָגט: „נישט קיין איבעריק חשובע זאַך, נאָר דו וואָלסט עס געמעגט אָנטון אויף דיין פינגער, זען צי ס'פּאַסט דיר."

— איז עס אַ גאָלדנס?

— יאָ, נאָר נישט קיין איבעריק שווערס, — האָט ער גע־זאָגט.

און דאָ וואָלט זי געווען באַדאַרפט ענטפערן: ס'איז גענוג שווער, —

נאָר אָנגעטאָט דעם האָט זי געזאָגט: — יאָ, — ס'איז נישט זייער שווער, נאָר ס'מאַכט נישט אויס.

— האָב עס צווישן די קליינינקייטן, — האָט ער צום סוף אַרויס-געזאָגט א דערשלאָגענער.

נאָר אינגער איז דווקא צופרידן געווען מיטן פינגערל, עס גע-טראָגן אויף איר רעכטער האַנט, און ס'האָט געגלאַנצט בשעת זי האָט גענייט. פון צייט צו צייט פלעגט זי עס געבן די דאַרפסמיידלעך אָנצו-מעסטן און טראָגן עס אַ ביסל אויף זייערע פינגער, ווען זיי פלעגן אַרויפ-קומען צו איר נאָך עפעס אַן עצה: נאַרישער יצחק — ווי האָט ער נישט פאַרשטאַנען, אַז איר פרייד איבערן פינגערל האָט גאָר קיין גרענעץ נישט!...

ס'איז אים דערעסן געוואָרן צו זיצן איינער אַליין אין מיל, און הערן דאָס רוישן פון וואַסערפאַל די גאַנצע נאַכט. ער האָט דאָך קיין שום שלעכטס נישט געטון; און ער האָט נישט געהאַט צוליב וואָס זיך אויסצובאַהאַלטן. האָט ער פאַרלאָזט די מיל, דורכגעקרייצט די פעלדער און אַוועק אַהיים — אין שטוב אַריין.

און דאָ האָט יצחקן אַרומגעכאַפּט אַ בושה, אַ בושה און אַ פרייד. ברעד אָלסען איז געזעסן, זיין שכן, און נישט קיין אַנדערער; געזעסן און געטרונקען קאַווע. און אינגער איז אויפגעווען; ביידע זענען זיי גע-זעסן ביים טיש, שטיל גערעדט און געטרונקען קאַווע.

— אָט איז יצחק, — האָט אינגער מונטער געזאָגט, און זיך אויפ-געהויבן און אָנגעגאָסן אַ קריגל קאַווע פאַר אים.

— „גוטן אָוונט“, — האָט אויך ברעד זיך פריינטלעך אָנגערופן.

יצחק האָט פאַרשטאַנען, אַז ברעד האָט פאַרבראַכט דעם אָוונט מיט די טעלעגראַף-אַרבעטער, די לעצטע נאַכט איידער זיי זענען אַוועק-געגאַנגען; זיין פנים האָט אויסגעזען מיד, נאָר ער איז געווען פריינט-לעך און גוט געשטימט. ער האָט אַ ביסל מגזם געווען, ווי זיין טבע איז געווען: קיין צייט נישט געהאַט אפילו צו פאַרנעמען זיך מיט דער טעלע-גראַף-אַרבעט, ער האָט גענוג געאַרבעט ביי זיך אין הויף, — נאָר ער האָט נישט געקענט אָפּזאָגן דעם אינזשעניער, ווען יענער האָט אים אַזוי שטאַרק געבעטן; און דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס ער האָט אָנגע-נומען דעם אַמט פון אַ משגיח אויף דער ליניע; נישט צוליבן געלט,

פאַרשטייט זיך, ער קען פאַרדינען אַ סך מער אין דאָרף, נאָר ער האָט נישט געקענט אָפּזאָגן. און זיי האָבן בײַ אים אויפגעהאָנגען עפּעס אַ מאָדנע מאַשינקע אויף דער וואַנט, אַליין אַ מין טעלעגראַף כמעט.

געוויס, ברעד איז געווען אַ באַרימער און אַ פּויליאַק, נאָר יצחק האָט פונדעסטוועגן נישט געטראָגן קיין כעס אויף אים איצט; ער איז געווען שטאַרק צופרידן — צו טרעפן זיין שכן אין הויז, איידער אַ ווילד-פרעמדן, יצחק האָט געהאַט אין זיך פויערישע קאָלטבלוטיקייט, פּראָסטקייט, שטאַנדהאַפטיקייט און לאַנגזאַמקייט; ער האָט געשמועסט מיט ברעדן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו זיין איבערפלעכלעכקייט.

— „הייסטו נאָך אַ קריגעלע קאַווע פאַר ברעדן?“ — האָט ער גע-פרעגט אינגערן און יענער האָט אָנגעגאָסן.

אינגער האָט גערעדט וועגן אינזשיניער, אַ גוטער מענטש ביז גאָר; זיך צוגעקוקט צו די קינדערס צייכענונגען און שרייבן, און אפילו גע-זאָגט עפּעס וועגן מיטנעמען אלישען מיט זיך, ער זאָל אַרבעטן ביי אים.

— אַרבעטן ביי אים? — האָט יצחק געפרעגט.

— יאָ, אין שטאָט. ער זאָל זיין אַ שרייבער ביי אים אין ביוּ-ראָ — ווייל אים זענען שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם יינגלס צייכענען און שרייבן.

— האָ! — האָט יצחק געזאָגט.

— און וואָס זאָגסטו צו דעם? ער האָט געזאָגט, ער וועט אים קאָנפירמירן אויך. עס איז אַן ענין מיין איך?

— יאָ, אַ גרויסע זאַך, אוודאי, — האָט ברעד געזאָגט. — און אַז דער אינזשיניער זאָגט עפּעס צו, וועט ער עס טון. איך קען אים, איר מעגט זיך אויף מיר פאַרלאָזן.

— אויף ווי ווייט איך זע, האָבן מיר נישט קיין איבעריקן אלישען אָפּצושפּאָרן פון דער פערמע, — האָט זיך יצחק אָנגערופן.

נאָך די ווערטער איז געוואָרן אַ געדריקטע שטילקייט. מיט יצחקן איז נישט געווען גרינג צו רעדן.

— אָבער, אַז דאָס קינד אַליין וויל זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן, — האָט אינגער צולעצט געזאָגט. — און ער איז צו דעם פעיק אויך.

ווידער שטיל.

דערנאָך האָט ברעד געזאָגט מיט אַ געלעכטערל: — ווען ער וואָלט נאָר געבעטן איינעם פון מיינע. איך האָב זיי גענוג. באַרבראַ אָבער איז די עלטסטע און זי איז אַ מיידל.

— און אַ גוט מיידל דערצו, — האָט אינגער פון העפלעכקייט וועגן צוגעגעבן.

— יאָ, איכ׳ל נישט זאָגן ניין, — האָט ברעד געזאָגט — באַרבראַ איז אַ גוט מיידל און אַ קלוגע — זי גייט איצט דינען ביים לענס־מאַנד.

— ביים לענסמאַנד?

— איך האָב זי געמוזט אָפּלאָזן — זיין פרוי האָט אַזוי שטאַרק געבעטן, אַז איך האָב נישט געקאָנט אָפּזאָגן.

ס׳איז שוין באַלד געווען אינדערפרי, און ברעד האָט זיך אויפגע־הויבן.

— איך האָב איבערגעלאָזט אַ פעקל מיט מיין היטל אין אייער שייער, — האָט ער געזאָגט. — אויב די אַרבעטער האָבן עס נאָר נישט פאַרשלעפט — האָט ער צוגעגעבן וויצלדיק.

## XIV

און די צייט איז זיך געגאַנגען.

— יאָ, אָלישע איז טאַקע אָפּגעשיקט געוואָרן אין שטאָט אַריין; אינגער האָט אירס אויסגעפירט. ער איז דאָרט אָפּגעווען אַ יאָר, דערנאָך איז ער קאָנפירמירט געוואָרן, און דאַן געוואָרן אַ שרייבער ביים אינזשיניער אין ביוראָ, און זיך מער און מער פאַרפולקומט אין שרייבן. צו זען די בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אַהיים — אַ־מאָל מיט רויטן, אַמאָל מיט שוואַרצן טינט, אמתע בילדער; און די שפּראַך, די ווערטער, וואָס ער האָט באַנוצט! ווען־נישט־ווען האָט ער געבעטן געלט, אַ קליינע שטיצע, אַ זייגערל מיט אַ קייטעלע מוז ער האָבן, כדי נישט צו פאַרשלאָפן זיך אינדערפרי און נישט פאַרשפּעטיקן אין ביוראָ; געלט אויף אַ ליולקע מיט טאַבאַק אויך, ווי די אַנדערע ביוראָ־שרייבער האָבן. און ווייטער, פאַר אַזאַ זאַך, וואָס ער האָט עס אָנגערופן קעשענע־געלט, קליינגעלט, און פאַר נאָך אַן אַנדערער זאַך, וואָס הייסט אָוונט־שול, וואו ער מוז זיך לערנען צייכענען און גימנאַסטיק און אַנדערע זאַכן, נאָך זיין שטאַנד און ראַנג נאָך. אַלץ צוזאַמען — איז עס געווען נישט קיין לייכטער ענין אויסצוהאַלטן אלישען אין שטאָט.

— קעשענע־געלט? — האָט יצחק געזאָגט — איז עס אפשר געלט צו האַלטן אין קעשענע?

— דאָס קען עס אוודאי זיין, — האָט אינגער געזאָגט — כּדי נישט אַרומצוגיין אינגאַנצן אָן געלט. און ס'איז נישט קיין סך; בלויז אַ דאָלער ווען-נישט-ווען.

— יאָ, — האָט יצחק שטרענג געזאָגט — אַ דאָלער היינט און אַ דאָלער מאָרגן... — זיין שטרענגקייט האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס אלישע האָט אים געפעלט, און ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל צוריקקומען אַהיים — ס'נעמט זיך אָן אַ סך דאָלערס מיט דער צייט — האָט ער ווייטער גערעדט — איך פאַרמאָג נישט; דו מוזסט אים שרייבן, אַז ער מוז זיך באַגיין אָן דעם.

— האַ, זייער גוט! — האָט אינגער געזאָגט מיט אַ באַליידיקטן טאָן.

— אָט סיווערט — וואָס פאַר אַ קעשענע-געלט קריגט ער?

— אינגער האָט געענטפערט:

— דו ביסט קיינמאָל נישט געווען אין קיין שטאָט און דערפאַר ווייסטו נישט די אַלע זאַכן. סיווערט דאַרף נישט קיין קעשענע-געלט. און חוץ לזה, וועט סיווערטן נישט פעלן קיין געלט נאָך זיין פעטער סיווערטס טויט.

— דו קענסט נישט וויסן.

— איך ווייס שוין גראָד יאָ.

און דאָס איז געווען ביז אַ געוויסן גראַד ריכטיק; דער פעטער סיווערט האָט טאַקע געזאָגט עפּעס וועגן מאַכן דעם קליינעם סיווערט פאַר זיין יורש. דער פעטער סיווערט האָט געהערט וועגן אלישען און וועגן זיינע גרויסאַרטיקע מעשים אין שטאָט. און דאָס איז אים נישט געווען געפעלן; ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרביסן די ליפּן און אַרויסגעשטאַמלט, אַז אַ פלימעניק, וואָס טראָגט זיין נאָמען — דעם פעטער סיווערטס נאָמען — וועט נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם. אָבער וואָס איז דאָס געווען פאַר אַן אוצר, וואָס דער פעטער סיווערט האָט עס געזאָלט פאַרמאָגן? האָט ער טאַקע באמת, אַ חוץ זיין פאַרנאַכלעסיקטער פערמע אין פיקעריי, נאָך אַ גאַנצן באַרג מיט געלט, ווי מען דערציילט? קיינער האָט עס נישט געוואוסט. און דערצו איז דער פעטער סיווערט אַן איינגעשפּאַרטער מענטש; ער האָט נישט אַנדערש פאַרלאַנגט, אַז דער קליינער סיווערט זאָל קומען און זיין מיט אים. ס'איז געווען אַ פראַגע

פֿון כּבֿוד פֿאַר אים; ער האָט געוואָלט נעמען דעם קליינעם סיוּוערט צו זיך, אַזוי ווי דער אינזשיניער האָט גענומען אַלישע׳ן.

נאָר ווי אַזוי האָט עס געקענט מעגלעך זיין? אַוועקשיקן דעם קליינעם סיוּוערט פֿון דער היים? — די איינציקע הילף, וואָס יצחקן איז איצט פֿאַרבליבן. דאָס יינגל אַליין, ווידער, האָט אויך נישט געהאַט קיין חשק צו בלייבן ביי זיין באַרימטן פֿעטער; ער האָט עס שוין פּרובירט אַמאָל און צוריקגעקומען גערן אַהיים. ער איז שוין קאָנפֿירמירט געוואָרן, און היבש אויסגעוואַקסן; פֿוך האָט זיך באַוויזן אויף זיינע באַקן. און געזונטע הענט האָט ער געהאַט, באַדעקטע מיט מאָזאָליעס. ער האָט געאַרבעט ווי אַ דערוואַקסענער מאַן.

יצחק וואָלט באַין אופֿן נישט געווען געקענט אַליין, אָן סיוּוערטן, אויסבויען דעם נייעם שייער. אָט שטייט ער איצט פֿאַרטיק, מיט אַ בריק־וועג און לופֿט־לעכער, די גרויס אַזוי ווי דער שייער אין דאָרף. אמת, ער איז געווען נאָר באַדעקט מיט ברעטער, אָבער אויסערגעוויינטלעך פֿעסט געבויט, מיט אייזערנע קלאַמערן אין די ווינקלען, געדעקט מיט צאָל־דיקע ברעטער פֿון דער אייגענער זעגמיל. און סיוּוערט האָט מער ווי איין טשוואָק אַריינגעשלאָגן ביי דער אַרבעט, געהויבן די שווערע קלעצער פֿאַר דער ראַם, אַז ער האָט זיך שיִער נישט אונטערגעריסן. סיוּוערט איז גוט אויסגעקומען מיט זיין פֿאָטער און געאַרבעט גלייך מיט אים; ער איז געווען טאַקע געראָטן אין אים. אַז ער האָט באַדאַרפֿט גיין אין קירכע, איז אים אויך גענוג געווען, אַרויפֿצוקריכן אויפֿן באַרג און זיך איינרייבן מיט אַ ביסל ווערימקרויט, עס זאָל שמעקן פֿון אים. אַ ביסל מער פֿאַרלאַנגען האָט שוין געהאַט די קליינע לעאָפּאָלדינע; פֿאָרט אַ מיידל, און דערצו אַ בת יחידה. יענעם זומער האָט זי מיטאַמאָל אויסגעפֿונען, אַז זי קען נישט עסן אין אָוונט די קאַשע אָן צוקער־סיראָפּ. אָבער פֿעטער איז זי דערפֿון נישט געוואָרן. און קיין גרויסע הילף ביי דער אַרבעט האָט מען פֿון איר אויך נישט געהאַט.

אינגער האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעזאָגט פֿונעם געדאַנק צוצונעמען אַ דינסט אין שטוב אַריין; זי האָט יעדן פֿרילינג פֿון ס׳ניי אויפֿגעהויבן די פֿראַגע, און יעדעס מאָל איז יצחק איינגעעקשנט געווען וועגן דעם, וויפֿיל קליידער זי וואָלט געקענט צושניידן און אויפֿנייען, און אויסהעפֿטן שטעקשיך, און וועבן, ווען זי וואָלט נאָר געהאַט צייט! לעצטנס

איז אויך יצחק געוואָרן ווייניקער איינגעשפּאַרט, הגם ער האָט נאָך אונ-טערגעמורמלט. האָ, דאָס ערשטע מאָל! דאַמאָלס האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה וועגן דעם; נישט אַזוי מחמת יושר און פאַרשטאַנד, אויך נישט מחמת גאווה, נאַר, — אָך און אָך! פון שוואַכקייט, פון פאַרדרוס, אָבער איצט האָט עס אויסגעזען, ווי ער וואָלט אַ ביסל נאָכגעגעבן, ווי ער וואָלט זיך געשעמט.

— אויב נעמען אַ דינסט, איז איצט די צייט, — האָט אינגער גע-זאָגט. — אַ פּאָר יאָר שפּעטער וועט שוין לעאָפּאָלדינאַ זיין גענוג גרויס מיר צו העלפן.

— העלפן? — פרעגט יצחק. — נאָך וואָס דאַרפסטו הילף?

— נאָך וואָס? דו האָסט נישט קיין הילף? האָסטו נישט סיווערטן לעבן זיך די גאַנצע צייט.

וואָס האָט יצחק געקענט ענטפערן אויף אַזאַ פּוסטן אַרגומענט: ער האָט געזאָגט: — נו, גוט, ווען דו וועסט שוין האָבן אַ דינסט, וועט איר דאָך מסתמא אַקערן, און זייען, און שניידן, און באַזאָרגן אַלץ אַליין. איך מיט סיווערטן וועלן זיין פריי.

— עס קאָן זיין, — האָט אינגער געענטפערט. — נאָר איך וויל בלויז דאָס זאָגן: אַז איך וואָלט געקענט איצט צונעמען באַרבראָן; זי האָט געשריבן אַ היים וועגן דעם.

— וועלכע באַרבראָ? — האָט יצחק געפרעגט. — ברעדס טאָכטער אפשר?

— יאָ, זי איז אין בערגען איצט.

— איך וויל נישט, אַז באַרבראָ, ברעדס טאָכטער, זאָל קומע[ן] אהער, — האָט ער געזאָגט. — ווען דו זאָלסט נישט צונעמען, נאָר זי וויל איך נישט האָבן.

— נו, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט, ער וויל נאָר נישט באַרבראָן; אָבער ער זאָגט שוין נישט, אַז זיי דאַרפן נישט קיין דינסט.

באַרבראָ פון ברייךאָבליק איז נישט געווען פון דעם מין מיי-לעך, וואָס זאָל געפעלן. זי איז געווען איבערפלעכלעך און לייכטזיני[ג] ווי איר פאָטער — אפשר אויך ווי איר מוטער — אַ נאָכלעסיקע בריאה, אָן אַ פעסטן כאַראַקטער, זי האָט זיך נישט געהאַלטן לאַנג ביים לענ[ס]מאַנד, נאָר איין יאָר. נאָך איר קאָנפירמאַציע איז זי געגאַנגען דינ[ען]

ביים קרעמער, און דאָרטן אויך אָפּגעוועזן נאָר אַ יאָר. דאָ איז זי מיט־אַמאָל געוואָרן פרום־רעליגיעז און ווען די „רעטונגס־אַרמיי״ איז אָנגעקומען אין דאָרף אַריין, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין איר און אַרומגעגאַנגען מיט אַ רויטן באַנד איפּן אַרבל און מיט אַ גיטאַרע אין דער האַנט. זי איז אַוועק קיין בערגען און מיטן קרעמערס שיף — דאָס איז געווען פאַראַיאָרן. און זי האָט ערשט געהאַט צוגעשיקט אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך צו אירע עלטערן אין ברייזדאַבליק. יצחק האָט דאָס בילד געזען; אַ מאָדנע יונגע פרוי מיט געקרייזלטע האָר, און מיט אַ לאַנגער קייט פון אַ זייגערל איבער דער ברוסט. די עלטערן זענען געווען שטאָלץ מיט זייער קליינער באַרבראַ, און יעדן איינעם געוויזן דאָס בילד; גרויסאַרטיק ווי זי האָט מצליח געווען. און — שוין אָן דעם רויטן באַנד און אָן דער גיטאַרע.

— כ'האָב מיטגענומען דאָס בילד און עס געוויזן דעם לענסמאַנדס פרוי, — האָט ברעד געזאָגט, — זי האָט זי גאָרנישט דערקענט.

— זי פאַרבלייבט אין בערגען? — האָט יצחק פאַרדעכטיק געפרעגט.

— אויב זי וועט נישט אַוועקפאָרן קיין קריסטיאַניאַ. אפשר, — האָט ברעד געזאָגט. — וואָס וואָלט זי דאָ געטון? זי האָט איצט אַ נייע שטעלע, אַלס שטוב־אויפזעערין ביי צוויי ביוראָ־שרייבער, בחורים, און זיי באַצאָלן איר גוט.

— וויפיל? — האָט יצחק געפרעגט.

— זי שרייבט נישט גענוי וויפיל. נאָר ס'מוז זיין עפּעס אַנדערש פון דעם, וואָס מען צאָלט דאָ. דאָס איז זיכער. זי קריגט ווייַנאַכטן־מתּנות און געבורטסטאָג־מתּנות און אַנדערע נאָך, און ס'ווערט איר גאָרנישט אַראָפּגערעכנט פון די שכירות.

— האַ! — האָט יצחק געזאָגט.

— איר וואָלט זי אפשר געוואָלט האָבן ביי זיך אויף דער פערמע? — האָט ברעד געפרעגט.

— איך? — האָט יצחק געזאָגט אינגאַנצן אַ פאַרוווּנדערטער.

— ניין, אוודאי, הי, הי! כ'האָב נאָר אַזוי געפרעגט. באַרבראַ בלייבט דאָרט, וואו זי איז. וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? איר האָט

גאַרנישט באַמערקט עפּעס אויף דער ליניע גייענדיק אַהער, — אויפן טעלעגראַף?

— אויפן טעלעגראַף? ניין.

— ניין, ניין... קיין זאַך ווערט נישט קאַליע, זינט איך האָב דאָס איבערגענומען. און חוץ דעם האָב איך מיין אייגענע מאַשינקע צו לאָזן וויסן אויב עפּעס געשעט, איך׳ל דאַרפן מאַכן אַ שפּאַציר אַרויפצו אין איינעם פון די טעג און זען ווי ס׳האַלט דאָרטן. איך האָב צופיל צו באזאָרגן און אכטונג צו געבן, ס׳איז אַרבעט מער ווי פאַר איין מענטש. נאָר אַזוי לאַנג ווי איך בין אינספּעקטאָר און האַלט אַן אָפיציעלן אַמט, קאָן איך נישט פאַרנאַכלעסיקן מיינע פליכטן. ווען איך וואָלט נישט געהאַט דעם טעלעגראַף, פאַרשטייט זיך...

— פאַרוואָס? — האָט יצחק געפרעגט. — איר האָט בדעה זיך אַפּזאָגן?

— איך ווייס נאָך נישט באַשטימט, — האָט ברעד געענטפערט. — איך האָב נאָך נישט באַשלאָסן. זיי ווילן, איך זאָל זיך צוריק באַזעצן אין דאָרף.

— ווער וויל עס? — האָט יצחק געפרעגט.

— אַ, אַלע. דער לענסמאַנד וויל מיך צוריק פאַר אַ געהילף, און דער דאָקטאָר וויל, אַז איך זאָל מיט אים אַרומפאָרן, און דעם פאַסטאָרס פרוי האָט שוין אויך נישט איינמאָל געזאָגט, אַז זי וואָלט געמוזט האָבן מיין הילף, ווען ס׳וואָלט נישט געווען אַזוי ווייט פון דאָרף ווי איז דאָס געווען מיט יענעם שטיק באַרג, יצחק, — וואָס איר האָט פאַרקויפט? האָט איר טאַקע באַקומען פאַר אים אַזוי פיל, ווי מען זאָגט?

— יאָ, ס׳איז נישט קיין ליגן, — האָט יצחק געענטפערט.

— אָבער נאָך וואָס האָט דאָס גייסלער באַדאַרפט? דער באַרג ליגט דאָך דאָרטן אַזוי ווי פריער — אַ מאָדנע זאַך! יאָר נאָך יאָר און גאָרנישט ווערט נישט געטון.

ס׳איז טאַקע געווען מאָדנע; יצחק אַליין האָט זיך אָפט געוווּנדערט; ער האָט גערעדט מיטן לענסמאַנד, זיך נאָכגעפרעגט אויף גייסלערס אדרעס, האָבנדיק בדעה צו שרייבן אים... יאָ, ס׳איז געווען זייער מאָדנע.

— דאָס ווייס איך נישט, — האָט יצחק געזאָגט.

ברעד האָט נישט געמאַכט קיין סוד פון זיין אינטערעס אין דעם ענין. — עס זענען דאָך אויבן פאַראַן נאָר אַ סך אַזעלכע בערג, ווי דיינער, — האָט ער געזאָגט. — ס'קען זיין, אַז דאָרטן ליגן באַגראָבן אוצרות און מיר דאָ גייען אַרום ווי שטומע חיות און ווייסן גאָרנישט וועגן דעם. איך וויל טאַקע אַרויפגיין אַליין אַמאָל זען.

— ווייסט איר דען עפּעס אויף מעטאַלן און שטיינער? — האָט יצחק געפרעגט.

— איך ווייס אַ ביסל; און איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי אַנדערע. יעדנפאַלס מוז איך עפּעס געפינען; איך קען נישט לעבן און אונדז אַלעמען אויסהאַלטן פון דעם ברעקל פערמע. ס'איז פּשוט אוממעגלעך. ביי אייך איז געווען אַנדערש. איר האָט געהאַט אַזוי פיל וואַלד און גוטע ערד. און דאָס איז נאָר זומפּלאַנד.

— זומפּלאַנד איז גענוג גוטע ערד, — האָט יצחק קורץ אַ זאָג געטון. — איך האָב אויך זומפּ-באָדן.

— אָבער ס'איז אוממעגלעך אויסצוטריקענען דעם באָדן, — האָט ברעד געזאָגט.

אין דער אמתן, איז דאָס נישט געווען אוממעגלעך. גייענדיק יענעם טאָג אַראָפּ מיטן וועג, האָט יצחק באַמערקט נייע שטיקער וואַנד אָפּגערייניקט; צוויי זענען געווען אַראָפּצו, נענטער צום דאָרף, נאָר איין שטיק איז געווען ווייטער, אַרויפצו, צווישן ברייטאַבליק און סעלאַנראַאַ — מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן אָט דאָס פאַרוואָרפענע לאַנד; אין יענער צייט, ווען יצחק איז דער ערשטער אַרויפגעקומען אַהער, איז דער באָדן געלעגן אינגאַנצן וויסט. די דריי נייע תושבים זענען געקומען פון אַן אַנדער געגנט; מענטשן מיט פאַרשטאַנד, ווי ס'האָט אויסגעזען. זיי האָבן נישט אָנגעהויבן פון לייען געלד אויף צו בויען אַ הויז; ניין, זיי זענען אַראָפּגעקומען דאָס ערשטע יאָר, אָפּגעטון די גראָבע אַרבעט און צוריק פאַרשוואונדן, ווי זיי וואָלטן געשטאָרבן. און דאָס איז געווען דער ריכטיקער אופן: צוערשט צעגראָבן, דערנאָך אַקערן און זייען. יצחקס נאָענטסטער שכן איז איצט געווען אַקסל שטרעם, אַ קלוגער יונג, נישט קיין פאַרהייראַטער, פון העלגעלאַנד. ער האָט אַנטליִען ביי יצחקן די נייע בראָנע אויפצובראָכן זיין ערד און ערשט אויפן צווייטן יאָר האָט האָט ער זיך אויפגעשטעלט אַ היי-קאַמער און אַ שטיבל פון טאָרף פאַר

זיך און פאַר אַ פּאָר בהמות. ער האָט זיין אָרט געווּפן לבנה־לאַנד, ווייל ס'האָט אויסגעזען זייער שיין בײַ לבנה־שיין. ער האָט נישט געהאַט קיין פרוי אַרויסצוהעלפן אים, און דאָ איז געווען שווער צו קריגן הילף זומערצייט, נאָר ער האָט באַוויזן דורכצוקומען. נישט ווי ברעד אַלסען האָט געטון, — פריער פאַר אַלץ אויסבויען פאַר זיך אַ הויז און אַראָפּקומען מיט אַ גרויס הויז־געזונט און קליינע קינדער, אָן ערד און אָן בהמות, וואָס זאָלן זיי שפּייזן. וואָס האָט ברעד אָלסען געוואוסט וועגן אויסטריקענען זומפּלאַנד און אויפברעכן נייע ערד?

ברעד האָט נאָר געוווּסט ווי אַזוי צו פטרן צייט, דאָס האָט ער געוווּסט. ער איז טאַקע פאַרבייגעגאַנגען סעלאַנראַאַ איין טאָג, גייענדיק אַרויף אין די בערג צו זוכן טייערע שטיינער. ער איז צוריקגעקומען דעמזעלבן אָוונט: ער האָט נישט געפונען גאָרנישט: בלויז געווייסע סימנים — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער ער וועט איינגיכן אַרויפקומען נאָכאַמאָל און דורכגיין די בערג גרינטלעך, אין דער ריכטונג צו שוועדן צו.

און אוודאי איז ברעד אַרויפגעקומען נאָכאַמאָל. ער האָט זיך די זאַך ערנסט אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין; און סיי ווי, זאָגט ער, דאַרף ער דעם טעלעגראַף איבערקוקן אויף דער גאַנצער ליניע. דערווייל האָט זיין פרוי מיט די קינדער אַכטונג געגעבן אויף דער פערמע, אָדער געלאָזט זי זאָל אַכטונג געבן אויף זיך אַליין. יצחקן האָבן שוין דערעסן ברעדס וויזיטן און ער פלעגט אַרויסגיין פון שטוב, ווען יענער איז געקומען; דאַן פלעגן אינגער און ברעד זיצן אַליין און פירן האַרציקע שמועסן. וועגן וואָס אַ שטייגער האָבן זיי עס אַזוי פיל צו רעדן? ברעד איז אָפט געגאַנגען אין דאָרף אַריין און שטענדיק געהאַט נייעס צו דערציילן פון די דאָרטיקע גרויסע לייט; אינגער, ווידער, האָט שטענדיק געקאָנט רעדן וועגן איר באַרימטער נסיעה קיין טראָנדהיים און וועגן איר זיין דאָרטן. זי איז געוואָרן ריידעוודיק פאַר די יאָרן, וואָס זי איז געווען אַוועק פון דאַנעט, און שטענדיק גרייט צו פאַרפירן אַ שמועס. ניין, ס'איז שוין נישט די אויפריכטיקע און איינפאַכע אינגער פון אַמאָל.

מיידלעך און פרויען פלעגן נאָך אַלץ אָן אויפהער אַרויפקומען קיין סעלאַנראַאַ, צוצושניידן אַ שטיקל אַרבעט אָדער אָפּשטעפּן אַ לאַנגן זוים אויף דער מאַשין, און אינגער האָט זיי אַלעמען גוט אויפגענומען. אַלײנע

איז א־יך געקומען נאָכאַמאָל, זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, ווייזט או־ס, געקומען צוויי מאָל — אין פרילינג און אין הערבסט; מיט גלאַטע ריי־דעלעך, ווי פוטער און דורך און דורך פאַלש. — בלויז אַראָפּגעקומען זען, ווי עס גייט אייך, — פלעגט זי יעדער מאָל זאָגן. — „און איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך די יינגלעך. איך האָב זיי אַזוי ליב די קליינע מלכים־לעך. יאָ, זיי זענען שוין גרויסע בחורים איצט. נאָר ס׳איז מאָדנע... איך קאָן נישט פאַרגעסן די צייט, ווען זיי זענען געווען קליין און איך האָב אויף זיי אַכטונג געגעבן, און איר בויעט און בויעט ווידער, און מאַכט אַ גאַנצע שטאָט פונם ישוב. איר וועט נאָך אפשר האָבן אַ גלעקל צו קלינ־גען אויך, אויפן דאַך פונם שייער, ווי ביים פּאַסטאָר?״

איינמאָל איז אַלינאַ געקומען און מיטגעבראַכט נאָך אַ פרוי מיט זיך, און אינגער האָט מיט זיי וואויל פאַרבראַכט דעם טאָג. וואָס מער מענטשן אינגער האָט געהאַט אַרום זיך, אַלץ מיט מער חשק האָט זי גע־אַרבעט, פלינק שניידנדיק מיט דער שער און פירנדיק מיטן פרעסל. ס׳האָט איר דערמאַנט אינם אָרט, וואו זי האָט זיך דאָס אַלעס אויסגע־לערנט — דאָרטן זענען אַלעמאָל געווען אַ סך מענטשן אין די ווערק־שטאַטן. אינגער האָט נישט געמאַכט קיין סוד פון דעם, וואו זי האָט זיך דאָס אַלץ אויסגעלערנט: אין טראָנדהיים. ס׳האָט כמעט אויסגעזען, ווי זי איז נישט אין קיין תפיסה געווען, נאָר אין אַ שול, אין אַן אינסטיטוט, וואו מ׳קאָן זיך אויסלערנען נייען, און וועבן, און שרייבן, און פאַרבן — אַלץ, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אין טראָנדהיים. זי האָט גערעדט וועגן יענעם אָרט ווי וועגן אַ היים, דאָרטן האָט זי געהאַט אַזויפיל באַ־קאַנטע, — פאַרוואַלטערס און אויפזעערס און דינער; אַז זי איז געקו־מען צוריק אַהיים, איז איר געווען היפּש איינזאַם, שווער געווען צו זיין אָפּגעשניטן פון יענעם לעבן און געזעלשאַפט, צו וועלכן זי האָט זיך צו־געוואוינט. זי האָט זיך אפילו פאַרקילט אויף דאָ אין אָט דער שאַרפער לופט; יאָרן זענען שוין אַריבער, און איר איז אַלץ נאָך שווער צו אַרבעטן אויף דער קעלט אינדרויסן; צוליב דער דרויסנדיקער אַרבעט וואָלט זי איינגנטלעך געמוזט האָבן אַ דינסט.

— גאָט אין הימל, — האָט אַלינאַ געזאָגט — און פאַרוואָס זאָלסטו טאַקע נישט האַלטן קיין דינסט? ביי דיין געבילדעטקייט און ביי אַזאַ גרויס הויז!

אינגערן איז געווען אָנגענעם צו הערן די רייד, און זי האָט נישט דערווידערט. זי האָט געקלאַפּט אויף איר מאַשין, אַז די שטוב האָט זיך אַזש געוויגט, און דאָס רינגל אויפן פינגער האָט געשיינט.

— אָט קאָנסטו זען, — האָט אָלינאַ געזאָגט צו דער צווייטער פרוי. — ס'איז אמת, וואָס איך האָב געזאָגט; אינגער — זי טראָגט אַ גאָלדן רינגל אויף איר פינגער.

— ווילסט עס אָנקוקן? — זאָגט איגנער, און נעמט עס אַראָפּ פון פינגער.

אָלינאַ האָט נאָך אַלץ, ווייזט אויס, געצווייפלט; זי האָט עס געדרייט אין אירע הענט, ווי אַ מאַלפּע אַ נוס, געקוקט אויפן צייכן: — יאָ, ס'איז אַזוי ווי איך האָב געזאָגט; אָ, די אינגער מיט איר האָב און גוטס.

די צווייטע פרוי האָט אויך גענומען דאָס פינגערל, מיט גרויס רעספּעקט, און געשמייכלט הכנעהדיק. — קאָנסט עס אָנטון און טראָגן אַ ביסל, אויב דו ווילסט, — האָט אינגער געזאָגט — האָב קיין מורא נישט, ס'וועט זיך נישט צעברעכן.

אינגער איז ליבנסווירדיק און גוטמוטיק. זי האָט זיי גענומען דערציילן וועגן דעם קאַטעדראַל אין טראָנדהיים און אָנגעהויבן אַזוי: — „איר האָט דאָך גישט געזען דעם קאַטעדראַל אין טראָנדהיים? ניין, איר זענט נישט געווען דאָרטן!" — ווי ס'וואָלט זיין איר אייגענער קאַטעדראַל. זי האָט אים געריסט און געמאָלט זיין הויך און זיין ברייט; ממש אַ וואונדער! פּריסטער האָבן געקאָנט דאָרט שטיין און פריידיקן אַלע מיט איין מאָל און קיינמאָל נישט הערן איינער דעם צווייטן. — און דעם הייליקן אָלאַפס ברונים האָט איר אויך קיינמאָל נישט געזען? אַקוראַט אינמיטן קאַטעדראַל געפינט ער זיך, און ער איז אומענדלעך טיף. ווען מיר זענען אַהין געגאַנגען האָבן מיר יעדערער מיטגענומען אַ שטיינדל מיט זיך און עס אין אים אַריינגעוואָרפן, נאַר ס'האָט קיינמאָל נישט דערגרייכט צום גרונט.

— קיינמאָל גישט דערגרייכט צום גרונט? — האָבן די צוויי פרויען געמורמלט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ.

— און אויסער דעם זענען דאָרטן פאַרהאַן נאָך טויזנטער אַנדערע זאַכן, — האָט אינגער אייסגערופן צופרידן. — דאָרטן שטייט אַ

זילבערנער אַרון, דאָס איז דעם הייליקן אַלאַפּס אָרון, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. נאָר די קליינע מאַרמאָרן-קירכע — אויסגעהאַקט אינגאַנצן פון איין איינציקן שטיין — די האָבן די דענער צוגענומען ביי אונדז אין דער מלחמה. . .

ס'איז שוין געווען צייט פאַר די פרויען אַוועקצוגיין. אַלינאַ האָט אַוועקגענומען אינגערן אָן אַ זייט, זי אַריינגעפירט אין שפּייז-קאַמער, וואו זי האָט געוואוסט, אַז אַלע קעזן געפינען זיך, און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

— וואָס ווילסטו? — האָט אינגער געפרעגט.

— אַלינאַ האָט געשעפּטשעט:

— אָס-אַנדערס, ער וואַגט נישט אַרויפקומען מער אַהער.

— אַזוי! — האָט אינגער געזאָגט.

— איך האָב אים געזאָגט, זאָל ער נאָר וואַגן נאָכדעם, וואָס ער האָט דיר געטון.

— יאָ, — האָט אינגער געזאָגט — אָבער ער איז דאָך שוין געווען דאָ עטלעכע מאָל נאָכדעם, און ער קאָן קומען, אויב ער וויל, איך האָב נישט קיין מורא.

— געוויס — האָט אַלינאַ געזאָגט — נאָר איך ווייס, וואָס איך ווייס, און אויב דו ווילסט, קאָן איך אים אויסגעבן.

— האַ! — האָט אינגער געזאָגט — ניין, דאָס דאַרף מען נישט.

נאָר זי איז נישט געווען אומצופרידן צו האָבן אַלינאַן אויף איר זייט; ס'האָט איר אפילו געקאָסט אַ קעזל, אָבער אַלינאַ האָט איר אָנגע-דאַנקט אַ פולן קאָפּ: — ס'איז אַזוי, ווי איך זאָג שטענדיק: אינגער, אַז זי גיט, גיט זי מיט ביידע הענט; ניין, מעגלעך, אַז דו שרעקסט זיך נישט פאַר אָס-אַנדערסן, נאָר איך האָב אים סיי ווי פאַרזאָגט מער נישט צו קומען אַהער; דאָס ווינציקסטע, וואָס איך האָב געקענט טון פאַר דיר.

דאָ האָט אינגער זיך אָנגערופן:

— און וואָס קאָן מיך אַרן, אַז ער זאָל [illegible]; מער קאָן ער נישט שאַדן.

אַלינאַ האָט אָנגעשפּיצט די אויערן:

— האַ, דו האָסט עפּעס אַ מיטל קעגן דעם?

— איך וועל שוין מער קיין קינדער נישט האָבן — האָט אינ־זער געזאָגט.

— איצט זענען זיי געווען קוויט, יעדע האָט געהאַט אַ גלייכן טרומף: וואָרום אַלינאַ האָט גוט געוואוסט, אַז אָס־אַנדערס דער לאַפּ איז מיט אַ טאָג פריער געשטאָרבן...

און פאַרוואָס זאָל אינגע־ נישט האָבן מער קיין קינדער? זי האָט נישט געלעבט שלעכט מיט איר מאַן, זיי האָבן זיך נישט געקריגט. יע־דערער פון זיי האָט זיך געהאַט זיינע אייגנשאַפטן, אָבער זעלטן ווען זיי האָבן זיך געקריגט, און קיינמאָל נישט אויף לאַנג; זיי האָבן זיך באַלד איבערגעבעטן. און אָפטמאָל פלעגט אינגער פלוצים ווערן די זעלבע וואָס אַמאָל; געשאַ־בעט שווער אין שטאַל אָדער אין פעלד; ווי זי וואָלט מיט אַמאָל צו זיך געקומען, ווידער דערפילט די אַמאָליקע כוחות. אין אַזעלכע צייטן פלעגט יצחק קוקן אויף זיין ווייב מיט דאַנקבאַרע אויגן; ווען ער וואָלט געווען פון דעם סאָרט מענער, וואָס קאָנען באַלד אַרויסזאָגן, וואָס זיי טראַכטן, וואָלט ער אפשר געזאָגט: — „ה־מ. וואָס איז דאָס, טרייבסט שפּאַס, האַ?" אָדער אַנדערע ווערטער פון ליבשאַפט. נאָר ער האָט צו לאַנג געשוויגן, און זיין שבח איז געקומען צו שפּעט. ווען זי וואָלט אַפילו איבער פופציק אַלט געווען, וואָלט זי נאָך געקאָנט האָבן קינדער; בפרט, אַז לויטן אויסזען איז זי נאָך אפשר קיין פערציק נישט אַלט געווען. אַלערליי מינים זאַכן האָט זי זיך אויסגעלערנט אין דער תּפוסה — האָט זי זיך אפשר אויך אויסגעלערנט צו מאַכן קינצן מיט זיך? זי איז צוריקגעקומען אַזאַ געלערנטע נאָך איר לאַנגן זיצן צוזאַמען מיט די אַנ־דערע קינדער־מערדערינס: מעגלעך, אַז די מענער האָבן זי אויך עפּעס אויסגעלערנט — די וועכטער, די דאָקטוירים. זי האָט דערציילט יצחקן, וואָס איינער אַ יונגער מעדיקער האָט געזאָגט וועגן איר קליינעם פאַר־ברעכן: — פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ קרימינעלער פאַרברעכן צו אומ־ברענגען קינדער — אַפילו געזונטע? נאָך אַלעמען זענען זיי דאָך מער נישט ווי שטיקער פלייש?

יצחק האָט געפרעגט; — וואָס? איז ער אַליין אַ חיה רעה געווען?

— ער! — האָט אינגער אויסגערופן און דערציילט, ווי גוט ער איז געווען צו איר; דאָס האָט ער טאַקע געקריגן אַ צווייטן דאָקטאָר צו אָפּערירן איר מויל און זי מאַכן צו לייטן גלייך.

איצט האָט מען אָנגעזען בלויז אַ קליינעם שניט. יאָ, נאָר אַ שניט. און זי איז געוואָרן שיין, אויף איר שטייגער, הויך און נישט דיק, טונקל, מיט געדיכטע האָר. זומער איז זי מערסטנס אַרומגעגאַנגען באָרוועס און מיט אַ קורץ קלייד; אינגער האָט נישט מורא געהאַט צו לאָזן אירע פיס אָפּגעדעקט. יצחק האָט זיי געזען, און ווער האָט זיי נישט געזען!

זיי האָבן זיך נישט געקריגט, ניין, יצחק האָט נישט געהאַט קיין טבע צו קריגן זיך, און זי האָט זיך אויסגעלערנט געשווינד — שכל דיק אָפּצוענטפערן. אויף אַ ערנסטע אמתע קריג האָט יצחק באַדאַרפט ציפיל צייט. ער איז געווען שווער ווי אַ דעמב; און ער פלעגט אינגאַנצן מבולבל ווערן פון אירע רייד, און קוים געקענט עפּעס זאָגן אַליין. אין חוץ דעם האָט ער זי ליב געהאַט — טאַקע שטאַרק ליב געהאַט. און זיך ווערן קעגן אינגערן איז אים אויך אויסגעקומען גאַרנישט אָפּט. אינגער האָט אים געשאַנעוועט; ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מאַן, און זי האָט אים צורו געלאָזט. אויף וואָס האָט זי זיך געקאָנט באַקלאָגן? יצחקן האָט מען נישט געקאָנט פיינט האָבן; זי וואָלט געקאָנט האָבן אַן ערגערן. אַלט, אָפּגעשוואַכט? אמת, ער האָט ווען-נישט-ווען אַרויסגעוויזן סימנים פון מידקייט, נאָר דאָס איז נישט געווען אַזוי ערנסט. ער איז נאָך געווען קרעפטיק און געזונט, פונקט ווי זי, און איצט, אין האַרבסט פון זייער צוזאַמענלעבן, איז ער אַלנפאַלס נישט געווען קעלטער פאַר איר.

אָבער קיין איבעריקער פאַרשוין איז ער אויך נישט, יצחק, ניין, זי איז שענער פאַר אים. אינגער האָט אָפּט געטראַכט וועגן די שענערע מענער, וואָס זי האָט געזען. שיינע מענער מיט שטעקעלעך אין די הענט, מיט טיכעלעך אין אויבער-טאַש און שטייפע קעלנער — אָ, יענע מענער אין שטאָט! און זי איז זיך באַגאַנגען מיט יצחקן לויט זיין שטאַנד. באַהאַנדלט אים נישט מער, ווי ער האָט פאַרדינט; פאָרט מער נישט ווי אַ פויער, אַ וואַלד-מענטש; ווען איר מויל וואָלט פון אָנהייב אָן געווען אַזוי ווי איצט, וואָלט זי אים נישט גענומען פאַר אַ מאַן; דאָס איז איר איצט

געווען קלאָר. ניין, זי האָט געקאָנט באַקומען אַ בעסערן מאַן! די היים, וואָס ער האָט איר געגעבן און דאָס גאַנצע לעבן דאָ, איז געווען נעבעכדיק; זי וואָלט ווייניקסטנס געקאָנט חתונה האָבן מיט עמעצן פון איר אייגן דאָרף און לעבן צווישן שכנים, מיט אַ קרייז פריינט, אַנשטאָט צו לעבן ווי אַ פאַרשיקטע אין ווילדעניש. דאָס איז נישט געווען קיין אָרט פאַר איר מער; זי האָט זיך אויסגעלערנט צו קוקן גאָר אַנדערש אויפן לעבן.

מאָדנע, ווי אַ מענטש קאָן אָנהייבן צו זען זאַכן אַנדערש! אינגער האָט זיך שוין מער נישט געפרייט מיט אַ נייע קעלבל; זי האָט נישט געפּאַטשט מיט די הענט פון התפעלות, ווען יצחק איז אַראָפּגעקומען פון די בערג מיט אַ גרויסן קויש פיש; ניין, זי האָט אָפּגעלעבט זעקס יאָר אין גאָר אַן אַנדערע סביבה. לעצטנס האָט זי אַפילו אויפגעהערט אים רופן צום עסן מיט אַזאַ פריינטלעכקייט ווי פריִער, „דאָס עסן איז פאַרטיק, אפשר וועסטו שוין אַריינגיין?" דאָס איז געווען אַלץ, וואָס זי פלעגט איצטער זאָגן. און עס האָט נישט געקלונגען ליב. לכתחילה האָט יצחק זיך געוואונדערט אויף דער פאַרענדערונג, אויף דעם אופן פון איר רעדן; און ער האָט געענטפערט: — איך האָב נישט געוואוסט, אַז ס'איז שוין פאַרטיק. — נאָר ווען אינגער האָט אָנגעוויזן, אַז ער וואָלט געמעגט נאָך דער זון גאָך וויסן, אַז ס'איז צייט צו עסן, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און מער קיין וואָרט נישט גערעדט.

אַך, נאָר איינמאָל האָט ער זי געפּאַקט און זיך מיט איר שטאַרק אָפּגערעכנט! — דאָס איז געווען, ווען זי האָט געפּרוּווט גנבענען געלט בײַ אים. נישט דערפאַר וואָס יצחק איז געווען אַזאַ קמצן, נאָר — דאָס געלט איז זיינס און געהער נאָר צו אים. האָ, זי האָט געקאָנט פאַרבלייבן אַ קאַליקע אויף אַלע אירע יאָר! און אין דער אמתן, האָט דאָ אינגער גאָרנישט אַרויסגעוויזן אַזאַ פאַרדאָרבנקייט; זי האָט געוואָלט דאָס געלט פאַר אַלישען — פאַרן ליבן אַלישען אין שטאָט. וואָס האָט געבעטן אַ פּאָר דאָלער נאָכאַמאָל. זאָל ער אומגיין מיט ליידיקע קעשענעס דאָרטן צווישן די חברים? איז זי דאָך אַ מאַמע! זי האָט צוערשט געבעטן בײַ יצחקן, נאָר זעענדיק, אַז ס'העלפט נישט, האָט זי גענומען אַליין. צי יצחק האָט געהאַט עפּעס אַ חשד פון פריִער, אָדער ער האָט באַמערקט צופעליק — אָבער ער האָט זי געכאַפּט. און פּלוצים האָט אינגער זיך

דערפילט אַרומגעגומען מיט צוויי הענט, מען גיט זי אַ הייב אויף און אַ וואָרף אויף דער ערד. ס'איז געווען משוגעהדיק, שרעקלעך, אומגעריכט, ווי אַ פּאַל־אַראָפּ פון אַ באַרג. אָ, יצחקס הענט זענען נאָך נישט געווען שוואַך! אינגער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און אַ פאַרציטערטע צוריקגעקערט דאָס געלט.

אפילו דאַן האָט יצחק ווייניק גערעדט, הגם אינגער האָט דאָסמאָל נישט געפּרוּווט אפילו אים איבערשלאָגן. ער האָט בלויז געזאָגט אין איין שטאַרקן שווערן אָטעם: — אַ בייטש דאַרף מען צו דיר, אַנדערש איז נישט אויסצוקומען!

זי האָט אים קוים דערקענט אַצינד. אַ לאַנג אָנגעקליבענע פאַרביטערטקייט האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן אויף דרויסן!

אַ טרויעריקער טאָג, און אַ לאַנגע נאַכט, און נאָך אַ טאָג. יצחק איז אַוועק פון שטוב און געלעגן אינדרויסן, נישט געקוקט וואָס מען האָט גענאַרפט אַריינגענעמען דאָס היי, וואָס האָט זיך געטריקנט; סיווערט איז געווען לעבן אים; אינגער האָט געהאַט די קליינע לעאָפּאָלדינאַ און די בהמות מיט זיך; עלנט איז זי געווען, כמעט די גאַנצע צייט געוויינט און אויף זיך אַליין רחמנות געהאַט. בלויז איינמאָל אין איר גאַנץ לעבן האָט זי זיך אַזוי געפילט ווי איצט: ס'איז געווען דאַמאָלסט, ווען זי איז געלעגן אין בעט און דערשטיקט דאָס ניי־געבוירן קינד.

וואו איז געווען יצחק מיט זיין זון? זיי זענען נישט געזעסן ליידיק; ניין, זיי האָבן צוגעגנבעט אַ טאָג מיט אַ נאַכט פונם היי־שניט און האָבן געמאַכט אַ שיפל אויפן טייך. אַ גראָב און געמיין שיפל, אַוודאי, אָבער פעסט און שטאַרק ווי אַלץ וואָס זיי האָבן געטון. איצט האָבן זיי אַ שיפל, און קאָנען פאָרן כאַפּן פיש מיט נעצן.

ווען זיי זענען אַהיימגעקומען, האָבן זיי געטראָפן דאָס היי טרוקן ווי געווען. זיי האָבן אָפּגענאַרט דעם הימל, זיך פאַרלאָזט אויף אים, און נישט דערלייגט. זיי האָבן נאָך געוואונען. פלוצים האָט סיווערט אויפגעהויבן אַ האַנט און געזאָגט: — האַ! די מאַמע האָט געשניטן היי! — יצחק האָט זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט: — יאָ. ער האָט באַמערקט, אַז אַ טייל היי איז שוין אָפּגעשניטן. איצט האָט אינגער געמוזט זיין אין שטוב. ס'איז אוודאי פון איר זייט געווען אַ גרויסמוטיקייט אַרויסצוגיין;

צום היי, נאָך דעם ווי ער האָט זי נעכטן אַזוי געזידלט. און דאָס היי איז געווען שווער צום שניידן; זי האָט געמוזט אַרבעטן שווער. און דערצו נאָך די אַלע קי און ציגן מעלקן.

— „גיי אַריין עפּעס עסן", — האָט ער געזאָגט צו סיוועריטן.

— און דו גייסט נישט?

— ניין.

אַ ווײַלע שפּעטער איז אינגער אַרויסגעקומען. זי איז געשטאַנען הכנעהדיק אויף דער שוועל און געזאָגט:

— קאָנסט זיך נישט פאַרגינען אַרייגגיין עפּעס עסן?

יצחק האָט נאָר אַ מירמל געטון: — „המ". — אָבער אינגערן הכנעהדיק — האָט ער אַזוי לאַנג שוין נישט געזען, אַז ער איז געווען אַ ביסל גערירט.

— ווען דו וואָלסט געקאָנט אַריינזעצן אַ פּאָר ציין אין מיין גראַבליע, וואָלט איך ווידער געקאָנט אַרויס צום היי, — האָט זי געזאָגט. יאָ, זי איז געקומען צו איר מאַן, דעם אויבער-האַר, בעטן עפּעס. און געווען דאַנקבאַר, אַז ער האָט זיך פון איר נישט אָוועקגעדרייט.

— האָסט שוין געאַרבעט גענוג, — האָט ער געזאָגט. — געשניטן און צונויפגעשאַרט.

— ניין, ס'איז נישט גענוג.

— יעדנפאַלס האָב איך נישט קיין צייט איצט צו פאַריכטן גראַבליעס. זעסט דאָך, אַז עס קלויבט זיך אַ רעגן.

און יצחק איז אַרויס צו זיין אַרבעט.

נאַטירלעך, האָט ער פּשוט געוואָלט שאַנעווען אינגערן. מחמת די פּאָר מינוטן, וואָס ס'וואָלט געווען גענומען אויף צו פאַריכטן די גראַבליע, וואָלטן צען מאָל מער זיך אָפּגעצאָלט מיט אינגערס אַרבעט. אינגער איז פונדעסטוועגן אַרויסגעקומען מיט איר גראַבליע, ווי זי איז געווען, און זיך גענומען פלייסיק צו דער אַרבעט. סיוועריט איז אונטערגעקומען מיט פערד און היי-וואָגן, און אַלע האָבן זיך אַ נעם געטון מיט חשק, דער שווייס האָט פון זיי גערונען, און דאָס היי איז געווען איינגעזאַמלט. דאָס איז געווען אַ גוט שטיקל אַרבעט אָפּגעטון! און יצחק האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרטראַכט איבער דער השגחה פון אויבן, וואָס היט יעדן שריט אונ-

דזערן — פון גנבענען אַ דאָלער ביז איינזאַמלען אַ שניט היי. נאָכמער, דאָרטן איז געשטאַנען דאָס שיפל; אַ האַלב לעבן האָט ער געחלומט וועגן אַזאַ שיפל, איצט איז עס געשטאַנען פאַרטיק בײַם טײַך.

— אַך, ליבער גאָט אין הימל! — האָט יצחק געזאָגט.

## XV

אין אַלגעמיין איז דאָס געווען אַ משונהדיק מאָדנער אָוונט — אַ ווענד־פּונקט. אינגער וואָס איז אַ לענגערע צייט געווען אַראָפּ פֿונם דרך הישר, איז דורך איין שטאַרקן הויב אין דער לופֿטן געקומען ווידער צו איר פֿאַרשטאַנד. קיינער פֿון זיי האָט נישט גערעדט וועגן דעם געשעענעם. יצחק האָט זיך אַליין געשעמט דערנאָך — צוליב אָט דעם איינעם דאָלער, וואָס ער וואָלט אים סיי־ווי־סיי געווען געגעבן; ער קאָן אַליין אויך נישט אָפּזאָגן אַלישען. און ווידער — איז דאָס געלד דען נישט געווען אינגערס אַקוראַט אַזוי גוט ווי זײַנס? איצט האָט שוין נישט אינגער, נאָר יצחק אַרויסגעוויזן הכנעהדיקייט.

ס׳זענען אָנגעקומען אַנדערע צייטן. אינגער האָט, ווייזט אויס, זיך נאָכאַמאָל געענדערט. יאָ, ווידער איז זי געוואָרן אַנדערש, ביסלעכווייז פֿאַרגעסן אָן אירע פֿיינע מאַנירן, און געוואָרן צוריק איינפֿאַך און אויפֿריכטיק: אַ פֿויערס אַ ווייב, אַן ערנסטע און ליבלעכע, ווי אַמאָל. וואָס פֿאַר אַ וואונדער איין שטאַרקער קלאַפּ פֿון אַ מאַן קאָן אויפֿטון! אַזוי איז עס געווען; אַ שטאַרקע און געזונטע פֿרוי, פֿאַרשטענדיק גענוג, נאָר איבערגעפֿירט און צעטומלט דורכן לאַנגען פֿאַרשפּאַרט זײַן אין אַ געקנצלטער לופֿט; זי האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אָן אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען פֿעסט אויף זײַנע פֿיס. אויף קיין איין רגע האָט ער נישט

פארלאָזט זיין נאַטירלעכן באָדן, זיין אָרט אויף דער ערד. קיין זאַך האָט אים נישט געקאָנט רירן.

אַלערליי צייטן טרעפן. דאָס צווייטע יאָר איז ווידער געווען אַ טריקעניש. די תבואה איז נישט געוואַקסן, און מענטשן זענען געווען אין צער. דאָס קאָרן איז פאַרברענט געוואָרן, נאָר די קאַרטאָפּליעס — די וואונדערלעכע קאַרטאָפּליעס — זיי האָבן נישט געברענט, נאָר געבליט און געבליט. די פעלדער זענען געוואָרן גרוי, נאָר די קאַרטאָפּליעס האָבן געבליט. די השגחה פון אויבן האָט געוואַכט איבער אַלץ, געוויס, נאָר די פעלדער זענען פאָרט געוואָרן גרוי.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען גייסלער — דער עקס-לענסמאַנד גייסלער איז ענדלעך דאָך געקומען. ס'איז געווען זייער וואויל, וואָס ער איז נישט געווען געשטאָרבן, נאָר געקומען נאָכאַמאָל. און צוליב וואָס איז ער געקומען איצט?

גייסלער האָט דאָס מאָל נישט געבראַכט קיין שום גרויסע פעקלעך מיט זיך, און אויך נישט קיין שום אַקטן און דאָקומענטן פון קופּער-שאַכטעס און דאָס גלייכן. ער איז געווען איצט אָרים בעקליידט, די האָר אין די באָרד גרוי שוין און די אויגן רויט בײַ די ברעגן. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין באַגלייטער מיט זיך, וואָס זאָל נאָכטראָגן זיינע זאַכן, ער האָט מער נישט געהאַט ווי אַ טעקע מיט פּאַפּירן.

— גאָדדאַג! — האָט גייסלער געזאַגט.

— גאָדדאַג! — האָבן יצחק מיט איגערן געענטפערט. — פאָרט איר שוין ווידער?

גייסלער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— אין אַ דאַנק פאַר אייער באַזוך ביי מיר אין טראָנדהיים, — האָט איגער צוגעגעבן.

יצחק האָט אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: — יאָ, ביי-דע דאַנקען מיר אייך זייער.

נאָר גייסלער איז נישט קיין מענטש פון סענטימענטן; ער האָט גלייך געזאָגט: — יאָ, איך וויל אַריבער קיין שוועדן.

נישט געאַכט אויף זייער גאַנצע זאָרג איבער דער טרוקעניש, האָבן זיי זיך זייער דערפרייט מיט גייסלערן. זיי האָבן אים מכבד געווען גרויס.

אַרטיק און זענען געווען האַרציק צופרידן צו דינען אים, נאָך דעם אַלע־מען, וואָס ער האָט פאַר זיי געטון.

גייסלער אַליין איז נישט געווען אין קיין געדריקטער שטימונג. ער האָט גלייך גענומען רעדן וועגן אַלערליי זאַכן, אַרויסגעקוקט אויף די פעלדער און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך נאָך געהאַלטן גאַנץ פעסט, — ווי ער וואָלט געהאַט אַ סך הונדערטער דאָלער אין די קעשע־נעס. ער האָט אַרייַנגעבראַכט אַ לעבעדיקייט און אַ מונטערקייט אין שטוב, נישט וואָס ער זאָל האָבן אַזוי געטומלט, נאָר בנעימות געפירט אַ לעב־האַפטן שמועס.

— אַ טייער אָרט סלענראַאַ, — האָט ער געזאָגט, — און איצט קומען אויך אַנדערע זיך דאָ באַזעצן. איך אַליין האָב איבערגעציילט פינף נחלות. זענען דאָ נאָך?

— אַרום און אַרום זיבן. צוויי זעט מען נישט אַרויס פון'ם וועג.

— זיבן הויפן; לאָמיר זאָגן פופציק נפשות. ס'וועט אינגיכן ווערן אַ געדיכט באַוואוינטע געגנט. און איר האָט שוין אַ שול דאָ, האָב איך געהערט.

— יאָ, מיר האָבן.

— וואָס האָב איך דיר דען געזאָגט! די שול איז אויף ברעדס ערד, פונקט אינמיטן. זיך נאָר פאַרצושטעלן ברעדן אַלס פערמער אין דער ווילדעניש! — און גייסלער האָט זיך צעלאַכט ביי די ווערטער. — יאָ, וועגן דיר האָב איך אַ סך געהערט, יצחק; דו ביסט דער בעסטער אַרבעטער דאָ. און עס טוט מיר הנאה. אַ זעגמיל האָסטו אויך?

— יאָ, נישט קיין גרויסע. נאָר זי דינט מיר גוט. און איך האָב שוין געזעגט אַ ביסל אויך פאַר יענע, וואָס וואוינען דאָרט אונטן.

— בראַוואָ! אַזוי דאַרף זיין.

— כ'וואָלט געווען צופרידן צו הערן פון אייך אַ מיינונג וועגן דער מיל, אויב איר וואָלט נאָר געוואָלט זי אָנקוקן.

גייסלער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מיט אַ מינע פון אַן עקס־פערט; יאָ, ער וועט אַריבערגיין זי אָנקוקן, באַטראַכטן זי גרינטלעך. דאַן האָט ער געפרעגט: — דו האָסט געהאַט צוויי יינגלעך — וואו איז דער צווייטער? אין שטאָט? אַ שרייבער אין אַ ביוראָ? ה־מ, — האָט גייסלער

געזאָגט — נאָר דער דאָ זעט אויס צו זיין אַ לעבעדקער יונג — ווי רופט מען דיך?

— סיווערט.

— און דעם צווייטן?

— אלישע.

— און ער איז אין אַן אינזשיניער-ביוראָ? — וואָס וועט ער זיך דאָרטן אויסלערנען? אַ דונגער-לוין. אַ סך בעסער, ווען ער וואָלט געקו-מען צו מיר — האָט גייסלער געזאָגט.

— יאָ, — האָט יצחק געזאָגט פון העפלעכקייט וועגן. ער האָט גע-פילט אַ מין רחמנות צו גייסלער'ן אין דער רגע. אָ, דער דאָזיקער גוטער מענטש האָט נישט אויסגעזען, ווי ער זאָל קענען האַלטן אָנגעשטעלטע ביי זיך; קער אַליין געוויס אַרבעטן שווער. דאָס רעקל זיינס — איז גע-ווען אויסגעריבן ביי די עלנבויגנס.

— אפשר ווילט איר איבערטון אַ פּאָר טרוקענע זאָקן? — האָט אינגער געזאָגט, און אַרויסגעבראַכט אירס אַן אייגענע פּאָר, פון די בעס-טע, פיינע און דינע, מיט אַ זוים.

— ניין, אַ דאַנק, אַ דאַנק! — האָט גייסלער געזאָגט — הגם ער האָט געמוזט זיין דורכגענעצט דורך און דורך — אַ סך בעסער, ווען אלישע וואָלט געווען געקומען צו מיר — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט — איך דאַרף אים נייטיק האָבן — און בשעת-מעשה האָט ער אַרויסגענומען אַ קליין זילבערן טאַבאַק-פּושקעלע פון קעשענע און זיך געשפּילט מיט דעם צווישן די פינגער. ס'איז אפשר געווען די איינציקע ווערטפולע זאַך, וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט איצט.

נאָר גייסלער איז געווען אומרויק, און איז יעדעס מאָל אַריבער אויף אַן אַנדערע טעמע. ער האָט דאָס פּושקעלע צוריק אַריינגעלייגט אין זיין קעשענע, און זיך אָנגערופן: — נאָר — וואָס איז דאָס? די פעלדער זענען אינגאַנצן גרוי. איך האָב פריער געמיינט, אַז דאָס איז בלויז דער שאָטן. די ערד איז פשוט פאַרברענט. קום מיט מיר, סיווערט.

ער האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן פונם טיש, נישט טראַכטנדיק מער וועגן עסן, זיך אויסגעדרייט אויף דער שוועל צו זאָגן — „אַ דאַנק!“ — אינגערן פאַרן מאָלצייט, און פאַרשוואונדן, אין דער באַגליי-טונג פון סיווערטן.

זיי זענען אַריבערגעגאַנגען צום טייך; גייסלער האָט די גאַנצע צייט זיך שאַרף אַרומגעקוקט. — דאָ! — האָט ער אויסגעשריגן און זיך אָפּגעשטעלט. און דערנאָך האָט ער דערקלערט: — וואו ליגט דער שכל, צו לאָזן אייער ערד פּאַרטריקענען, ווען איר האָט אַזאַ טייך, גרויס גענוג צו אָנטרינקען זי אין איין מינוט? מאָרגן אין דער צייט וועלן מיר האָבן די פעלדער גרין!

אָן איבערראַשטער, האָט סיווערט בלויז געזאָגט: — יאָ.

— הייב אָן צו גראָבן פון דאַנען אַראָפּ, קרימוועגס, זעסט? — באַרג־אַראָפּ. דער באָדן איז גלאַט; מ'וועט דאַרפן דורכפירן אַ מין קאַ־נאַל. איר האָט אַ זעגמיל דאָ — איך דענק, אַז איר וועט קאָנען געפי־נען לאַנגע ברעטער ערגעץ־וואו? גוט! לויף אַראָפּ און ברענג אַ קירקע מיט אַ רידל און הייב אָן דאָ גראָבן; איך קום באַלד ווידער און וועל אָנצייכענען אַ גענויע ליניע.

ער איז אַריין אין שטוב נאָכאַמאָל, און וואַסער האָט גערונען פון זיינע שטיוול, זיי זענען געווען דורכגעווייקט דורך און דורך. ער האָט אָוועקגעשטעלט יצחקן מאַכן רערן, אַ גרויסע צאָל, אַוועקצולייגן דאָרטן, וואו מ'וועט נישט קאָנען אויסגראָבן קיין גוטע גראָבנס. יצחק האָט זיך געפּרוווט זאָגן, אַז דאָס וואַסער וועט נישט גרייכן אַזוי ווייט; די טרו־קענע ערד וועט עס איינזאַפּן, נאָך איידער ס'וועט דערגרייכן צו די פּאַר־טרוקנטע פעלדער. גייסלער האָט דערקלערט, אַז ס'דאַרף געדויערן אַ ביסל צייט; די ערד מוז זיך אָנטרינקען אַ ביסל, דערנאָך וועט דאָס וואַ־סער פּאַמעלעך רינען ווייטער — מאָרגן אין דער צייט וועלן די פעלדער זיין צוריק גרין!

— האַ! — האָט יצחק געזאָגט און זיך גלייך גענומען צוגויפּ־שלאָגן לאַנגע ברעטער, מיטן גאַנצן כּוח זיינעם.

גייסלער איילט צו סיווערטן נאָכאַמאָל: — אָט אַזוי — גראָב ווייטער — האָב איך נישט געזאָגט, אז ער איז אַ קרעפטיקער יונג? פאָלג נאָך די שטעקעלעך, ווי איך האָב אָנגעצייכנט. אז דו וועסט אָנטרעפן שטייגער אויפן וועג, גראָב אַרום און אַרום, נאָר האַלט זיך גלייך — די זעלבע טיף, פאַרשטייסט?

און דאַן צוריק צו יצחקן ווידער: — איינע פּאַרטיק — גוט! מירן אָבער דאַרפן מער — אַ האַלב טוץ, אפשר. אַרבעט ווייטער, יצחק, פּאַר־

שטייסט, מירן זיי האָבן אַלע גרין מאָרגן אין דער צייט — מיר האָבן געראַטעוועט דיין תבואה. — גייסלער האָט זיך אַהערגעזעצט אויף אַ בענקל, געפּאַטשט זיך איבער די קני מיט ביידע הענט און געווען צופרידן; ער האָט געפּלאַפּלט, און די געדאַנקען זיינע זענען געלאָפן בליץ-שנעל — האָסטו סמאָלע אָדער פּאַקליע? גוט! אויסגעצייכנט! — האָסט אַלצדינג. די רערן וועלן צוערשט דורכרינען ביי די פּרעגן, נאָר דאָס האָלץ וועט זיך אַנווייקן, און זיי וועלן ווערן שטייף ווי אַ פּלאַש. סמאָלע און פּאַקליע — דאָס האָסטו אויך? וואָס? געמאַכט אַ שיפּל, זאָגסטו? וואו איז עס? אויפן טייך? גוט! איך וויל דאָס אויך אָנקוקן.

אָ, גייסלער איז געווען פול מיט הבטחות! לייכט און פלינק — און ער האָט איצט אָנגעמאַכט מער טומל ווי ווען-נישט-איז פריער. אַלץ האָט געזאָלט געטון ווערן מיט איין שפּרונג, מיט אַ געוואַלטיקן שוואונג. אמת, ער האָט אַ ביסל מגזם געווען — ס'איז, פאַרשטייט זיך, געווען אוממעגלעך, אַז די פעלדער זאָלן מאָרגן אין דער צייט שוין ווערן גרין. אָבער אַ גיכע תפיסה האָט ער געהאַט, דער גייסלער, פלינק אויף צו דערזען און באַשליסן. און ער האָט טאַקע געראַטעוועט די תבואה אין סעלאַנראַא.

— וויפיל רערן האָסטו שוין געמאַכט? ס'איז ווייניק, וואָס מער רערן דו וועסט לייגן, אַלץ גיכער וועט דאָס וואַסער לויפן. מאַך זיי אַ צען-צוועלף שטיק, צו צען איילן די לענג, אויב דו קאָנסט. האָסט אַזעלכע לאַנגע ברעטער? גוט! ברענג צו טראָגן — וועסט זען, אַז ס'וועט זיך גוט אָפּצאָלן!

גייסלער האָט נישט גערוט. ער איז ווידער אוועק צו סיווערטן: — אויסגעצייכנט, סיווערט, ס'גייט גוט! דיין פאָטער גיט אַרויס רינעס, ווי אַ קינסטלער, ס'וועט זיין מער וויפיל איך האָב גערעכנט. לויף אַריבער און ברענג אַ פּאָר, און מיר'ן מאַכן אָן אָנהויב.

יענער נאָנצער נאָכמיטאָג איז געווען איין שטיק איילעניש; סיווערט האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שנעלע אַרבעט; ער איז נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ טעמפּ. זיי האָבן קוים געהאַט צייט צו עסן עפּעס. נאָר דאָס וואַסער האָט שוין געפליסט! וואו-נישט-וואו האָבן זיי געדאַרפט גראָבן טיפער, איין רינע האָט מען געהויבן אַ ביסל העכער, אַ צווייטע אַראָפּגעלאָזט נידעריקער, נאָר דאָס וואַסער איז שוין געלאָפן. אַלע דריי האָבן

זיי געהאָרעוועט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, פאַרענדיקנדיק די אַרבעט, און פאַריכט וואו ס׳האָט נישט געטויגט. און ווען דאָס וואסער האָט אָנגעהויבן באַנעצן די טרוקענע ערטער — איז אַ גרויסע פרייד געווען אין סעלאַנראַא.

— איך האָב פאַרגעסן מיטצונעמען מיין זייגערל, — האָט גייסלער געזאָגט, — וויפיל זאָל איצט זיין דער זייגער? יאָ, מאָרגן אין דער צייט וועט אַלץ זיין גרין.

סיווערט איז אויפגעשטאַנען אינמיטן נאַכט צו זען, ווי דאָס וואַסער לויפט, און געטראָפן זיין פאָטער אויך דאָרטן. אָ, ס׳איז געווען אַ שפּאַנענדע צייט — אַ טאָג פון גרויסע געשעענישן!

נאָר אויף מאָרגן איז גייסלער געבליבן ליגן אין בעט ביז כמעט האַלבן טאָג. ער איז געווען פאַרמאַטערט, און זיין באַגייסטערונג איז פאַרשוואונדן. ער האָט זיך נישט געקימערט אַראָפּצוגיין צום טייך אָנקוקן דאָס שפּיל; און נאָר בלויז ווייל ער האָט שוין געהאַט צוגעזאָגט, איז ער כאָטש געגאַנגען אָנקוקן די זעגמיל. — אַפילו די באַוואַסערונג האָט אים איצט ווייניקער אינטערעסירט ווי נעכטן — און ווען ער האָט געזען, אַז די פעלדער זענען נאָך נישט געוואָרן גרין דורך דער נאַכט, איז ער ביי זיך אַראָפּגעפאַלן; ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און געזאָגט: — ס׳דאַרף געדויערן אַ ביסל — איר וועט נישט זען קיין ענדערונג ביז מאָרגן אפשר. נאָר ס׳וועט זיין גוט, נישט געזאָרגט.

פאַרנאַכט־צו איז אָנגעקומען ברעד אָלסען. ער האָט געבראַכט עטלעכע שטיקלעך שטיינער, וואָס ער האָט געוואָלט, אַז גייסלער זאָל זיי אָנקוקן. — זייער ווערטפולע, נאָך מיין מיינונג, — האָט ער געזאָגט.

נאָר גייסלער וויל אַפילו נישט אַ קוק טון אויף די שטיינער. — אַזוי אַרבעטסטו אויף דיין פערמע, — האָט ער געפרעגט מיט פאַראַכטונג, — שלעפּסט זיך אַרום איבער די בערג זוכן אַן אוצר?

ברעד איז אפנים נישט געווען אויפגעלעגט צו הערן מוסר איצט פון זיין אַמאָליקן אויבער־האַר, און ער האָט געענטפערט שאַרף, אויף „דו“: — מיינסט, אַז איך רעכן זיך מיט דיינע רייד...

— האָסט איצט נישט מער שכל, ווי דו האָסט געהאַט פריִער, — האָט גייסלער געזאָגט, — פּטרסט דיין צייט אויף גאָרנישט.

— און וואָס איז מיט דיר? — האָט ברעד געזאָגט. — וואָס האָסטו אויפגעטון, וואָלט איך געוואָלט וויסן? האָסט אַ באַרג געקויפט וואָס איז קיין פּרוטה נישט ווערט. דו ביסט מיר דער ריכטיקער מענטש!

— אַרויס פון דאַנעט! — האָט גייסלער געזאָגט. — און ברעד האָט זיך טאַקע נישט פאַרהאַלטן, אַרויפגעלייגט דאָס זעקל מיט די שטיינער אויפן אַקסל, און אַן אַ „זיי געזונט" אַרויס פון שטוב. גייסלער האָט זיך אָוועקגעזעצט, אָנגעהויבן איבערקוקן זיינע פּאַפּירן און זיך שטאַרק פאַרטראַכט. עפּעס ווי אַ פונק וואָלט אים אַ ברי געטון. ער האָט געוואָלט נאָכאַמאָל איבערקוקן דעם ענין מיט דער קופּער-שאַכט, דעם קאָנטראַקט, די אַנאַליזן. דאָס איז געווען זעלטענער אַרץ, כמעט ריינער קופּער; ער מוז אָנהייבן עפּעס טון מיט דעם און נישט אָפּלייגן מער.

— נאָך וואָס איך בין אין דער אמתן אַרויסגעקומען, איז צו מאַכן אַ תכלית מיט אָט דעם ענין — האָט ער געזאָגט צו יצחקן — איך קלער אָנהייבן די אַרבעט איינגיכן; אַראָפּברענגען אַ סך מענטשן און אַוועקשטעלן די אַרבעט, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ווי מיינסטו?

יצחקן האָט וויי געטון פאַר דעם דאָזיקן מענטש, און ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— ס'איז אַן ענין, וואָס איז דיר אויך נוגע. ס'וועלן זיין געגנט זאָרגן, פאַרשטייט זיך, אַ סך מענטשן, אַ טומל, אַ ליאַרם, און אויפרייסן אין די בערג — איך הייס נישט, ווי דאָס וועט דיר געפעלן. פון דער צווייטער זייט אָבער וועט ווערן אַ לעבן אין דער געגנט, און דו וועסט האָבן אַ גוטן אָפּזאַץ-מאַרק פאַר דיינע פּראָדוקטן. וועסט קענען אַוועקשטעלן וואַסערע מקחים דו וועסט וועלן.

— יאָ — האָט יצחק געזאָגט.

— אַ חוץ דעם וועסטו קריגן אַ היפּשן פּראָצענט פון די פאַרדינסטן, אַ סך געלט, יצחק.

האָט יצחק געזאָגט: — איר האָט מיר שוין באַצאָלט גענוג, מער ווי גענוג...

אויף מאָרגן אינדערפרי איז גייסלער אַוועקגעגאַנגען, צו מזרח-צו,

אוי פן וועג קיין שווערן. — ניין, א דאַנק! — האָט ער קורץ געזאָגט, ווען יצחק האָט געוואָלט אים גיין באַגלייטן. יצחקן האָט וויי געטון דאָס האַרץ צו זען גייסלערן אַוועקגיין צופוס איינעם אַליין. אינגער האָט איינגעפּאַקט אַ פּיין פּעקל מיט שפּייז פאַר אים מיטצונעמען, אַזוי גוט, ווי זי האָט נאָר געקאָנט; זי האָט אָפּגעבאַקן ספּעציעלע קיכלעך פאַר אים; אָבער ס'איז איר אַלץ געווען נאָך ווייניק. זי האָט אים געוואָלט מיטגעבן אַ קענדל סמעטענע און אייער, נאָר ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט נעמען — און אינגער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן.

גייסלערן אַליין האָט געמוזט זיין שווער צו פאַרלאָזן סעלאַנראַאַ, נישט האָבנדיק באַצאָלט, ווי זיין טבע איז געווען; האָט ער זיך געמאַכט האַרץ, ווי ער וואָלט האָבן יאָ באַצאָלט, ווי ער וואָלט שוין אַ גרויסן חשבון האָבן געסילוקט, און געזאָגט צו דער קליינער לעאָפּאָלדינען: — דאַ, קינד, האָסטו פאַר דיר אויך עפּעס. — און איר דערלאַנגט זיין טאַבאַק-פּושקעלע, דאָס זילבערנע פּושקעלע. — קאָנסט עס אויסוואַשן און האַלטן אין דעם שפּילעכלעך, — האָט ער געזאָגט. — ס'איז אַפילו נישט אַזאַ געהויבענע מתנה, ווען איך וואָלט געווען אין דערהיים, וואָלט איך פאַר דיר אויסגעזוכט עפּעס אַנדערש; איך האָב אַ באַרג מיט זאַכן. . .

נאָר גייסלערס וואַסער-רערן זענען פאַרבליבן אויף נאָך זיין אַוועקגיין; זיי האָבן געטון זייערס באַטאָג און באַנאַכט וואָך נאָך וואָך; די פעלדער זענען געוואָרן גרין, די קאַרטאָפל עס האָבן אויפגעהערט ווילד בליען, די תבואה האָט זיך אַ הויב געטון. . .

די איינוואוינער פון די הויפן אויך האָבן אָנגעהויבן קומען, איינער נאָכן אַנדערן, אָנקוקן די וואונדערבאַרע וואַסער-איינאָרדענונג. אַקסל שטרעם — דער שכן פון לבגה-לאַנד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין ווייב אין קיין שום אַנדערן קרוב צו הילף, נאָר באַוויזן אַלץ צו באַזאָרגן אַליין — ער איז אויך געקומען. ער איז געווען גוט געשטימט יענעם טאָג; ער האָט דערציילט, ווי ער האָט נאָר וואָס באַשטעלט אַ מיידל צו קומען אים העלפן זומער — און דאָס האָט אַראָפּגענומען אַ שווערע משא פון זיין מוח. ער האָט נישט געזאָגט, ווער דאָס מיידל איז, און יצחק האָט נישט געפרעגט. נאָר ס'איז געווען ברעדס מיידל, באַרבראַ, וואָס האָט געזאָלט קומען. ס'האָט באַדאַרפט קאָסטן אַ טעלע-

נראַמע קיין בערגען; אַקסל האָט באַצאָלט די קאָסטן, הגם ער איז נישט געווען קיין אויסבערענגער, גיכער אפילו אַ ביסל אַ קמצן.

אַקסל איז אויך געקומען צוליב דער וואַסער-לייטונג. ער האָט די אַרבעט באַטראַכט פון אָנהייב ביזן סוף און געהאַט שטאַרק פאַראינטע-רעסירט. אמת, ער האָט נישט געהאַט אַזאַ גרויסן טייך אויף זיין לאַנד, אָבער דאָך אַ טייכל. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין באַ־עטער פון וואָס צו מאַכן רינעס, וועט ער בלויז מאַכן אַ גראָבן אין דער ערד; ביז איצט איז נאָך נישט געווען אַזוי שטאַרק אויף זיין פעלד, וואָס האָט זיך גע-פונען אַראָפּצו נידעריקער ביי די בערג; נאָר אויבן די טריקעניש זאָל אָנהאַלטן, וועט ער אויך מוזן עס באַוואַסערן. אַז ער האָט אויסגעזען אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער זיך געזעגנט און געגאַנגען באַלד צוריק. ניין, ער קען נישט אַריינגיין אין הויז אַריין, ער האָט קיין צייט נישט; ער וועט זיך שטעלן גראָבן נאָך היינטיקן אָוונט. און ער איז אַוועק.

דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדערער מענטש, נישט ברעד.

אָ, ברעד, ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פערמעס איצט און דערציילט נייעס, וועגן דער וואונדערלעכער וואַסער-אַרבעט אין סע-לאַנראַא. — ס׳לוינט נישט צו באַאַרבעטן די ערד צופיל, — האָט ער געזאָגט, — אַט האָט יצחק געגראָבן און געגראָבן אַזוי לאַנג, ביז ער מוז איצט ווידער באַוואַסערן דעם גאַנצן באָדן.

יצחק איז געווען געדולדיק, נאָר ער האָט זיך פיל מאָל גע-וואונטשן, אַז ער זאָל קאָנען פּטור ווערן פון דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט אין סעלאַנראַא מיט זיינע פוילע שטיק. ברעד האָט אַלץ פאַרענטפערט מיטן טעלעגראַף; כל-זמן ער איז אַפּיציעלער באַאַמטער, איז עס זיין פליכט צו האַלטן די ליניע אין אָרדנונג. די טעלעגראַף-געזעלשאַפט אָבער האָט שוין עטלעכע מאָל אים אויסגערעדט פאַר זיין נאַכלעסיקייט, און האָט איצט נאָכאַמאָל אָנגעבאָטן יצחקן איבער-צונעמען דעם פּאָסטן. ניין, ס׳איז נישט געווען דער טעלעגראַף, וואָס איז געלעגן ברעדן אין זינען די גאַנצע צייט, נאָר דער אַרץ און די בערג; דאָס איז איצט געוואָרן זיין איינציקער געדאַנק, אַן אמתע מאַ-ניע.

ער האָט אָנגעהויבן איצט אַריינקומען אָפט אין סעלאַנראַא, יעדעס

מאָל איבערצייגט, אַז ער האָט געפונען דעם אוצר; ער פלעגט אַ שאָקל טון מיטן קאָפּ און זאָגן: — איך קאַן אייך נאָך נישט דערציילן אַלץ, נאָר איך קאַן אייך זאָגן, אַז דאָס מאָל האָב איך דערטאַפּט דאָס ריכטיקע. — אַזוי האָט ער געפּטערט צייט און ענערגיע אויף גאָרנישט. און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין אָוונט צו זיך אין קליינעם שטיבל, פלעגט ער אַראָפּוואַרפן אַ זעקל מיט שטיינדלעך אויפן דיל, און בלאָזן און סאָפּען נאָך זיין טאָג אַרבעט, ווי ס׳וואָלט נישט געווען נאָך איין מענטש אויף דער וועלט, וואָס זאָל אַזוי האָרעווען שווער אויף זיין ברויט. ער האָט פאַרזעצט אַ ביסל קאַרט־פּליעס אויף אומפּרוכטבאַרער, טאָרפיקער ערד און אָפּגעשניטן די בינטלעך גראָז, וואָס זענען געוואַקסן אַרום שטוב פון זיך אַליין — דאָס איז געווען ברעדס ערד־אַרבעט. נאָר איז אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג און דער סוף האָט געמוזט זיין אַ ביטערער. זיין טאָרפענער דאַך האָט שוין אָנגעהויבן צו צעפאַלן זיך און די טרעפּ אין קיך זענען געווען פאַרפוילט פון פייכטקייט; אַ שליפשטיין האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, און דער וואָגן איז נאָך אַלץ געשטאַנען אינדרויסן נישט צוגעדעקט.

ברעדן אַליין איז געווען גוט — ער האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן אַזעלכע קלייניקייטן. ווען די קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט זיין שליפשטיין, האָט עס אים נישט געאַרט. און ער פלעגט נאָך אַמאָל אַליין זיי העלפן אים קאָלערן. אַ פוילער, אַ ליידיקגייער, וואָס עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ פון גאָרנישט, קיינמאָל נישט ערנסט, נאָר קיינמאָל אויך נישט נידערגעשלאָגן, אַ שמאַכער און אומפאַראַנטוואָרטלעכער כאַראַקטער. ער האָט זיך פונדעסטוועגן ווי ס׳איז נישט דורכגעלעבט: מען האָט געלעבט פון האַנט אין מויל אַריין, פון טאָג אויף טאָג. דער קרעמער האָט אָבער פּאָרט נישט געוואָלט שטענדיק שפּייזן ברעדן מיט זיין פאַמיליע; ער האָט שוין מער ווי איינמאָל דאָס געזאָגט ברעדן, און איצט האָט ער עס געזאָגט גאַנץ ערנסט. ברעד האָט צוגעגעבן, אַז ער איז גערעכט און פאַרשפּראָכן איבערצוקערן אַ נייַ בלאַט — ער וועט פאַרקויפן זיין פערמע, און געוויס פאַר אַ גוטן פּרייז — און ער וועט באַצאָלן אַלץ, וואָס ער איז שולדיק אין קראָם.

— אָ, ברעד וואָלט פאַרקויפט סיי ווי, אפילו מיט היזק; וואָס האָט אים געטויגט אַ פערמע? ער האָט געבענקט נאָכן דאָרף, נאָכן לייכטן

לשון-הרעדיקן לעבן דאָרטן, נאָכן געוועלבל — דאָס איז געווען מער אין זיין גוסט, ווי צו זיצן רויק דאָ, באַאַרבעטן די ערד און פאַרגעסן די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט. ווי קאָן ער דען פאַרגעסן די ווייַנאַכטן-ביימער און שמחות איבער די נאַציאָנאַלע פייערונגען אין קאָנסטיטוציע-טאָג, אָדער די צדקה-באַזאַרן, וואָס פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן אין געמיינדע-הויז! ער האָט ליב געהאַט צו שמועסן מיט זיינס גלייכן, צו בייטן זיך מיט נייעס און מיינונגען, מיט וועמען האָט ער אָבער דאָ געקאָנט פאַרברענגען? אינגער פון סעלאַנראַאַ האָט יאָ געהאַט אַרויסגעוויזן אַזאַ נטיה אַ שטיק צייט, אויך זי האָט זיך געענדערט — מ׳האָט נישט געקענט מיט איר אויסרעדן קיין וואָרט איצט.

ניין, ער האָט געמאַכט אַ גרויסן טעות, וואָס ער האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף. איצט איז ער אויסער זיך, וואָס דער לענסמאַנד האָט שוין אַ נייעם געהילף און דער דאָקטאָר אַן אַנדערן שרייבער. ער איז אַנטלאָפן פון די מענטשן, וואָס האָבן אים באַדאַרפט האָבן, און איצט, אַז ער איז נישטאָ, קומען זיי אויס אָן אים. נאָר אַז אָך און ווי ווער ס׳האָט פאַרנומען זיין אָרט! אינדעראמתן געריידט, וואָלטן זיי אים, ברעדן, מיט פאַראַד באַדאַרפט צוריק ברענגען אין דאָרף אַריין!

און דאַן באַרבראַ — פאַרוואָס האָט ער געוואָלט, זי זאָל קומען דינען אין סעלאַנראַאַ? נאָר דאָס איז געווען נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת מיט זיין ווייב. ווען אַלץ וואָלט אַוועק גוט, וואָלט עס געקאָנט זיין אַ גוטע צוקונפט פאַרן מיידל, און אפשר אויך אַ שטיקל ישועה פאַר זיי אַלעמען. ס׳איז טאַקע זייער גוט צו זיין אַ הויז-אויפזעערין ביי צוויי יונגע ביוראָ-שרייבער אין בערגען, אָבער ווער קאָן וויסן, וואָס ס׳קאָן אַמאָל פון דעם אַרויסקומען? באַרבראַ איז אַ שיין מיידל און פאַרשטייט אירע אינטערעסן; דאָ וואָלט אפשר געווען אַ בעסערע געלעגנהייט פאַר איר, נאָך אַלעמע. אין סעלאַנראַאַ זענען געווען צוויי זין.

נאָר ווען ברעד האָט געזען, אַז פון דעם פּלאַן וועט גאָרנישט ווערן, האָט ער צוגעטראַכט אַן אַנדערן נאָך אַלעמען, האָט נישט געשטעקט קיין גרויס גליק אינם מתחתן זיין זיך מיט אינגערן, — וואָס איז געזעסן אין תפיסה. ס׳פעלן נישט קיין יונגעלייט אָן די צוויי סעלאַנראַער בחורים — אַקסל שטרעם, למשל. ער האָט אַן אייגענע פערמע און אַ שטיבל, ער איז אַ מאַן, וואָס שקראַבעט און שפּאָרט און האָט זיך

שוין איינגעשאַפֿט אַ ביסל לעבעדיקן אינווענטאַר אין אַנדערע זאַכן, נאָר אין אַ ווייב, אין אַ פֿרוי, וואָס זאָל אים העלפֿן, — דאָס קען איך דיר זאָגן. אַז אויב דו וועסט נעמען באַרבראַן, וועט זי דיר געבן יעטוועדע הילף, וואָס דו וועסט נאָר דאַרפֿן, — האָט ברעד געזאָגט צו אַקסלען, — אָט איז איר בילד, קאָנסט זען.

און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אָנגעקומען באַרבראַ. אַקסל האָט געהאַלטן אינמיטן היי־שניט; באַטאָג געשניטן, באַנאַכט צונויפֿגעשאַרט, אַלץ איינער אַליין — און דאָ איז אָנגעקומען באַרבראַ. ס'איז געווען ממש אַ מתּנה פֿון גאָט. באַרבראַ האָט באַלד געוויזן, אַז זי שרעקט זיך נישט פֿאַר קיין אַרבעט: זי האָט געוואַשן וועש און געשייערט און גערייניקט, געקאָכט און געמאָלקן און נאָך געהאָלפֿן אויפֿן פֿעלד — צונויפֿשאַרן דאָס היי. אַקסל האָט באַשלאָסן צו צאָלן איר גוטע שכירות — ער געווינט דאָך נאָך דערבײַ.

באַרבראַ איז געווען הויך און שלאַנק, גערעדט אַ ביסל הייזעריקלעך, אַרויסגעוויזן פֿאַרשטאַנד און דערפֿאַרונג אין פֿאַרשידענע פּרטים — זי איז נישט געווען קיין קינד. אַקסל האָט זיך געוווּנדערט, וואָס זי איז אַזוי מאָגער און אָפּגעצערט.

— איך וואָלט דיך דערקענט נאָך דײַן אויסזען, — האָט ער געזאָגט, — נאָר דו ביסט גאָרנישט אַזוי ווי אויפֿן בילד.

— דאָס איז בלויז פֿונם וועג, — האָט זי געזאָגט, — און פֿון לעבן אין שטאָטישער לופֿט די גאַנצע צײַט.

און זי האָט זיך טאַקע גאָר גיך פֿאַריכט און שענער געוואָרן. — מעגסט מיר גלייבן, — האָט באַרבראַ געזאָגט, — ס'מאַטערט אויס אַ ביסל אַזאַ וועג. און אַזאַ לעבן אין שטאָט. — זי האָט אויך אָנצוהערעניש געגעבן אויף די סכּנות פֿונם שטאָטישן לעבן אין בערגען — מען דאַרף זיך דאָרטן גוט היטן! און אַזוי רעדנדיק, האָט זי אים געבעטן אויסצושרייבן אַ צײַטונג פֿון בערגען, כּדי זי זאָל האָבן וואָס צו לייענען אַ ביסל און וויסן די נײַעס פֿון דער וועלט. זי האָט זיך צוגעוווינט צום לייענען, צו טעאַטער און צו מוזיק, און דאָ איז עס אַזוי אײַנזאַם.

אַקסל איז געווען אַזוי צופֿרידן מיט באַרבראַס אַרבעט, אַז ער האָט אויסגעשריבן די צײַטונג און האָט אויך פֿאַרטראָגן די אָפֿטע באַזוכן פֿון איר פֿאַמיליע, וואָס פֿלעגט קומען רעגלמעסיק און עסן און טרינ־

קען; ער האָט איר געוואָלט ווייזן, ווי ער שעצט איר הילף. און וואָס האָט געקאָנט זיין שענער און היימלעכער, ווי אַז באַרבראַ איז געזעסן אַ זונטיק אויפדערנאַכט און געצימבלט אויף אַ גיטאַרע און צוגעזונגען דערביי מיט איר הייזעריקלעך קול? אַקסל איז געווען גערירט פון די שיינע, אומבאַקאַנטע לידער, און פון דעם אַליין שוין, וואָס עמעצער זיצט און זינגט אויף זיין איינזאַמער פערמע.

אמת, אין משך פונם זומער האָט ער קענען געלערנט אויך אַנדערע זייטן פון באַרבראַס כאַראַקטער, אָבער בכלל איז ער געווען צופרידן. זי האָט זיך געהאַט אירע פאַנטאַזיעס, און געקאָנט אַמאָל שאַרף אָפּענטפערן צוריק. יענעם שבת־אָוונט, למשל, ווען אַקסל האָט געדאַרפט אַראָפּגיין אין דאָרף אַריין נאָך געוויסע זאַכן, איז עס נישט געווען לייטיש פון באַרבראַן איבערצולאָזן די שטוב און די בהמות און אַוועקצוגיין. זיי האָבן זיך אַ ביסל דורכגעווערטלט איבער דער מעשה. און וואו איז זי געווען? אין ערגעץ נישט, בלויז אין ברייידאַבליק, נאָר דאָך... ווען אַקסל האָט זיך צוריקגעקערט פונם דאָרף יענע נאַכט, איז באַרבראַ נישט געווען; ער איז אַרויס אַליין צו די בהמות, זיך גענומען אַליין עסן און זיך געלייגט שלאָפן. גאַנץ פרי איז באַרבראַ געקומען.

— איך האָב בלויז געוואָלט נאָכאַמאָל פאַרזוכן דעם טעם פון אַ שטוב מיט אַ הילצערנער פּאָדלאָגע, — האָט זי זיך אָנגערופן אַ ביסל מיט אַ חוזק־טאָן.

און אַקסל האָט נישט געהאַט, אייגנטלעך, וואָס צו ענטפערן, — ער האָט נישט מער, ווי אַ טאָרף־שטיבל מיט אַ ערדענעם דיל. נאָר ער האָט פונדעסטוועגן געזאָגט, אַז בעסער האָט ער, און וועט נאָך אויך אַמאָל האָבן אַ הויז מיט אַ הילצערנער פּאָדלאָגע! הערנדיק דאָס, האָט באַרבראַ, ווייזט אויס, חרטה געהאַט; זי איז נישט געווען אַזוי שלעכט — כאָטש ס'איז געווען זונטיק, איז זי אַוועק אין וואַלד, אָנגעקליבן פרישע יאַלאָווע צווייגלעך און מיט זיי באַשאָטן די ערדענע פּאָדלאָגע.

און אַז זי איז יאָ אַזוי ליב און וואויל — האָט אַקסל אַרויסגענומען און איר דערלאַנגט דאָס האַלדזטיכל, וואָס ער האָט פאַר איר נעכטן געקויפט, הגם ער האָט אינדעראמתן געטראַכט צו האַלטן עס אַ שטיקל צייט און אַרויסקריגן עפּעס חשובעס פון איר צוריק. און דאָ! זי האָט זיך דערפרייט מיטן טיכל, עס תּיכּף אָנגעטאָן, זיך אויסגעדרייט צו

אים, און פרעגט, צי עס פּאַסט איר. — יאָ, אוודאי, זייער שיין. און זי וואָלט געמע:ט אַנטון זיין פּיטערן היטל, וועט זי אויך זיין שיין! באַרבראָ האָט געלאַכט און געפּרוּווט זאָגן עפּעס ליבלעכס צו̇ריק: — איך וואָלט אַ סך בעסער געגאַנגען אין קלויסטער אין דעם טיכל, איידער טראָגן אַ הוט. אין בערגען, פאַרשטייט זיך, האָבן מיר אַלעמאָל געטראָגן היטן — אַלע, חוץ די פּראָסטע דינסטמיידלעך פון די דערפער.

און שוין — ווידער פריינג

און אַז אַקסל האָט אַרויסגעשמעקט די צייטונג, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער פּאָסט, האָט באַרבראָ זיך אָנגעזעצט לייענען נייעס פון דער וועלט; וועגן אַ רויבערײַ אין אַ ייוועליר-געשעפט אין דער ים-גאַס, וועגן אַ געשלעג צווישן צוויי ציגיינערינס, וועגן אַ געפונען טויט קינד איינג·נייט אין אַן אַלט העמד מיט אָפּגעשניטענע אַרבל. — איך וואונדער זיך, ווער האָט דאָס געקאָנט טו״ן — האָט באַרבראָ ג·זאָגט. און זי האָט פון אַלטער געוואוינהייט געלייענט אויך די פּרייזן אויפן מאַרק.

אַזוי איז אַוועק דער זומער.

# XVI

גרויסע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אין סעלאַנראַאַ.

שווער געווען צו דערקענען דאָס אָרט איצט! אַ זעגמיל און אַ קאָרנמיל, און געביידעס פון אַלערליי מינים — פון דער ווילדעניש איז געוואָרן אַ באַוואוינט לאַנד. און נאָך מער האָט ערשט געדאַרפט קומען. נאָר אינגער איז אפשר געווען דאָס חידושלעכסטע פון אַלץ; אַזוי געענדערט האָט זי זיך, און געוואָרן צוריק גוט און קלוג.

דאָס גרויסע געשעעניש פון לעצטן יאָר האָט נישט מיט אַמאָל אָפּגעטון פון איר איר לייכטזין. זי האָט זיך נאָך פון צייט צו צייט געשעפט, ווי ס'ווילט זיך איר אָנהייבן צו רעדן פונם „אינסטיטוט” אָדער פונם קאַטעדראַל אין טראַנדהיים. אָ, מער נישט ווי אומשולדיקע קליינקייטן! זי האָט אויסגעטון דאָס פינגערל און אַרונטערגעלאָזט לענגער אַ ביסל איר קליידל. זי איז געוואָרן באַרעכנטער; ס'איז איצט געווען ווייניקער טומל אין הויז, די באַזוכן זענען געוואָרן ווייניקער: די פרויען און מיידלעך פון דאָרף פלעגן איצט זעלטן ווען אַרויפקומען, ווייל אינגער האָט זיך שוין מער נישט אַזוי אָפּגעגעבן מיט זיי. מען קאָן נישט לעבן אין אַ ווילדעניש און האָבן צייט פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן. גליק און הוליעניש זענען צוויי פאַרשידענע זאַכן.

אין דער ווילדעניש האָט זיך יעדער זמן פון יאָר זיינע וואונדער;

נאָר אלעמאַל, אומפּאַרענדערט, איז דאָרטן יענער געהיימניספולער שווע־רער קלאַנג פון הימל און ערד; דער געפיל פון זיין תמיד אַרומגע־רינגלט פון אלע זייטן, די פינסטערניש פונם וואַלד און די פריינטלעכקייט פון די ביימער. אַלצדינג איז דאָרטן אי שווער אי מילד צוזאַמען, און ישט צו טראַכטן איז דאָרטן אוממעגלעך. אין צפון זייט פון סעלאַנראַאַ איז געווען אַ קליין וואַסערל, אַ בלויזע סאַזשעלקע, נישט גרעסער ווי אַן אַקוואַריום. דאָרטן האָבן געלעבט קליינענקע פישעלעך, וואָס זענען קיינ־מאָל נישט גרעסער געוואָרן, געלעבט און געשטאָרבן דאָרטן און נישט געבראַכט קיין שום נוצן — יאָ, באמת, קיין שום נוצן! איין אָוונט איז אינ־גער דאָרטן געשטאַנען און זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון די גלעקער אויף די העלדזער פון די קי; טויט־שטיל איז געווען אַרום, און מיטאַמאָל האָט אַ געזאַנג זיך דערהערט פונם וואַסערל, אַ דין, דין געזאַנג, קוים־קוים וואָס מען האָט עס געקאָנט הערן. ס'איז געווען דאָס געזאַנג פון די קליינע פישעלעך.

אין סעלאַנראַאַ האָט מען יעדן פרילינג און האַרבסט געקאָנט זען די גרויע גענז פליען אין גרויסע מחנות איבער דער ווילדעניש און הערן זייער שרייען אין דער לופטן — זייערע וואונדערלעכע קולות, ווי די וועלט וואָלט אויף אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט, ביז זייער מחנה וועט אַריי־בערפליען. און די מענטשן פון אונטן, האָבן זיי נישט דערפילט, ווי עס באַפאַלט זיי אַ מין אָנמאַכט? און זיי האָבן פריער שווער אָפּגעאָטעמט, איידער זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער אַרבעט; עפּעס ווי פליגל פון אַן אַנדערער וועלט וואָלטן זיי אָנגערירט.

גרויסע וואונדער זענען אַרום זיי געווען צו יעדער צייט; ווינ־טער — די שטערן און אויף די צפון־שיין, אַ פלאַמענדיקער הימל, אַן אָנגעצונדענער האַריזאָנט אין גאָטס היכל. ווען־נישט־ווען, — נישט אָפט, נאָר פון צייט צו צייט — האָבן זיי געהערט דעם דונער. דאָס האָט מערסטנס געטראָפן אין האַרבסט, און ס'איז געווען ווי אַ פינסטערע און הייליקע זעונג פאַר מענטש און חיה; די בהמות לעבן הויז טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער און שטייען און וואַרטן. זיי הערן זיך איין צו וואָס? וואַרטן זיי, אַז דאָס קומט אַ סוף צו דער וועלט? און דער מענטש, וואָס שטייט ער אין וואַלד מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, ווען דער דונער שאַלט?

דער פריליננ, יאָ, ער קומט מיט האַסט און צעלאָזענער פרייד;
אָבער דער האַרבסט! ער האָט אַרויסגערופן אַ מורא פאַר פינסטערניש
און געטריבן דעם מענטשן צו דער אָונט-תפילה; עס ווייזן זיך זעונגען
אַרום און עס הערן זיך וואָרן-קולות אין דער לופטן. אַז די מענטשן גייען
אַרויס אַמאָל אין אַ האַרבסט-טאָג עפעס זוכן — דער מאַן נאָך אַ שטיקל
געהילץ, די פרוי נאָך אַ שאָף, וואָס האָט איצט ווי אַ וואַנזיניקע געזוכט שוואָ-
מען — קערן זיי זיך אום אַהיים איינגעהילטע אין סודות. האָבן זיי אומ-
באַמערקטערהייט אָנגעטראָטן אויף אַ מוראַשקע, און צוגעדריקט איר הינ-
טערשטן קערפערטייל אַזוי, אַז איר פאָדערשטער טייל קאָן זיך
מער נישט באַפרייען? אָדער פאַרבייגעגאַנגען צו נאָענט פאַרביי אַ נעסט
פון אַ וואַלד-הין, און די מוטער האָט זיי באַגעגנט מיט אַן אימהדיק נע-
שריי? אפילו די גרויסע קי שוואָמען זענען אויך פול מיט סוד; ווערט
דען נישט דער מענטש פאַרשטאַרט און בלייך, ווען ער דערזעט זיי? דער
גרויסער שוואָם בליט נישט, ער רירט זיך נישט, נאָר עפעס איז דאָ אין
אים, וואָס וואַרפט אָן אַ שרעק; ווי אַ לונג אַ נאַקעטע, נישט איינגעהילט
אין אַ קערפער, און אַ לעבעדיקע — אַ לונג אָן אַ גוף.

סוף כל סוף איז אינגער געוואָרן מעלאַנכאָליש טרויעריק. די וויל-
דעניש האָט געדריקט אויף איר. זי איז געוואָרן פרום. גאָטספאָרכטיק.
ווי אַזוי האָט זי זיך געקאָנט פון דעם אויסהיטן? קיינער קאָן דאָס נישט
אין דערווילדעניש. דאָ קומט מען נישט אויס בלויז מיט אַרבעט און
עולם-הזה; עס מוז קומען פרומקייט און מורא פאַרן טויט און כלערליי
אַבערגלויבן. אינגער האָט אפשר געטראַכט, אַז זי האָט מער גרונט ווי
אַנדערע צו שרעקן זיך פאַרן הימלישן משפט, און אַז ער וועט זי נישט
אויסמיידן; זי האָט געוואוסט, אַז גאָט גייט אום יעדן אָוונט אין דער וויל-
דעניש, און קוקט מיט זיינע וואונדער-שאַרפע אויגן: יאָ, ער
וועט זי געפינען. אין איר טעגלעכן לעבן האָט זי וויניק וואָס געקאָנט
איבעראַנדערשן, זי האָט געקאָנט באַהאַלטן דאָס גאָלדענע רינגל טיף אין
קליידער-שאַנק, און זי האָט געקאָנט שרייבן צו אַלישען, אַז אויך ער זאָל
זיך אומקערן צו דער אמונה און ווערן פרומער: וואָס נאָך האָט זי גע-
זאָלט מתקן זיין אַ חוץ וואָס זי האָט געטון איר טעגלעכע אַרבעט בשלמות?
יאָ, איין זאַך נאָך האָט זי געקאָנט טון! טראָגן באַשיידענע קליידער,
בלויז זונטיק אָנטון אַ בלויע סטענגע אויפן האַלדז. אומנויטיקע געמאַכטע

ענייות — נאָר ביי איר איז דאָס געווען אַן אויסדרוק פון אַ מין פּיראַזאַ־פּיע, פון זעלבסט־דערנידערונג, פון סטאַזאישער הכנעה. די בלויע סטענ־גע איז נישט געווען קיין נייע: זי איז גענומען געוואָרן פון אַ היטעלע, פון וועלכן די קליינע לעפּאָפּאַלדינאַ איז אויסגעוואַקסן; ערטערווייז איז זי געווען אָפּגעבליאַקעוועט און אפילו אַ ביסל קויטיק — נאָר אינגער פלעג זי איצט טראָגן, אַלס אַ מין באַשיידענע צירונג אין אַ יום־טובדיקן טאָג. זי האָט אַ סך איבערגעטריבן, שטרעבנדיק נאָכצוטון די אָרימע, וואָס האָבן גע־וואוינט אין חורבות; ווי זי וואָלט זיך געפּוצט אין דער אָרימקייט. אָבער וואָלט דען איר מצווה געווען גרעסער, ווען זי וואָלט דאָס אַלץ געמוזט טון פון נויט? לאָזט זי צורו: זי האָט פאַרדינט די רו!

זי האָט איבערגעטריבן אויף גאָר אַ שיינעם אופן און גוטון אַ סך מער, ווי מען איז מחויב צו טון. אויף דער פּערמע זענען געווען צוויי מענער, נאָר אינגער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, ווען זיי פלעגן אַוועק, און אַליין האַקן האָלץ; צוליב וואָס האָט זי זיך אַזוי גע־פּייניקט? זי איז טאַקע נישט מער, ווי אַן אומבאַדייטנדיק באַשעפעניש, אַ קליין מענטשעלע, מיט גאָר געוויינטלעכע כוחות; קיינער אין לאַנד קוקט זיך נישט אום אויף איר, צי זי לעבט, צי ניין. אָבער דאָ אין דער ווילדעניש, איז זי גרויס, די גרעסטע; און זי האָט דערום אַפּנים גע־טראַכט, אַז זי איז ווערט די פּייניקונג, וואָס זי נעמט אויף זיך. איר מאַן האָט געזאָגט:

— סיווערט און איך האָבן שוין וועגן דעם גערעדט, מיר׳ן בשום אופן נישט לאָזן דיך מער האַקן האָלץ און זיך אַזוי איבעראַרבעטן.

— איך טו עס צוליב מיין געוויסן — האָט אינגער געענט־פערט.

געוויסן! דאָס האָט יצחקן געצוואונגען צו פאַרטראַכטן זיך. ער איז שוין געווען אין די יאָרן, נישט באַוועגלעך אין זיינע געדאַנקען, נאָר דערפאַר פעסט, ווען ער איז צו עפּעס דערגאַנגען. עס מוז זיין עפּעס אַ זייער שטאַרקער כוח, אָט דער געוויסן. אַז ער האָט געקאָנט דערפירן אינגערן צו אַזאַ מצב: ווי ס׳זאָל נישט זיין, האָט אינגערס תשובה טון געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף אים; ער האָט זיך אָנגעשטעקט פון איר, געוואָרן מילדער און פאַרטראַכטער. כדי צו שפּאָרן זיינע אייגענע ביי־מער, האָט ער אָפּגעקויפט אַ שטיק מלוכה־וואַלד, מיט גוט געהילץ, ביי

ד׳ר שוועדישער גרעניצן, און ער האָט אים געהייסן ליין, זיך אָפּזאָגנדיק פון וואָס ער נישט איז הילף. סיווערטן האָט ער אויך פאַרזאָגט צו בלייבן אינדערהיים און אַכטונג געבן, אַז די מוטער זאָל נישט אַרבעטן צו פיל.

און אַזוי כלעגט יצחק אין יענע קורצע ווינטער-טעג אַרויס צו זיין אַרבעט אין דער פינסטער און זיך צוריקקערן אין דער פינסטער; נישט אַלע מאָל איז געווען אַ לבנה, אָדער שטערן. און אָפט זענען זיינע אייגענע טריט פון אינדערפרי געווען פאַרדעקט מיט שניי פאַרנאַכט-צו, אַזוי, אַז ס׳איז געווען שווער צו געפינען דעם וועג. און אין איינעם אַן אָוונט האָט עפּעס געטראָפן.

ער איז געווען אויפן וועג אַהיים. אין העלן לבנה-ליכט האָט ער אַרויסגעזען סעלאַנראַא אויפן אַראָפּבאַרג. שיין און וואויל געבויט, נאָר קליין, ווי אַן ערד-הייל, צווישן שניי, וואָס האָט זי באַדעקט. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך געהילץ איצט, און ס׳האָט געזאָלט זיין אַ גרויסע איבער-ראַשונג פאַר אינגערן און די קינדער, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אויף וואָס ער וויל דאָס געהילץ באַנוצן — אויף דעם וואונדערלעכן בנין, וואָס ער האָט אין זינען. ער האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען אַ ביסל אויפן שניי, כדי נישט אויסצוזען אַזוי מיד, ווען ער וועט קומען אַהיים.

שטיל איז אַרום, און גאָטס ברכה רוט אויף דער שטילקייט. יצחק האָט איצט נאָר גוטע מחשבות! יצחק איז אַן אַרבעטס-מאַן, און ער קוקט אַריבער אין דער ווייט אַרום זיין נחלה, טראַכטנדיק וועגן אַ נייעם שטח ערד אויף צו באַאַרבעטן. אין געדאַנק הויבט ער אונטער גרויסע, שווע-רע שטיינער; און ער האָט אַ באַזונדערן טאַלאַנט אויסצוטריקענען זומפּן. דאָרטן, ווייסט ער, ליגט נאָך אַ ברייטער פּאַס בלאָטיק לאַנד אויף זיין ערד; און ער איז פול מיט אַרץ; איבער יעדער סאַזשעלקע דאָרט ציט זיך אַ מעטאַלן הייטל — ער וועט איצט אָט דעם זומפּ אויסטריקענען. ער צייכנט אָן פירעקן מיט זיין אויג, מאַכט פּלענער און טראַכט דאָס אַלץ אַרום. די פירעקן ווערן גרין און פרוכטבאַר. אָ, אַ שטיק באַאַרבעטע ערד איז אַ גרויסע זאַך; אין דעם, האָט ער געפילט, איז דאָ אי יושר, אי סדר — און אַזאַ גרויסע פרייד!...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט — און מיטאַמאָל זיך דערפילט צעמישט. המ. וואָס האָט געטראָפן? גאָרנישט. מער נישט, ער האָט אַ ביסל

אָפּגערונ. און איצט שטייט אים עפּעס פאַר די אויגן, אַ וועזן, אַ גייסט, גרויע זייד, — ניין, גאָרנישט. ער האָט זיך דערפילט מאָדנע — געמאַכט אַ קורצן נישט זיכערן טראָט פאָרויס און זיך באַגעגנט גלייך מיט אַ בליק, מיט אַ ברייטן בליק — אַ פּאָר אויגן. אין דער זעלבער רגע האָב די טאָפּאָלן, וואָס זענען דאָ דערלעבן געשטאַנען, זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן און רוישן. און ס׳איז באַוואוסט, אַז דאָס רוישן פון אַ טאָפּאָל איז זייער מיאוס און אומהיימלעך. יצחק האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ אומהיימלעך רוישן נישט געהערט, און אַ גרויל איז אים באַפאַלן. ער האָט אויסגעשטרעקט איין האַנט פאָרויס, אָבער ס׳איז געווען די הילפלאָזסטע באַוועגונג, וואָס זיין האַנט האָט ווען-נישט-איז געמאַכט.

אָבער וואָס איז עס געשטאַנען פאַר אים? אַ געשטאַלט, אָדער נישט? יצחק האָט זיין גאַנץ לעבן פעסט געגלייבט, אַז ס׳איז דאָ אַ העכערע קראַפט, און איינמאָל האָט ער זי אפילו געזען, אָבער דאָס געשפּענסט איצט האָט נישט אויסגעזען ווי גאָט. זאָל דאָס זיין דער הייליקער גייסט? אָבער צוליב וואָס איז ער דאָ געשטאַנען, אינמיטן פעלד, צווייי אויגן, אַ בליק און מער גאָרנישט? אויב ער איז געקומען נאָך אים, נאָך זיין נשמה, איז מהיכא תיתא, ס׳האָט דאָך געדאַרפט געשען אַמאָל וואָלט ער אַרויף אין הימל און געווען צווישן די געבענטשטע.

יצחק איז געווען זייער אָנגעשטרענגט. וואָס וועט דאָ געשען? אַ שוידער איז אים אַדורך איבערן לייב. פונם געשפּענסט, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, האָט געווייעט אַ קעלט, אַ פראָסט — עס מוז זיין דער שטן! דאָ איז יצחק אַרויף אויף אַ מער באַקאַנטן באָדן. יאָ, ס׳קאָן זיין, אַז ס׳איז דער שטן — וואָס-זשע האָט ער געדאַרפט דאָ? וואָס האָט ער, יצחק, געטון דען פאַר אַ שלעכטס? ער האָט בלויז פרישע ערד אויפגעאַקערט אין זיינע מחשבות — אין דעם האָט זיכער נישט געקאָנט שטעקן קיין שלעכטס. אין קיין שום אַנדערן חטא האָט ער זיך נישט געפילט שולדיק. ער איז אויפן וועג אַהיים, פון זיין אַרבעט אין וואַלד, אַ מידער און הונגעריקער אַרבעטער, אויפן וועג קיין סעלאַנראַאַ — און אָן שום שלעכטע כוונות...

ער האָט ווידער געגעבן אַ טראָט פאָראויס, נאָר אַ טראָט זייער אַ קליינעם, און גלייך אָפּגעטראָטן אויף צוריק. דאָס געשפּענס האָט זיך נישט גערירט. יצחק האָט געקנייטשט די שטערן, ווי אָנהייבנדיק עפּעס

צו פֿאַרדעכטיקן. אויב דאָס איז דער שטן — גוט, זאָל ער זיין; דער שטן איז נישט אַלמעכטיק — לויטער האָט אים שוין איינמאָל שיער נישט געטויט, און אַ סך אַנדערע האָבן אים נישט איינמאָל פֿאַריאָגט מיט דער הילף פֿון צלם און יעזוסעס נאָמען. יצחק האָט נישט בדעה געהאַט זיך קעגנצו־שטעלן דעם שטן, און נישט זיך צווּעקצוזעצן און אים אַריינלאָכן אין פּנים אַריין. נאָר ער האָט באַשלאָסן אויפצוגעבן זיין ערשטן געדאַנק וועגן שטאַרבן און חתנן יענער וועלט. ער האָט געגעבן צוויי טראָט פֿאָרויס, גלייך אויפן געשפּענסט, זיך איבערגעצלמט און אויסגעשריגן: — אין יעזוסעס נאָמען!

ה־מ? ביים קלאַנג פֿון זיין אייגן קול איז ער, ווי ס'ווייזט אויס, געקומען צו זיך, און ווידער דערזען סעלאַגראַאַ. די סאַפּאָלן האָבן אויפֿגעהערט צו רוישן, און די צוויי אויגן אין דער לופֿטן זענען פֿאַר־שוואונדן.

ער האָט נישט פֿאַרלוירן קיין איבעריקע צייט און נישט געוואַרט, אַז דאָס געשפּענסט זאָל זיך ווידער אומקערן. נאָר ווען ער האָט זיך שוין געפֿונען אויף זיין אייגענער שוועל, האָט ער לייכט און זיכער אָפּ־געאָטעמט, און אַריין אין הויז מיט פֿעסטע טריט, ווי אַ מאַן — ווי אַ העלד.

אינגער האָט זיך דערשראָקן און געפֿרעגט, פֿאַרוואָס איז ער אַזוי בלייך.

און ער האָט נישט פֿאַרלייקנט, אַז ער האָט באַגעגנט דעם שטן.

— וואו? — האָט זי געפֿרעגט.

— דאָרטן, פֿון יענער זייט, נישט ווייט פֿון אונדזער הויז.

אינגער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פֿון קנאה. זי האָט אים, אמת, נישט געגלייבט פֿאַר דעם, נאָר אויף איר פּנים איז אויך נישט גע־ווען צו באַמערקן קיין שום אויסצופֿרידנהייט אָדער אַ בייזן בליק. אינגער איז לעצטנס בכלל עפּעס געוואָרן האַרציקער און בעסער. און איצט האָט זי בלויז געפֿרעגט:

— דעם שטן אַליין?

יצחק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ: אויף ווי ווייט ער האָט גע־קאָנט זען, איז עס געווען דער שטן, נישט קיין אַנדערער.

— און ווי אַזוי ביסטו ניצול געוואָרן פֿון אים?

— איך האָב זיך אויף אים אַ לאָז געטון אין יעזוסעס נאָמען — האָט יצחק געענטפערט.

— אינגער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אינגאַנצן אַן איבעראַשטע, און ס׳האָט געדויערט אַ ביסל צייט איידער זי האָט געקאָנט דערלאַנגען דאָס עסן צום טיש.

— יעדנפאַלס, — האָט זי לסוף געזאָגט, — ווען מיר דיך נישט לאָזן מער גיין אין וואַלד אַריין.

זי האָט זיך געזאָרגט פאַר אים — און דאָס האָט אים הנאה געטון. ער האָט זיך געמאַכט האָפּצנדיק, אַז ער דאַרף נישט האָבן קיין שום באַגלייטער. אָבער דאָס איז בלויז געווען, כדי צו באַרויִקן אינגערן, כדי נישט איבערצושרעקן זי נאָך מער, ס׳איז זיין חוב צו שיצן זי און די איבעריקע; ער איז דאָך דער מאַן, דער עלטערער אין הויז.

נאָר אינגער האָט דאָס אויף פאַרשטאַנען און געזאָגט; — אָ, איך ווייס, דו ווילסט מיך נישט אָנשרעקן. נאָר דו מוזט מיטנעמען סיווערטן מיט זיך סיי ווי.

יצחק האָט גאָר אַ לייכטן שמייכל געטון.

— קאָנסט נאָך אַמאָל פּלוצים קראַנק ווערן אין וואַלד — קוקסט אַזוי אויך נישט אויס איבעריק געזונט.

יצחק האָט נאָכאַמאָל אַ שמייכל געטון. קראַנק? מיד, אפשר, און אָפּגעשוואַכט אַ ביסל, אָבער קראַנק? זאָל נאָר אינגער נישט זאָרגן און נישט מאַכן אים צום נאַר: ער איז געזונט און שטאַרק געניג; עסט, שלאָפט און אַרבעט; זיין גבורה איז ממש ריזיק! איינמאָל איז אַ בוים געפאַלן אויף אים און אים אַראָפּגעריסן אַן אויער; נאָר ער האָט פון דעם קיין וועזן נישט געמאַכט. ער האָט דאָס אויער צוגעשטיקעוועט צוריק צו זיין אָרט און אַזוי לאַנג געטראָגן דאָס היטל אַראָפּגערוקט איבערן אויער, טאָג און נאַכט, ביז ער איז צוריק פאַרוואַקסן געוואָרן. פאַר אינערלעכע קראַנקהייטן נעמט ער „טעראַק״, געקאָכט אין מילך צו מאַכן עס זיס — ציקאָריע אַזאַ, געקויפט אין דער דאָרפישער קראָם, אַן אויסגעפּרוביִרט מיטל נאָך פון אַלטע צייטן. און אַז ער גיט זיך אַ שניט אין האַנט, גיסט ער אויף דער וואונד וואַסער און באַשיט מיט זאַלץ. און אין עטלעכע טעג אַרום פאַרהיילט זי זיך. נאָך נישט געווען דער פאַל, מען זאָל זען אַ דאָקטאָר אין סעלאַנראַאַ.

ניין, יצחק איז נישט געווען קראַנק. אַזאַ גבר ווי ער קאָן נאָך אויסהאַלטן; אַ באַגעגענעניש אפילו מיטן שטן. און ער האָט זיך נישט גע־פילט ערגער גאָך דעם פאַל. פאַרקערט, ס׳האָט אויסגעזען, ווי דאָס האָט אים גאָר געשטאַרקט און אַז דער ווינטער האָט יך אַלץ מער דערנענ־טערט צו זיין סוף און פרילינג איז שוין געווען נישט ווייט — האָט זיך יצחק דער מאַן און הויפט גאָר דערפילט פאַר אַ העלד: „איך פאַרשטיי מיך אויף אַזעלכע זאַכן, פאַרלאָזט זיך נאָר אויף מיר; פאַר אַ נויט קאָן איך זיך אַן עצה געבן — אויך מיטן שטן״!

די טעג זענען איצט געווען שוין לענגער און ליכטיקער; ס׳איז שוין געווען נאָך פּאַסכאַ, יצחק האָט צונויפגענומען זיין גאַנץ געהילץ; אַלץ איז געווען אויפגעמונטערט, די מענטשן האָבן אָפּגעאָטעמט פרייער נאָכן לאַנגן ווינטער.

אינגער איז ווידער געווען די ערשטע, וואָס האָט אויפגעלעבט, אַזוי מונטער איז זי שוין אַ לאַנגע צייט נישט געווען. וואָס האָט עס גע־קאַנט זיין? האָ, ס׳איז געווען אַ טעם: אינגער איז ווידער מעוברת גע־ווען. אַלץ גייט גלאַט, קיין זאַך פעלט איר מער נישט. וואָס פאַר אַ גליק נאָך דעם, ווי זי האָט אַזוי שטאַרק געזינדיקט! ס׳איז געווען מער, וויפיל זי האָט געקאָנט דערוואַרטן. יאָ, זי איז געווען מזלדיק. יצחק האָט אין איינעם אַ טאָג אויך עפעס באַמערקט און זי גלייך געפרעגט:

— ס׳זעט אויס, ווי דו טראָגסט נאָכאַמאָל, טאַקע?

— יאָ, אַ לויב צו גאָט, עס איז אַזוי ווי דו זאָגסט, — האָט זי געענטפערט.

זיי זענען געווען ביידע גלייך איבעראַשט. אוודאי איז אינגער גאָך נישט געווען אַזוי אַלט; פאַר יצחקן איז זי אַלנפאַלס נישט געווען אַלט. גאָר דאָך נאָך אַ קינד... אַזוי!... די קליינע לעאָפּאָלדינאַ גייט שוין טאַקע אַוועק אין שול אויף אַ לענגערע צייט עטלעכע מאָל אין יאָר, אין ברייידאַבליק — איז מען אין שטוב אָן קליינוואַרג, און חוץ דעם איז לעאָפּאָלדינאַ גלאַט שוין אַן עלטער מיידל.

אַ פּאָר טעג זענען אַריבער, און יצחק איז מיטאַמאָל אייליק אַוועק אין דאָרף אַריין, פון שבת אויפדערנאַכט ביז מאָנטיק אינדערפרי. ער האָט נישט געזאָגט צוליב וואָס ער גייט אַהין, נאָר ווען ער איז צוריק־געקומען, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט אַ מיידל.

— דאָס איז יאַנסינאַ, — האָט ער געזאָגט, — זי וועט דיר העלפן.

— ס'איז אַלץ דיין נארישקייט, — האָט אינגער געזאָגט, — אַז איך דאַרף נישט האָבן קיין הילף.

יצחק האָט געענטפערט, אַז זי דאַרף יאָ האָבן הילף — איצט.

צי זי דאַרף, צי נישט — ס'איז געווען ליב און גרויסמוטיק פון יצחקן, און אינגער איז גאָר געווען גערירט און דאַנקבאַר. דאָס נייע מיידל איז געווען די טאָכטער פונם דאָרפישן שמיד. זי איז דערווייל געקומען ביז איבערן זומער; דערנאָך וועט מען זען אויף ווייטער.

— און איך האָב געשיקט אַ טעלעגראַמע — האָט יצחק געזאָגט, — צו אלישען.

דאָס נייעס האָט אינגערן גאָר איבעראַשט. אַ טעלעגראַמע? זי איז ממש צעמישט פון זיין גוטסקייט! ס'איז לעצטנס געווען איר גרעסטע זאָרג, וואָס אלישע איז ערגעץ ווייט אין שטאָט — אין דער זינדיקער שטאָט! זי האָט צו אים געשריבן וועגן גאָט, און אים געלאָזט וויסן, ווי אַזוי די אַרבעט פאַלט דאָ שווער אויף זיין פאָטער, ער ווערט אַלץ עלטער און דער ישוב האַלט אין איין פאַרגרעסערן זיך: דער קליינער סיווערט קאָן אַלץ נישט באַזאָרגן אַליין, און חוץ דעם וועט ער דאָך אַמאָל באַקומען דעם פעטערס ירושה — אַלצדינג האָט זי אים געשריבן און אים געשיקט געלט אויף רייזע-הוצאות, גלייך אהיימצוקומען. נאָר אלישע האָט זיך שוין איינגעלעבט אין שטאָט און נישט געהאַט קיין שום חשק זיך צוריק אומצוקערן צום פויערשן לעבן; ער האָט געענטפערט עפּעס אין דעם זין, אַז וואָס וואָלט ער דען געקענט טון, ווען ער זאָל אַהיימקומען? אַרבעטן אויף דער פערמע און אַוועקלייגן דאָס גאַנצע וויסן און לערנען, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן? — אין דער אמתן, — אַזוי האָט ער געשריבן, — האָב איך נישט קיין חשק עס צו טון. און ווען איר וואָלט מיר געקאָנט שיקן עפּעס צייג אויף אונטערוועש, וואָלט איך פאַרשפּאָרט צו מאַכן חובות. און אוודאי האָט אינגער אים אַלעמאָל געשיקט צייג אויף חעש. נאָר ווען זי איז געוואָרן פרומער און רעליגיעזער, האָבן זיך איר געעפנט די אויגן, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אלישע פּלעגט דאָס צייג פאַרקויפן און דאָס געלט פאַרנוצן אויף אַנדערע זאַכן.

יצחק האָט עס אויך פאַרשטאַנען. נאָר ער האָט קיינמאָל נישט.

נערעדט וועגן דעם; ער האָט געוואוסט, אַז אלישע איז דער מוסטערס ליבלינג און ווי זי וויינט און טרייסלט זיך איבער אים. נאָר דערוויל איז איין שטיק צייג אַוועק נאָכן אַנדערן, און ער האָט געוואוסט, אַז ס׳איז מער וויפיל אַ לעבעדיקער מענטש באַדאַרף אויף אונטערוועש. און צום סוף האָט יצחק, אַלס מאַן און פאָטער, אַלס קאָפּ פונם הויז, זיך געמוזט אריינמישן. ס׳האָט אים טאַקע געקאָסט היפשלעך אַ טעלעגראַמע, אָבער אַ טעלעגראַמע וועט, ערשטנס, מאַכן אַן איינדרוק אויפן בחור און צווייטנס — איז עפּעס געווען אומגעוויינטלעך אָנגענעם פאַר יצחקן צו קומען אַהיים און דאָס דערציילן אינגערן. ער האָט געטראָגן דעם דינסט־מיידלס קאָסטן אויף זיין פּלייצע, שפּאַנענדיק אַהיים; נאָר ער איז געווען שטאָלץ און פול מיט וואָגיקע סודות, ווי אין יענעם טאָג, ווען ער איז געקומען מיטן גאָלדענעם פינגערל...

ס׳איז געווען אַ גרויסאַרטיקע צייט! אינגער האָט גאָר פון קיין גרענעץ נישט געוואוסט אין איר פלייסן זיך צו זיין גוט און וואויל. זי פלעגט צו אים זאָגן איצט, ווי אין די אַמאָליקע צייטן: — דו אַר־בעטסט זיך איבער אויף טויט! — אָדער: — ס׳איז מער, וויפיל אַ מענטש קאָן אויסשטיין! — אָדער ווידער: — איצט זאָלסטו מער נישט אַרבעטן; קום אריין און עס עפּעס אָפּ — איך האָב אָפּגעבאַקן עטלעכע קיכעלעך פאַר דיר. — און כדי איר פאַרשאַפן נחת, האָט יצחק געפרעגט: — איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, צי האָסטו פאַרשטאַנען, וואָס איך וויל מאַכן מיט אָט דעם גאַנצן געהילך, וואָס איך האָב בדעה צו בויען איצט?

— דאָס ווייס איך טאַקע נאָך נישט, — האָט אינגער געענטפערט מיט זייער אַן ערנסטער מינע.

יאָ, ווידער ווי אין די אַמאָליקע גוטע טעג. און אַז אינגער האָט געבוירן דאָס קינד, — אַ מיידעלע — אַ גרויס, שיין קינד, געזונט און שטאַרק — האָט יצחק געמוזט זיין אַ שטיין אָדער אַ כלב, אויב ער וואָלט נישט געדאַנקט גאָט. נאָר וואָס האָט ער בדעה געהאַט צו בויען? ס׳וועט זיין נייעס פאַר אַלײנאַן אַרומצוגיין דערציילן — נאָך אַ נייער בנין אין סעלאַנראַא. אַ נייער פליגל צום הויז — נאָך אַ הויז. און זיי זענען איצט געווען אַזוי פיל נפשות אין סעלאַנראַא: זיי האָבן געהאַט אַ דינסט־מיידל; אלישע האָט געדאַרפט קומען; און אַ שפּאָגל־ניי קליין מיי־

דעלע, — דאָס אַלטע הויז וועט שוין זיין בלויז פאַר אַ שלאָף־צימער, נישט מער.

און, פאַרשטייט זיך, אַז יצחק האָט געמוזט דערציילן אָט דעם פּלאַן אינגערן. זי איז געווען אַזוי ניינעריק צו וויסן, — הגם זי האָט דעם סוד שוין אפשר געוואוּסט פון פריער, פון סיווערטן, — זיי פלעגן זיך אָפט ביידע שושקען — זי איז געווען אַזוי איבעראַשט, אַז זי האָט אַזש אַראָפּגעלאָזן די הענט און געזאָגט: — מיינסטו עס טאַקע אויף אַן אמת?

און יצחק, אַ איבערגליקלעכער, האָט איר געענפערט:

— אַז דו ביסט אַזאַ קינצלערין, מוז איך דאָך גרעסער מאַכן די שטוב.

די צוויי שטוב-מענער פלעגן איצט יעדן טאָג האַקן שטיינער פאַרן פונדאַמענט צום נייעם בנין. זיי האָבן געאַרבעט ביידע צוזאַמען, יעדערער אויף זיין אופן: דער איינער — פריש און פעסט געבויט, פלינק אין כאַפּן דאָס גויטיקע ביי דער אַרבעט, אויסצוקלויבן די פּאַסיקע שטיינער. דער צווייטער — עלטער, שווערער, אָבער מיט לאַנגע הענט און אייזער־נער גבורה ביים אַריינגראָבן דעם רודל. ווען זיי זענען בייגעקומען אַ באַ־זונדערס שווער שטיקל אַרבעט, פלעגן זיי זיך אַ ביסל אָפּרוען און כאַפּן אַ לייכטן שמועס:

— ברעד, ער רעדט וועגן פאַרקויפן, — האָט דער פאָטער זיך אָנגערופן.

— יאָ, — האָט דער זון געזאָגט. — טשעקאַווע, וואָס ער וועט פאַר דעם בעטן?

— יאָ, טשעקאַווע וויפיל.

— האָסט גאָרנישט געהערט?

— ניין.

— איך האָב געהערט, אַז צוויי הונדערט.

דער פאָטער האָט געטראַכט אַ ווײַלע, און געזאָגט: — וואָס מיינס־טו, אָט דער שטיין וועט טויגן?

— ס'ווענדט זיך נאָר, אויב מיר וועלן אים קאָנען אַרויסקריגן פון דאַנען — האָט סיווערט געזאָגט. און גלייך האָט ער זיך אויפגעשטעלט,

דערלאַנגט דעם זעץ-האַמער דעם פּאָטער און אַליין גענומען דעם שמיד-האַמער. ער איז געוואָרן רויט אין דערהיצט, זיך אויפגעשטעלט אין דער פולער הויך זיינער, און געלאָזן דעם שמיד-האַמער פאַלן; צוואַנציק גליי-כע קלעפּ — צוואַנציק דונער-קלעפּ! ער האָט נישט געזשאַלעוועט נישט זיך נישט דעם האַמער, געאַרבעט מיט אַלע כוחות. דאָס העמד האָט זיך אים אַרויסגערוקט פון די הויזן און אַנטבלויזט זיין לייב; ער האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער יעדעס מאָל, כדי צו דערלאַנגען שטאַר-קער מיטן האַמער; צוואַנציק קלעפּ!

— איצט, לאָמיר זען! — האָט דער פאָטער געזאָגט.

דער זון הערט אויף און פרעגט:

— זיך עפּעס געשפּאָלטן?

און זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט ביידע צו באַקוקן דעם שטיין, אָט דעם אומגעהייערן ריז; ניין, נאָך נישט געשפּאָלטן זיך.

— לאָז מיך איצט נאָר פּרוּוון מיטן זעץ-האַמער אַליין, — האָט דער פאָטער געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט. נאָך שווערער אַרבעט, הוי-לער גבורה, דער האַמער איז געוואָרן רויט. דער שטאָל האָט געשוויצט, די שאַרף איז געוואָרן שטומפּיק.

— ער גליטשט זיך אַרויס פונם הענטל, — האָט יצחק געזאָגט און אויפגעהערט, — און איך האָב שוין טאַקע קיין כוח אויך מער נישט.

אָ, ער האָט דאָס נישט געמיינט ערנסט, אז ער האָט שוין קיין כוח נישט! אָט דער פאָטער, דער אייזער-ער מענטש, פול מיט געדולד און גוטסקייט, האָט געוואָלט לאָזן דעם זון די הנאה פון געבן די לעצטע פּאָר קלעפּ און שפּאַלטן דעם שטיין. און אָט איז ער געשפּאָלטן אויף צווייען.

— יאָ, דו פאַרשטייסט אַן ענין, — האָט דער פאָטער געזאָגט. — המ, יאָ... מ׳וואָלט געקאָנט אפשר עפּעס מאַכן פון ברייטאַבליק.

— איך מיין אַזוי, — האָט דער זון געענטפערט, — מען דאַרף נאָר דורכפירן גראָבנס און אויסטריקענען דעם באָדן.

— דאָס הויז דאַרף מען פאַריכטן פון אָנהייב ביזן סוף. ס׳איז אַ סך אַרבעט, נאָר... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן. ווייסטו נישט, צי די מאַמע גייט אין קלויסטער אריין זונטיק?

— יאָ, זי האָט גערעדט וועגן דעם.

און זיי האָבן זיך ווייטער געשטעלט אַרבעטן.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי ביידע איינגעפונען, אַז זיי האָבן שוין גענוג שטיינער פאַר די ווענט. דאָס איז געווען פרייטיק אָוונט; זיי האָבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען אַ ביסל און דערווייל ווידער געשמועסט.

— הימ. וואָס זאָגסטו? זאָלן מיר זיך מישב זיין, אפשר, וועגן ברייטדאַבליק?

— נאָך וואָס? — האָט סיווערט געפרעגט. — וואָס וועלן מיר טון מיט דעם?

— איך ווייס נישט. דאָרטן איז די שול פּונקט אינמיטן דער נחלה.

— און וואָס דען? — האָט דער זון געפרעגט.

— איך ווייס נישט, אַז מען קאָן עס אויף קיין שום זאַך נישט נוצן.

— האָסטו געטראַכט וועגן דעם?

— ניין... סיידן אלישע וואָלט עס געוואָלט אויף צו אַרבעטן דאָרטן.

— אלישע?

— יאָ, נאָר איך ווייס נישט.

אַ לאַנגער איבערייס, ביידע זענען שווער פאַרטראַכט. דער פאָטער הייבט אָן צונויפנעמען דאָס געצייג, זיך מאַכנדיק גרייט אַהיים צו גיין.

— יאָ, סיידן... — האָט סיווערט געזאָגט. — דו וואָלסט אים געמעגט פרעגן וועגן דעם.

און דער פאָטער האָט פאַרענדיקט דעם שמועס:

— נו, נאָך אַ טאָג אַוועק, און קיין שטיין פאַר דער טיר-שוועל האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געפונען.

אויף מאָרגן איז געווען שבת, און זיי האָבן געדאַרפט אויפשטיין פרי, כדי אַריבערצוגיין מיטן קינד אויף יענער זייט באַרג. יאַנסינאַ, דאָס דינסט-מיידל, איז מיטגעגאַנגען; זי איז געווען איין טויף-מוטער,

די איבעריקע האָבן זיי געדאַרפט אויסזוכן פון צווישן אינגערס קרובים אויף יענער זייט.

אינגער האָט אויסגעזען זייער שיין; זי האָט זיך אויפגעבייט אַ שיין ציצן קלייד, באַפּוצט מיט ווייסן ביים האַלדז און ביי די אַרבל. דאָס קינד איז געווען אינגאַנצן אין ווייסן, נאָר אַ נייע בלויע סטענגע ביים ראַנד פונם קליידעלע; און עס איז געווען אַ וואונדער אַ קינד: זי האָט שוין געקאָנט שמייכלען און פּלאַפּלען, און זיך צוגעהערט ווען דער זייגער האָט געקלונגען אויף דער וואַנט. יצחק האָט אויסגעקליבן אַ נאָמען פאַר איר: ער האָט געצווייפלט צווישן יאַקאָבינאַ און רעבעקאַ, ווייל ביידע זענען אין קרובהשאַפט מיטן נאָמען יצחק; און לסוף איז ער צוגעגאַנגען צו אינגערן און באַשייד געפרעגט: — וואָס דענקסטו וועגן רעבעקאַ?

— גוט, גוט. — האָט אינגער געזאָגט.

ווען יצחק האָט דאָס געהערט, איז ער מיטאַמאָל געוואָרן זעלבסטשטענדיק, אַ האַר אין זיין אייגן הויז. — אויב זי דאַרף האָבן אַ נאָמען, — האָט ער אין קורצן געזאָגט, — זאָל עס זיין רעבעקאַ! אַזוי פאַרלאַנג איך.

און אוודאי איז ער אויך מיטגעגאַנגען אין קלויסטער אַריין, טיילווייז צו העלפן טראָגן דאָס קינד און טיילווייז מחמת אַזוי האָט אויסגעזען שענער. ס'האָט נישט געפּאַסט צו לאָזן טויפן די קליינע רעבעקאַ אָן אַ געהעריקער געזעלשאַפט! יצחק האָט זיך אונטערגעשוירן די באָרד און אָנגעטון אַ רויט העמד, ווי אין די יונגע יאָרן; ס'איז געווען אינמיטן פון די הייסטע טעג, נאָר אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ ווינטער-גאַרניטור, וואָס האָט אויסגעזען זייער שיין אויף אים, האָט ער אים אָנגעטון. יצחק איז אָבער פאָרט נישט דער מענטש, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט פוץ, — האָט ער אָנגעטון אַ פּאָר פאַנטאַסטישע שווערע שטיוול, כדי צו גיין אין די בערג.

סיווערט און לעאָפּאָלדינאַ האָבן געמוזט בלייבן אינדערהיים, אַכטונג צו טון אויף די בהמות.

זיי האָבן זיך איבערגעשיפט מיטן שיפל איבערן טייך, און דער וועג איז דורך דעם געווען אַ סך קירצער ווי פריער, ווען מען האָט געמוזט גיין אַרום און אַרום, כדי אויסמיידן דאָס טייכל. אינמיטן שיפן זיך,

אַז אינגער האָט אָפּגעשפּיליעט איר קלייד צו געבן זייגן דער קינד, האָט יצחק באַמערקט עפּעס א שיינענדיקע זאַך הענגען אויף אַ פּאָדעם אַרום איר האַלדז; וואָס האָט עס געקענט זיין? און אין קלויסטער האָט ער באַמערקט, אַז זי האָט געטראָגן דאָס גאָלדענע רינגל אויף איר פינגער. אָ, אינגער — פון די זאַכן קען זי זיך נישט אָפּזאָגן!

# XVII

אלישע איז געקומען אַהיים.

פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס ער איז נישט געווען אינדערהיים, איז ער אויסגעוואַקסן העכער פאַרן פאָטער, מיט לאַנגע ווייסע הענט און טונקעלע וואָנסעס. ער האָט זיך נישט געהאַלטן גרויס, נאָר פאַרקערט, זיך געהאַלטן נאַטירלעך און פריינטלעך; זיין מוטער איז געווען איבעראַשט — און צופרידן. ער איז געשלאָפן מיט סיווערטן אין קליינעם שלאָפצימער; די צוויי ברידער האָבן גוט געלעבט צווישן זיך און כסדר אָפּגעטון שפיצלעך איינער דעם צווייטן, ווײַלנדיק זיך אויף אַזאַ אופן. פאַרשטייט זיך, אַז אלישע האָט געמוזט צוהעלפן ביי דער אַרבעט אויפן נייעם בנין; אָבער די אַרבעט פלעגט אים באַלד איינמידן און פאַרמאַטערן, וואָרום ער איז נישט געוואוינט געווען צו קיין שום פיזישער אַרבעט. נאָך ערגער איז געוואָרן, ווען סיווערט האָט געמוזט אַוועקגיין און איבערלאָזן די גאַנצע אַרבעט אויף די אַנדערע צוויי; און אלישע איז פאַקטיש געווען מער אַ שטער, ווי אַ הילף.

וואוהין איז עס סיווערט אַוועק? דאָס איז געווען צוליב אָלינאַן, וועלכע איז אַריבערגעקומען פון יענער זייט בערג מיט אַ בשורה פונם פעטער סיווערט, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן. פאַרשטייט זיך, אַז דער יונגער סיווערט האָט געמוזט אַוועקגיין. אָט אַ לאַגע! ס׳האָט נישט גע-

קענט טרעפן קיין ערגערע זאַך, ווי אַוועקלאָזן סיוועסטן פונקט איצט. קיין אַנדערע ברירה איז נישט געווען.

האָט אַלינאַ געזאָגט:

— כ׳האָב נישט געהאַט קיין צייט צו גיין, בנאמנות; נאָר... איך האָב אַזוי ליב אַלע קינדער דאָ, און באַזונדער דעם קליינעם סיוועסטן, זאָל איך אים נישט העלפן אין זיין ירושה.

— איז דער פעטער סיוועסט טאַקע אַזוי שטאַרק קראַנק?

— אָ, זאָל גאָט זיך מרחם זיין, ער פאַלט איין פון טאָג צו טאָג.

— ליגט ער אין בעט?

— אין בעט! גאָט ליבער, רעדט גאָרנישט. ניין, ער וועט שוין מער נישט אַרומגיין און אַרומשפּרינגען אויף דער וועלט, דער פעטער סיוועסט.

דאָס אַלץ האָט געמוזט הייסן, אַז דער פעטער סיוועסט האַלט שוין גאָר שלעכט, און אינגער איז באַשטאַנען, אַז דער קליינער סיוועסט זאָל זיך גלייך לאָזן אין וועג אַריין.

נאָר דער פעטער סיוועסט, דער אַלטער עובר־בטל, איז נאָך גאָר־נישט געווען געשטימט צו שטאַרבן; ער איז אפילו נישט געלעגן כסדר אין בעט. ווען דער יונגער סיוועסט איז אָנגעקומען, האָט ער די קליינע פערמע געטראָפן אין אַ שרעקלעכער אומאָרדנונג און אָפּגעלאָזנקייט; די פרילינג־אַרבעט איז נאָך נישט געווען אָפּגעטון ווי געהעריק — ס׳איז נאָך אפילו נישט געווען אַרויסגעפירט דאָס גאַנצע ווינטער־מיסט אויפן פעלד; נאָר וואָס איז שייך שטאַרבן, האָט עס נאָך דערביי נישט געהאַלטן. אמת, דער פעטער סיוועסט איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, איבער זי־בעציק: ער איז געווען אַן אינוואַליד און זיך קוים אַרומגעשלעפּט האַלב־אָנגעטון איבערן הויז; אָפט נישט געקאָנט אַראָפּ פון בעט. און ער האָט זיך געגוויטיקט אין הילף צו אַ סך אַרבעטן, ווי למשל, צו די הערינג־נעצן, וואָס זענען געהאָנגען און געפוילט אין שפּייכלער. אָ, נאָר אַזוי האָט ער נאָך בשום אופן נישט געהאַלטן ביי שטאַרבן; ער האָט נאָך אַלץ געקאָנט עסן מאַרינירטע פיש און רויכערן זיין ליולקע.

אַז סיוועסט איז דאָרט אַפּגעווען אַ האַלבע שעה און געזען, ווי עס האַלט, האָט ער זיך געקליבן צוריק אַהיים.

— אַהיים? — האָט דער אַלטער געזוגט.

— מיר בויען אַ הויז. און דער טאַטע האָט נישט ווער עס זאָל אים העלפן.

— האַ! — האָט דער פעטער געזאָגט. — איז אלישע נישט אין דער היים?

— יאָ, נאָר ער איז נישט צוגעוואוינט צו דער אַרבעט.

— צוליב וואָס־זשע ביסטו געקימען?

סיוועֶרט האָט אים דערציילט וועגן אַלינאַן און ווי אַזוי זי האָט געזאָגט, אַז דער פעטער סיוועֶרט האַלט ביי שטאַרבן.

— האַלט ביי שטאַרבן? — האָט דער אַלטער אויסגעשריגן, — געזאָגט, אַז איך האַלט ביי שטאַרבן? צו־אַלדי־רוחות!

— האַ־האַ־האַ! — האָט סיוועֶרט געלאַכט.

דער אַלטער האָט אויף אים בייז אַ קוק געטון. — האַ? לאַכסט פון אַן אַלטן מאַן, און דו טראָגסט מיין נאָמען?

גאָר סיוועֶרט איז געווען צו יונג צו מאַכן אַ טרויעריקן אָנשטעל, ער האָט זיך קיינמאָל נישט שטאַרק געקימערט וועגן זיין פעטער, און איצט האָט ער געוואָלט וואָס גיכער גיין אַהיים.

— אַזוי, האָסטו אויך אַזוי געמיינט? — האָט דער אַלטער נאָכ־אַמאָל געזאָגט, — געמיינט, אַז איך האַלט ביים סוף און צוליב דעם געקומען?

— אַזוי האָט אַלינאַ געזאָגט, — האָט סיוועֶרט איבערגעחזרט.

דער פעטער איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ ווײַלע, דערנאָך גע־רעדט ווייטער:

— אויב דו וועסט מיר פאַריכטן די נעצן מיינע אין שפייכלער, וועל איך דיר עפּעס ווייזן.

— הם. — האָט סיוועֶרט געזאָגט, — וואָס?

— דאָס איז נישט דיין עסק, — האָט דער אַלטער בייז געזאָגט, און זיך געלייגט נאָכאַמאָל אין בעט אַריין.

דער ענין האָט, ווײַזט אויס, געפּאַטערט צייט. סיוועֶרט האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון. ער איז אַרויסגעגאַנגען און באַקוקט דאָס אָרט. אַלץ איז געווען שרעקלעך אָפּגעלאָזן; אוממעגלעך צו שטעלן זיך אַר־בעטן דאָ. ווען ער איז אַריינגעקומען צוריק, איז דער פעטער געזעסן און געוואַרעמט זיך לעבן אויוון.

— זעסט? — האָט דער אַלטער געפרעגט און אָנגעוויזן אויף אַ ווערבענעם קופערט לעבן זיינע פיס. דאָס איז געווען זיין געלד-קופערט. אין דער אמתן, איז עס געווען אַ קאַסטן אויף צו האַלטן פלעשער אין אים, וואָס אַרומפאָרנדיקע ריכטער אָדער אַנדערע גרויסע לייט פלעגן מיטנעמען מיט זיך אויף זייערע נסיעות אין די אַלטע צייטן. נאָר איצט איז אין אים נישט געווען קיין פלעשער; דער אַל ער האָט אים געניצט פאַר זיינע דאָקומענטן און פאַפירן אַלס שאַץ-מייסטער פונעם בעצירק: ער האָט געהאַלטן אין אים איצט חשבונות און זיין געלט. קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן, אַז אין אים זענען באַהאַלטן געוואַלדיקע אוצרות; די דאָרפסלייט פלעגן שאָקלען מיט זייערע קעפ און זיך ווינטשן: — ווען איך וואָלט נאָר פאַרמאָגט דאָס, וואָס ס'ליגט ביים אַלטן סיווערט אין קופערט!

דער פעטער סיווערט האָט אַרויסגענומען אַ פאַפיר פונעם קאַסטן און פייערלעך געזאָגט:

— דו קאָנסט אַוודאי לייענען האַנט-כתב? אַ נו, לייען! — דער קליינער סיווערט איז אַפילו נישט געווען קיין גרויסער מומחה אין לייענען, נאָר דאַך האָט ער פון דעם פאַפיר פאַרשטאַנען, אַז ער וועט ירשענען אַלץ, וואָס זיין פעטער סיווערט וועט נאָך זיך איבערלאָזן.

— און איצט, — האָט דער אַלטער געזאָגט, — איצט טו, ווי דו פאַרשטייסט, — און ער האָט צוריק אַריינגעלייגט דאָס פאַפיר אין שטיב אַריין.

אויף סיווערטן האָט עס קיין גרויסן איינדרוק נישט געמאַכט; נאָך אַלעמען האָט דאָס פאַפיר אים נישט דערציילט מער, וויפיל ער האָט שוין געוואוסט פון פריער. נאָך פון קליינערהייט אָן האָט ער שוין געהערט, אַז ער וועט באַקומען די ירושה, וואָס דער פעטער וועט לאָזן. אָנקוקן דעם אוצר — דאָס וואָלט שוין געווען עפעס אַנדערש.

— ס'מוזן דאָרטן אַוודאי ליגן אַ סך טייערע זאַכן, — האָט ער געזאָגט.

מער וויפל דו קאָנסט זיך משער זיין, — האָט דער אַלטער בקיצור געענטפערט.

ער איז געווען אין כעס און אַנטוישט אין זיין פלימעניק: ער האָט פאַרשלאָסן דעם קופערט און זיך צוריקגעקערט אין בעט אַריין. גע-

לעגן און פון בעט אַראָפּגערעדט: — דרייסיק יאָר בין אך דאָ געווען שאַך-מייסטער, היטער פון פּאָלקס-געלטער דאַ און דאָרף; איך דאַרף צו קיינעם נישט אָנקומען נאָך הילף! ווער האָט עס געזאָגט אָלינאַן, וואָלט איך געוואָלט וויסן, אַז איך האָלט ביי שטאַרבן? איך קאָן שיקן דריי מענטשן מיט א פור נאָך אַ דאָקטאָר, ווען איך זאָל וועלן. און די זיי נשט צו קלוג, יונגערמאַן! קאָנסט אַפילו נישט אויסוואַרטן, ביז איך וועל אויסהויכן מיין לעצטן אָטעם, ווייזט אויס. איך האָב דיר געוויזן דעם דאָקומענט, דו האַסט אים געזען, דאָרטן ליגט ער אין קופערט — דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב דיר צו זאָגן. נאָר אויב דו וועסט אַוועקגיין איצט פון מיר, קאָנסטו איבערגעבן דיין ברודער אלישען און אים זאָגן, אַז ער זאָל קומען. ער טראָגט נישט מיין נאָמען — נאָר זאָל ער קומען.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם דרייענדיקן טאָן, האָט סיווערט מער נישט ווי אַ רגע געטראַכט און געזאָגט:

— יאָ, איך וויל איבערבעטן אלישען.

אָלינאַ איז נאָך געווען אין סעלאַנראַאַ, ווען סיווערט איז צוריקגעקומען. זי האָט באַוויזן אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אַראָפּ-צו נידעריקער, ביי אַקסעל שטרעם און באַרבראָ אויף זייער פערמע, און זיך צוריקגעקערט פול מיט סודות און שושקעריי. — באַרבראָ איז אַ רעכט ביסל דיקער געוואָרן — גאָט ווייסט, וואָס דאָס קאָן זיין; נאָר דערציילט נישט קיינעם וועגן דעם... און אָט איז סיווערט שוין דאָ צוריק? איך פאַרשפּאַר פרעגן, וואָס הערט זיך? פעטער סיווערט איז שוין אַוועק אויף יענער וועלט? יאָ, יאָ, אַן אַלטער מאַן געווען, שוין לאַנג מיט איין פוס אין קבר. וואָס — נישט געשטאָרבן? אַ דאַנק און אַ לויב צו גאָט! איך האָב גערעדט פּוסטע רייד, זאָגסטו? אָ, הלוואי וואָלט זיך אַזוי געווען ריין פון אַנדערע זינד! פונוואַנען האָב איך געקאָנט וויסן, אַז דיין פעטער ליגט און מ כט אַ פּאַלשן אָנשטעל פאַר גאָט? ער איז אַ חלוש און וועט לאַנג נישט לעבן, דאָס האָב איך געזאָגט. און איך וועל מיינע רייד נישט אָפּלייקענען, אפילו פאַרן כסא הכבוד. וואָס זאָגסטו? נו, און איז ער נישט געלעגן דאָרט אין בעט, מיט די הענט פאַרלייגט אויף זיין ברוסט און געזאָגט, אַז ער וועט שוין באַלד זיין פאַרביי?

מיט אָלינאַן איז נישט שייך געווען צו שפּאַרן זיך. זי האָט פאַר-

וואַרפן אירע קעגנער מיט רייד און זיי פאַרטומלט. אַז זי האָט דער־הערט, אַז דער פעטער סיווערט רופט אלישען, האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם און עס אויסגענוצט אויף איר שטייגער: — אָט זעט איר שוין, ווי איך האָב געדעדט פוסטע רייד. דער אַלטער רופט זיינע קרובים ער חלשט אַ קוק צו געבן אויף זיין אייגן פלייש און בלוט; יאָ, ער האַלט שוין באַם סוף! דו טאָרסט אים נישט אָפּזאָגן, אלישע: גיי די רגע און כאַפּ אַ בליק אויף דיין פעטער כל זמן ער לעבט נאָך. איך גיי אויך מיט יענעם וועג, וועלן מיר גיין צוזאַמען.

אָלינאַ האָט נישט פאַרלאָזט סעלאַנראַאַ, ביז זי האָט נישט אַוועקגע־נומען איגנערן אויף אַ זייט איר איינצורוימען אויפן אויער נאָך סודות וועגן באַרבראָן.

— איך זאָג נישט גאַרנישט — נאָר איך האָב געזען מיט מיינע אויגן! איצטער, מיין איך, וועט זי ווערן די גאַנצע באַלעבאָסטע אויף דער פערמע. יאָ, אַנדערע מענטשן אַרבעטן זיך אַרויף, כאָטש זיי זענען פריִער געווען קליין ווי די זאַמדעלעך אויפן ברעג ים. ווער וואָלט זיך עס ווען געגלייבט אויף אָט דער באַרבראָ! אַקסל איז אָן ספק אַ פליי־סיקער אַרבעטער; און טייערע שטיקער לאַנד און בהמות און אַלץ פונקט ווי איר האָט דאָ — ס׳איז מער וויפיל מיר קאָנען באַגרייפן אויף יענער זייט בערג, דאָס ווייסטו אַליין, אינגער, אַז עס איז אמת, ביסט אַליין אַ געבוירענע אַ דאָרטיקע. באַרבראָ האָט אַ קלייניקייט וואָל אין אַ קו־פערט, ווינטער־וואָל, נאָר איך האָב ביי איר נישט געבעטן און זי אַליין האָט מיר נישט געגעבן. מיר האָבן זיך בלויז געזאָגט „אַ גוטן טאָג“ און „זיי געזונט“, און מער נישט, כאָטש איך געדענק זי נאָך גוט אַלס קינד, ווען איך בין דאָ געווען אין סעלאַנראַאַ, און דו ביסט געווען אין אינ־סטיטוט און זיך געלערנט...

— רעבעקאַ וויינט — האָט אינגער געזאָגט און איבערגעשלאָגן אָלינאַן די רייד; נאָר אַ בינטל וואָל האָט זי איר דערביי אַריינגעשטופּט אין האַנט.

דאַן פאָלגט אַ גרויסע דאַנק־דרשה פון אָלינאַן: יאָ, איז עס נישט אַזוי ווי זי האָט געזאָגט צו באַרבראָן: נישטאָ נאָך אַזאַ געבערין ווי אינ־גער! זי וועט אַוועקגעבן דאָס לעצטע פון זיך, און קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגן מיט קיין וואָרט אפילו. גיי, גיי צום זיסן מלאכל; נאָך קיינ־

מאָל איז אַ קינד נישט געווען אַזוי געראָ.ן אין זיין מאַמען, ווי די קליי-נע רעבעקאַ. צי געדענקט אינגער, וואָס זי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז זי וועט מער קיין קינדער נישט האָבן? אָ, איצט זעט זי! אויף דער על-טער קומט אַמאָל די יוגנט, ווער קאָן דערגרונטעווען די וועגן פון גאָט! — אַזוי האָט אָלינאַ געדרשנט.

און נאָך דעם האָט זי זיך געלאָזט נאָך אלישען, אַרויף-צו, דורכן וואַלד, איינגעשרומפן פון עלטער, גרוי און געקנייטשט, און ווי תמיד אויסגעפירנדיק מיט דער נאָז, פול מיט רכילות און לשון הרע. איצט גייט זי צום אַלטן סיוועדט, אים לאָזן וויסן, ווי אַזוי זי, אָלינאַ, האָט צוגע-רעדט און געפועלט ביי אלישען, אַז ער זאָל קומען.

נאָר אלישען האָט מען נישט געדאַרפט צורעדן. ביי אים פועלן איז נישט געווען שווער. מחמת אין דער אמתן איז אלישע געווען בע-סער איידער ער האָט אויסגעזען. ער איז געווען אַ וואוילער בחור אויף זיין שטייגער, אַ גוטער און לעבעדיקער יונג, ער האָט נאָר נישט גע-האַט אַזאַ פיזישע גבורה. ס'איז נישט געווען גלאַט אַזוי זיך, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט אַהיים קומע; ער האָט געוואוסט, אַז זיין מי-טער איז געזעסן אין תפיסה פאַר קינדער-מאָרד; און שטאָט האָט ער קיינמאָל קיין וואָרט נישט געהערט וועגן דעם, אָבער אין דער היים, אין דאָרף, האָט דאָך יעדער איינער דאָס געדענקט. און האָט ער דאָך יאָרן אָפּגעלעבט צווישן חברים, און באַקומע גאָר אַנדערע געפילן! ער האָט שוין געוואוסט, אַז אַ גאָפּל איז פונקט אַזוי בייטיק ווי אַ מעסער. געלט האָט ער געציילט אויף קראָנעס, און דאָרטן, אין דער ווילדעניש, האָבן מענטשן נאָך געציילט אויפן אַלטן טאָלער. יאָ, ער איז גאַנץ געוען געגאַנגען איצט אויף דער אַנדערער זייט פון די בערג; דאָ, אין דער היים, מוז ע' כסדר האַלטן אין איין באַהערשן זיך. ער סטאַרעט זיך צוצופאַסן זיך צו די אַנדערע, און עס געלינגט אים, אָבער ער מוז אַלע-מאָל זיין אויף דער וואַך. ווי, למשל, דאַמאָלס ווען ער האָט זיך גע-האַט נאָר-וואָס אומגעקערט קיין סעלאַנראַאַ, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, און מיטגעבראַכט מיט זיך זיין העל-גרויען אויבערמאַנטל, כאָטש ס'איז גע-ווען מיט-זומער; ווען ער האָט אים אויפגעהאָנגען, וואָלט ער אים אוודאי געווען געקאָנט איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט אַזוי, אַז ס'זאָל זיך אַרויסזע, דאָס זילבערנע בלעכל פון אינעווייניק מיט זיינע אי-י-

ציאַלן — נאָר ער האָט עס נישט געטון. און דאָס זעלבע מיין שטע-קעלע, מיט זיין שפּאַציר-שטעקעלע! אמת, אַז ס׳איז געווען מער נישט ווי אַ שירם-שטעקן, וואָס ער האָט פון אים אָראָפּגענומען דעם שטאָף; נאָר דאָ האָט ער אים נישט געטראָגן אַזוי ווי דאָרטן אין שטאָט, פּאָכנ-דיק לוסטיק אַהין און צוריק — נאָר געטראָגן אים באַשיידן, לעבן זיך, ביי דער זייט.

— ניין, ס׳איז נישט געווען קיין חידוש, וואָס אלישע איז אַוועק איבער די בערג. צו בויען הייזער האָט ער נישט געטויגט; ער האָט זיך אויסגעטויגט צו שרייבן אותיות. אַ זאַך, וואָס נישט יעדער איינער קאָן עס, נאָר דאָ, אינדערהיים, איז נישט געווען, ווער עס זאָל דאָס אָפּשאַצן, אַ חוץ אפשר זיין מוטער. אַ צופרידענער איז ער געגאַנגען דורכן וואַלד, פּאָראַויס פּאַר אַלינאַן; ער וועט אויף איר צוזאַרטן אויבן. ער איז גע-לאָפן ווי אַ קעלבל! זיך געאיילט. אלישע האָט זיך, אין אַ געוויסן זין, ווי אַרויסגעגנבעט פון דער פערמע; ער האָט זיך געשראָקן, מ׳זאָל נישט זען, ווי ער נעמט מיט דאָס אויבערמאַנטל מיט דעם שטעקעלע אויפן וועג. דאָרטן, אויף יענער זייט, קאָן מען אָנטרעפן מענטשן און אַליין זיך ווייזן פּאַר מענטשן; ער וועט נאָך אפשר גיין אין קלויסטער אויך. דער-פּאַר האָט ער אַזוי גליקלעך געשוויצט אונטער דער משא פון אויבער-מאַנטל, וואָס איז געווען אינגאַנצן איבעריק אין דער היץ.

און ביי דער בוי-אַרבעט האָט ער אויך נישט געפעלט: זיין אָפּ-וועזנהייט האָט זיך נישט אָנגעזען. יצחק האָט געהאַט סיווערטן צוריק, און סיווערטס אַרבעט אנטקעגן זיין ברודערס איז געווען נישט אָפּצושאַצן: ער האָט געקאָנט אַרבעטן פון באַגינען ביז נאַכט. ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג ביי זיי אויפצושטעלן די ראַם; מ׳האָט נאָר גע-דאַרפט דריי וועגט, מחמת דער בנין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין הויז. און די ברעטער האָבן זיי אויך נישט באַדאַרפט אַליין שניידן; דאָס האָט גע-טון די זעג-מיל; און מיט די אויסגעווייניקסטע שטיקער האָבן זיי גלייך געדעקט דעם דאַך. און אין שיינעם טאָג איז דאָס הויז געשטאַנען אינ-גאַנצן פאַרטיק, מיט אַ דאַך, מיט אַ דיל, מיט אַ פענסטער. מער באַווייזן אין דער הפסקה צווישן איין שניט און צווייטן איז געווען אוממעגלעך. דאָס באַדעקן די ווענט און דאָס אָפּפאַרבן וועט מוזן אויסוואַרטן.

פּלוצים איז געקומען גייסלער מיט אַ גרויסער סוויטע, פון אַריבער

די בערג, פון שוועדן! די מענער, וואָס מיט אים, האָבן געראַטן אויף אויסגעצייכנטע פערד מיט געלע זאָטלען; רייכע לייט האָבן זיי געמוזט זיין: דיקע, שווערע מענער; די פערד האָבן זיך געבויגן אונטער זייער שווערקייט. און צווישן די אַלע גרויסע לייט איז גייסלער געגאַנגען צו־פוס, פיר הערן זענען עס געווען און גייסלער, און הינטער זיי צוויי דינער, וואָס האָבן יעדערער געפירט אַ פערד מיט משא.

די רייטער זענען אַראָפּ פון די פערד אויפן הויף. און גייסלער האָט געזאָגט:

— אָט, יצחק, איז דער מאַרק־גראַף אַליין, גאָדדאַג, יצחק! אָט בין איך דאָ צוריק, ווי איך האָב דיר געזאָגט.

גייסלער איז געווען ווי אַלעמאָל. הגם ער איז געקומען צופוס, האָט זיין האַלטן זיך נישט אַרויסגעוויזן קיין שום הכנעה לגבי די אַנדערע; יאָ, זיין אָפּגעטראָגן רעקל איז אַראָפּגעהאָנגען לאַנג און צרהדיק איבער זיין אויסגעדאַרטער פלייצע, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן ווירדיק גענוג. ער האָט געזאָגט:

— מיר גייען קלעטערן אַ ביסל אויף די בערג, די הערן ווילן פאַרלירן אַ ביסל פון זייער וואָג.

די הערן אַליין זענען געווען זייער ליבלעך; זיי האָבן צוגעשמייכלט איבער גייסלערס ווערטער און זיך אַנטשולדיקט, וואָס זיי זענען אַריין אַזוי אין הויף, ווי אויף אַ מלחמה. זיי האָבן מיט זיך גענוג פּראָוויזיע און וועלן יצחקן נישט אָפּעסן דעם קאָפּ, זיי וואָלטן נאָר וועלן אַ נאַכטלעגער באַקומען. אפשר קאָן ער זיי אַריינלאָזן אינם נייעם הויז דאָרטן.

נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגערוט אַ ביסל, און גייסלער איז דערווייל געווען מיט אינגערן און מיט די קינדער אינעווייניק, זענען זיי אַוועק אין די בערג און דאָרטן פאַרבליבן ביזן אָוונט. ווען־נישט־ווען, אין משך פון טאָג, האָט מען אין סעלאַנראַאַ געהערט אַן אומגעווייינטלעך שווערן שאָס פון דער ווייט, און אין אָוונט איז די גרופּע געקומען מיט נייע זעק מיט שטיינער. — בלויער קופּער, — האָבן זיי געזאָגט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ. זיי האָבן גערעדט לאַנג און אויף אַ געלערנטן אופן, און זיך איינגעקוקט אין אַ מאַפּע, וואָס זיי האָבן אָנגעצייכנט און געהאַלטן אויסגעשפּרייט פאַר זיך; צווישן זיי איז געווען אַ אינזשעניער און אַ שאַכטן־עקספּערט, איינער האָט אויסגעזען צו זיין אַ גרויסער גוט־באַזי־

צער אָדער אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק. זיי האָבן אַלץ גערעדט: „לופט־באַנען", „זייל־באַן", נאָר גייסלער האָט ווען־נישט־ווען אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער, און יעדעס מאָל אַפּנים עפּעס אויפגעקלערט, זיי האָבן זיך זייער אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זיינע רייד.

— צו וועמען געהער דער טייך אין דרום זייט? — האָט איינער פון זיי געפרעגט יצחקן.

— דער מלוכה, — האָט גייסלער גיך געענטפערט. ער איז געווען אויף דער וואַך, און געהאַלטן אין האַנט דעם דאָקומענט, וואָס יצחק האָט אַמאָל אונטערגעשריבן. — איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט — אַז דער מלוכה, — האָט ער געזאָגט, — וואָס־זשע פרעגט איר נאָכאַמאָל? אויב איר גלייבט מיר נישט, קאָנט איר נאָכקאָנטראָלירן, ביטע.

שפּעטער, אין אָוונט, האָט גייסלער אַוועקגענומען יצחקן אין אַ זייט; — וואָס זאָגסטו, זאָלן מיר פאַרקויפן די קופער־שאַכט?

האָט יצחק געזאָגט: — וואָס איז שייך? דער לענסמאַנד האָט דאָך שוין איינמאָל געקויפט עס ביי מיר און באַצאָלט פאַר דעם.

— אמת, — האָט גייסלער געזאָגט. — איך האָב געקויפט דאָס לאַנד. אָבער דאָרטן איז דאָ אַ פונקט, אַז דו דאַרפסט קריגן אַ פּראָצענט פון די הכנסות פון דער אַרבעט אָדער פונם פאַרקויף; ווילסטו פאַרקויפן פון דיין חלק?

דאָס האָט שוין יצחק נישט געקאָנט פאַרשטיין, און גייסלער האָט געמוזט אים דערקלערן די זאַך. יצחק קאָן נישט באַאַרבעטן קיין שאַכט, ער איז אַ פּערמער, א לאַנדווירט, און ער, גייסלער, קאָן דאָס אויך נישט. געלד, קאַפּיטאַל? האָ, וויפיל ער וואָלט נאָר געדאַרפט! נאָר ער האָט נישט קיין צייט, צופיל זאַכן האָט ער צו באַזאָרגן, ער מוז שטענדיק אַרומפאָרן, אין זינען האָבן זיינע נחלות אויף צפון, און אויף דרום. און דעריבער וויל ער פאַרקויפן די שאַכט צו די שוועדישע הערן דאָ; זיי זענען אַלע זיין ווייבס קרובים, און רייכע לייט. — איצט פאַרשטייסטו, וואָס איך מיין?

— איך וועל טון, אַזוי ווי אייך וועט נאָר געפעלן, — האָט יצחק געזאָגט.

אַ מאָדנע זאַך — אָט דער פולשטענדיקער צוטרוי האָט שטאַרק הנאה געטון גייסלערן. — איך ווייס נישט, צי ס'איז אַזוי גוט פאַר

דיר, — האָט ער געזאָגט פ׳רטראַכט. אָבער פּלוצים איז ער זיכער געוואָרן און פאָרגעזעצט: — נאָר אַז דו וועסט מיר געבן פרייע הענט צו האַנדלען נאָך מיין פאַרשטאַנד, וועל איך פאַר דיר מער אויפטון, ווי דו אַליין.

— ה-ם. — האָט יצחק אָנגעהויבן — איר זענט אַלעמאָל געווען גוט צו אונדז דאָ...

נאָר גייסלער האָט אַ קנייטש געטון מיטן שטערן, און אים אָפּגע-האַקט אינמיטן:

— אויב אַזוי איז גוט.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָבן די הערן זיך אַוועקגעזעצט שרייבן. ס׳איז געווען אַן ערנסטער עסק; צוערשט איז געווען אַ קאָנטראַקט אויף פערציק טויזנט קראָנען פאַר דער מכירה פון דער שאַכט; דערנאָך אַ דאָקומענט, וואו גייסלער האָט אָפּגעשריבן דאָס גאַנצע געלט פאַר זיין פרוי און קינדער. יצחק און סיווערס זענען צוגערופן געוואָרן אונטערצושרייבן זיך אַלס עדות. ווען דאָס איז געווען פאַרענדיקט, האָבן די הערן געוואָלט אָפּקויפן יצחקס פּראָצענטער פאַר אַ שיבוש — פאַר פינף הונדערט קראָנען. גייסלער האָט אָבער גלייך געמאַכט אַ סוף צו דעם. — שפּאַס אין אַ זייט — האָט ער געזאָגט.

יצחק אַליין האָט ווייניק-וואָס פאַרשטאַנען אין דעם גאַנצן עסק; ער האָט דעם באָדן שוין איינמאָל פאַרקויפט און באַקומען זיין געלט. און חוץ דעם, וואָס איז אַזוינס קראָנען, וואָס פאַר אַ ווערט האָבן זיי אַנטקעגן טאַלערס? סיווערט אָבער האָט נאָכגעפאָלגט די פאַרהאַנדלונגען מיט מער פאַרשטאַנד. נאָכן טאָן האָט עס אים אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ משפּחה-ענין צווישן די צדדים. אַזוי, למשל, האָט איינער פון די הערן געזאָגט: — מיין טייערער גייסלער, איר וואָלט נישט באַדאַרפט האָבן אַזעלכע רויטע אויגן. — אויף וואָס גייסלער האָט געענטפערט שאַרף און אַ ביסל צווייטייטיק: — יאָ, איך ווייס. נישט יעדערער אָבער באַקומט אַלץ, וואָס ער וואָלט געדאַרפט באַקומען אויף דער וועלט.

ס׳האָט אויסגעזען, ווי דער פרוי גייסלערס ברידער און קרובים וואָלטן געוואָלט זיך אויסקויפן פון איר מאַן, זיך באַוואָרענען קעגן זיינע באַזוכן אין דער צוקונפט, אין פּטור ווערן פון אַ מיאוסן באַלעסטיקנדיקן קרוב. וואָס איז שייך דער שאַכט, איז זי, אָן ספק, עפּעס ווערט, קיינער

האָט עס נישט געלייקנט; זי איז אָבער געלעגן צו ווייט פונם וועג. און די הערן האָבן בפירוש געזאָגט, אַז זיי קויפן זי נאָר, כדי צו קאָנען זי שפּעטער פאַרקויפן צו עמעצן אַנדערש, וואָס וועט זי גיכער קאָנען באַאַרבעטן. דאָס האָט זיך זייער געקאָנט לייגן אויפן שכל. זיי האָבן גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז זיי ווייסן אַליין נישט, וויפיל די שאַכטע איז ווערט; אויב זי זאָל געלאָזט ווערן אין גאַנג, איז אפשר פערציק טויזנט קראָנען גאָר קיין סומע נישט פאַר איר; אויב זי זאָל אָבער בלייבן ליגן אַזוי, אומבאַאַרבעט ווי ביז איצט, איז אפילו דאָס געלט אויך אַרויסגעוואָרפן, נאָר אויף יעדן פאַל ווילן זיי האָבן אַ קלאָרן שטר-מכירה, אָן שום מניעות, און מחמת דעם לייגן זיי פאַר יצחקן פינף הונדערט קראָנען פאַר זיין חלק.

— איך פאַרהאַנדל פאַר זיינעטוועגן, האָט גייסלער געזאָגט — און איך וועל זיין חלק נישט פאַרקויפן פאַר ווייניקער, ווי צען פּראָצענט פון דעם אַלגעמיינעם פּרייז.

— פיר טויזנט! — האָבן די הערן געזאָגט.

— פיר טויזנט! — איז גייסלער באַשטאַנען אויף זיינעם — דאָס לאַנד איז געווען זיינס, און זיין חלק באַטרעפט פיר טויזנט! מיינס איז דאָס נישט געווען, און איך באַקום פערציק טויזנט. נעמט דאָס אין אַכט, מיינע הערן.

— יאָ, אמת, אָבער — פיר טויזנט!

גייסלער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און געזאָגט:

— אַזוי פיל — אָדער די מכירה איז קיין מכירה נישט.

זיי האָבן זיך מישב געווען, זיך געסודעט, אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין, און פאַרצויגן די זאַך. — מאַכט גרייט די פערד! — האָבן זיי אויסגערופן צו די דינער. איינער פון די הערן איז אַריינגעגאַנגען צו אינגערן און מיט אַ ברייטער האַנט באַצאָלט פאַר דער קאַווע, פאַר עטלעכע אייער און פאַרן נאַכטלעגער. גייסלער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ זאָרגלאָזער מינע, ווי אים גייט גאָר נישט אָן, נאָר געווען פונדעסטוועגן אויף דער וואַך.

— ווי אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזן די באַוואַסערונג פאַראַיאָרן? — האָט ער געפרעגט סיווערטסן.

— ס'האָט געראַטעוועט דעם גאַנצן שניט.

— איך זע, אַז פֿאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ נישט געווען, האָט איר אויסגעגלייכט יענע פֿאַרגלעך דאָרטן.

— יאָ.

— איר דאַרפֿט האָבן נאָך אַ פֿערד אויף דער פֿערמע. — האָט גייסלער געזאָגט. ער האָט יעדע זאַך באַמערקט.

איינער פֿון די הערן איז צוגעקומען.

— נו, לאָמיר זיך אויסגלייכן און דאָס עסק פֿאַרענדיקן — האָט ער געזאָגט.

זיי זענען אַלע אַריין אינם נייעם בנין, און יצחקס פֿיר טויזנט קראָנען זענען געוואָרן אויסגעציילט ביז איינער. גייסלער האָט באַקומען אַ פּאַפּיר, וואָס ער האָט אַריינגעוואָרפֿן אין קעשענע, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ווערט געווען. — באַהאַלט עס פֿאָרזיכטיק, — האָבן זיי אים געזאָגט, — און אין עטלעכע טעג אַרום וועט אייער פֿרוי באַקומען דאָס באַנק-ביכל.

גייסלער האָט צונויפֿגעקנייטשט דעם שטערן און געענטפֿערט: — גוט!

נאָר זיי זענען נאָך נישט געווען פֿאַרטיק מיט גייסלערן. נישט וואָס ער זאָל האָבן אויפֿגעעפֿנט דאָס מויל צו בעטן עפּעס; ער איז בלויז געשטאַנען און זיי האָבן געזען, ווי אַזוי ער שטייט. מעגלעך, אַז ער האָט מיט זיי פֿריִער אויסגעגומען צו קריגן אַ ביסל מזומן געלט. דער אָנפֿירער האָט אים דערלאַנגט אַ פּעקל אַסיגנאַציעס, און גייסלער האָט מער נישט ווי אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ: — גוט!

— און איצט לאָמיר נאָך אויסטרינקען אַ גלאָז וויין מיט גייסלערן — האָט דער צווייטער געזאָגט.

זיי האָבן געטרונקען לחיים, דאָס עסק איז געווען פֿאַרענדיקט, און זיי האָבן זיך געזעגנט מיט גייסלערן.

פּונקט אין דער רגע איז אָנגעקומען ברעד אָלסען. וואָס האָט ער געדאַרפֿט איצט? ברעד האָט, אָן ספֿק, געהערט די אויפֿרייסן נעכטן און פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס מוז דאָרטן פֿאָרקומען אין שייכות מיט דער שאַכט, איז ער געקומען אויך צו פֿאַרקויפֿן עפּעס. ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען גייסלערן און זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די הערן. ער האָט געפֿונען מערקווירדיקע שטיינער דאָ אַרום, אויסערגעוויינטלעכע, אייניקע רויט ווי מיט בלוט, אַנדערע העל ווי זילבער; ער ווייסט אויסגעפֿינען יעדן שפּאַלט און ווינקל

אין די בערג און קאָן גיין גלייך צו יעדן אָרט; ער ווייסט פון אַן אָרט מיט לאַנגע אָדערן פון אַ שווערן מעטאַל — ער ווייסט נאָר נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעטאַל.

— האָט איר עפּעס מוסטערן? — האָט דער שאַכטן־עקספּערט געפרעגט.

יאָ, ברעד האָט געהאַט מוסטערן. נאָר איז דען נישט גלייכער, אַז זיי זאָלן אַרויפגיין און אַליין אַ קוק טון? ס'איז נישט ווייט. מוסטערן — אָ, גאַנצע זעק, גאַנצע קאַסטנס. ער האָט זיי נישט מיטגעבראַכט מיט זיך, זיי זענען אינדערהיים — ער קאָן אַרונטערלויפן זיי ברענגען. נאָר ס'וואָלט געווען גיכער זיך אַרויפכאַפּן אויף די בערג און ברענגען נאָך אַ פּאָר — ווען זיי וואָלטן נאָר צוגעוואַרט אַ ביסל.

די הערן האָבן אַ שאָקל געטון מיט די קעפּ און זיך געלאָזט אין זייער וועג אַריין.

ברעד האָט זיי נאָכגעקוקט באַליידיקט. אויב ער האָט נאָך געהאַט אַ פונק פון האָפנונג, איז ער איצט אינגאַנצן פאַרשוואונדן; זיין פינסטער מזל! נאָר וואויל איז געווען צו אים, וואָס ער האָט זיך נישט איבעריק אָפּגעריסן דאָס האַרץ; ער האָט נאָכגעקוקט די לייט, ווי זיי האָבן אַוועקגערייטן, און לסוף געזאָגט:

— נו, פאָרט געזונטערהייט.

אָבער איצט איז ער צוריק געוואָרן באַשיידן אין זיין באַנעמונג צו גייסלערן, זיין געוויזענעם נאַטשאַלניק, שוין מער נישט געדוצט אים, נאָר אַרויסגעוויזן אָפּשיי. גייסלער האָט צוליב עפּעס אַרויסגענומען זיין טייסטער מיט געלט און יעדער איינער האָט געקאָנט זען, אַז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט אַסיגנאַציעס.

— ווען דער לענסמאַנד וואָלט מיר נאָר געוואָלט העלפן מיט עפּעס, — האָט ברעד געזאָגט.

— קער זיך אום אַהיים און באַאַרבעט דיין ערד, ווי ס'דאַרף צו זיין, — האָט גייסלער געזאָגט און אים גאָרנישט נישט געגעבן.

— איך האָב לייכט געקאָנט אַרויפברענגען אַ גאַנצע פור מיט מוסטערן, נאָר וואָלט דען נישט געווען בעסער, זיי זאָלן געווען אַליין אַרויפגיין און אַ קוק טון, אַז זיי זענען שוין דאָ?

גייסלער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט און זיך געווענדט צו יצחקן:

— האָסטו נישט באַמערקט, וואו איך האָב אַהינגעטון דעם דאָקו־מענט? ס׳איז זייער אַ וויכטיקער דאָקומענט. — האָט די ווערט פון אַ סך טויזנטער קראָנען אָ, אָט איז ער, צווישן די אַסיגנאַציעס.

— ווער זענען עס יענע הערן? — האָט ברעד געפרעגט. — בלויז אויף אַן אויספלוג געפאָרן?

גייסלער איז פריזער, ווייזט אויס, געווען שטאַרק צעטראָגן, נאָר איצט האָט ער זיך באַרויקט. ער האָט נאָך געהויג כוח און ווילן עפּעס אויפצוטון; ער איז אַרויף אויף די בערג מיט סיווערטן, מיטגענומען אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר מיט זיך און געווי אָנגעצייכנט די גרענעץ־ליניע צו דרום־זייט פון טייך — איין גאָט ווייסט, וואָס ער האָט דערביי געהאַט אין זינען. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אויף דער פערמע מיט עט־לעכע שעה שפּעטער, איז נאָך ברעד דאָרטן געווען, נאָר גייסלער האָט אויף זיינע פראַגן נישט געענטפערט; ער איז געווען מיד און אים גע־וויזן מיט דער האַנט, אַז ער זאָל אים צורו לאָזן.

ער איז געשלאָפן ווי אַ שטיין ביז מאָרגן אין דערפרי, דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען מיט דער זון און זיך געפילט ווייטער גוט.

— סעלאַנראַאַ! — האָט ער אויסגעשריגן שטייענדיק אויפן הויף און קוקנדיק רונד־אַרום אין אַלע זייטן.

— דאָס גילט, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן, איז עס איצט גאַנץ מיינס? — האָט יצחק געפרעגט.

— דיינס! — האָט גייסלער געזאָגט. — מענטש איינער, קאָנסטו נישט פאַרשטיין, אַז דו האָסט געדאַרפט קריגן נאָך אַ סך מער? אין דער אמתן, לויט אונזער קאָנטראַקט, האָב איך עס דיר געדאַרפט באַ־צאָלן, נאָר דו האָסט געזען ווי ס׳האָט געהאַלטן — דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג. וויפיל האָסטו באַקומען? בלויז איין טויזנט טאַ־לער, אויף די אַלטע מטבעות. איך טראַכט, אַז דו דאַרפסט האָבן נאָך אַ פערד אויף דיין פערמע.

— יאָ.

— גוט, איך ווייס פון אַ פערד. דער געהילף פון איצטיקן לענס־מאַנד הייערדאַל ליקווידירט זיין נחלה. ער האָט מער הנאה צו מצופאָרן

און מאַכן ליציטאַציעס ביים עולם. ער האָט שוין פאַרקויפט אַ שטאַר ביסל פון זיינע בהמות, און ער וועט זיין צופרידן צו פאַרקויפן אויך דאָס פערד.

— איך וועל אים פרעגן, — האָט יצחק געזאָגט.

גייסלער האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט ווייט אַרום זיך און געזאָגט:

— ביסט אַ גראַף! אַ הויז און בהמות און גוט לאַנד — קיינער וועט שוין דיך נישט קאָנען אויסהונגערן.

— ניין, — האָט יצחק געזאָגט, — מיר האָבן פון אַלץ, וואָס גאָט האָט נאָר באַשאַפן.

— גייסלער האָט זיך נאָך געטומלט אַ ביסל אויפן הויף. דער-נאָך איז ער פלוצים אַריין צו אינגערן. — וואָלסטו נישט געקאָנט מיר מיטגעבן ווידער אַ ביסל שפייז אויפן וועג? — האָט ער געפרעגט. — מער נישט בלויז עטלעכע פלעצעלעך — נישט קיין פוטער, נישט קיין קעז; די פלעצעלעך זעטיקן אַזוי אויך זייער גוט. ניין, טו אַזוי ווי איך בעט דיך; איך קאָן נישט מיטנעמען מער.

און ווידער אַרויס. גייסלער איז געווען אומרויק און פול מיט כלערליי מחשבות. ער איז אַריין אינעם נייעם בנין און זיך געזעצט שרייבן. ער האָט שוין אַלץ געהאַט אַרומגעטראַכט פריער און ס'האָט נישט געדויערט דאָס אָנשרייבן. — דאָס איז אַ בקשה צום שטאַט, — האָט ער יצחקן דערקלערט, — צום אינערן-מיניסטער. יאָ, איך האָב אָן אַ סוף זאַכן צו באַזאָרגן!

ווען ער האָט באַקומען זיין פעקל מיט שפייז און שוין געהאַט זיך געזעגנט, האָט ער מיטאַמאָל אַזוי ווי אין עפעס זיך דערמאַנט: — יאָ, מיר דאַכט זיך, אַז איך בין אייך געבליבן עפעס שולדיק נאָך פון לעצטן מאָל — איך האָב דאַמאָלס אַרויסגענומען אַן אַסיגנאַציע פון טייס-טער און זי אומגערן פאַרשטעקט אין וועסטל-קעשענע — איך האָב זי שפּעטער געפונען. צופיל ענינים אויפן קאָפּ... און ער האָט אַריינגע-שטעקט עפעס אינגערן אין האַנט אַריין און אַוועקגעגאַנגען.

יאָ, אַוועקגעגאַנגען איז גייסלער, און געווען איז ער, אַפנים, גוט געשטימט. נישט געווען אַ טרויטיקט, נישט אַזוי גיך נאָך האַלט ער ביי זיין סוף; ער איז געווען אין סעלאַנראַאַ נאָך וויפיל מאָל, און ערשט אין

יאָרן אַרום איז ער געשטאָרבן. אין סעלאַנראַא האָט מען זייער געבענקט נאָך אים, ווען ער איז אַוועק. יצחק האָט געקלערט פרעגן ביי אים אַן עצה מכּוח ברייִדאַפּליק, אָין אַלץ נישט באַוויזן. און ווידער — גייסלער וואָלט אים אוודאי אויך געווען אָפּגעֿרעדט פון צו קויפן עס. וואָס פאַר אַ זינען האָט עס קויפן אַזאַ זומפּ פאַר אַ ביוראָ־מענטשן, ווי אלישע?

## XVIII

דער פּעטער סיווערט איך דאָך געשטאָרבן. אלישע איז ביי אים אָפּגעווען דריי וואָכן, און דערנאָך איז דער אַלטער געשטאָרבן. אלישע האָט איינגעאָרדנט די לויה, און אויף אַ פּאַסיקן אופן. ערגעץ־וואו האָט ער באַקומען עטלעכע פוקסיאַ־שטעקנס, אַנטליִען אַ פאָן און זי אויפגעהאָנגען האַלב־אַראָפּגעלאָזט, און געקויפט אין קראָם אַ מין שוואַרצן קרעפּ אויף פאָרהענגלעך איבער די פענסטער. יצחקן מיט אינגערן האָט ער געשיקט רופן, און זיי זענען געקומען צו דער לויה. אלישע האָט זיך אויפגעפירט ווי דער באַלעבאָס און אויפגענומען די געסט; און ווען דער מת איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן און מען האָט אָפּגעזונגען תהלים, האָט אלישע נאָך געזאָגט עטלעכע פּאַסיקע ווערטער איבערן טויטן; אינגער איז געווען אַזוי שטאָלץ מיט אים און אַזוי גערירט, אַז זי האָט זיך געמוזט אויסווישן די אויגן מיט אַ טיכל. אַלצדינג איז צוגעגאַנגען ווי געהעריק.

דערנאָך, אויפן וועג אַהיים, האָט אלישע געמוזט טראָגן זיין אויבערמאַנטל אָפענערהייט, פאַרן פאָטערס אויגן, נאָר דאָס שטעקעלע איז אים געלונגען צו באַהאַלטן אין איינעם פון די אַרבל. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, ביז זיי האָבן זיך געזעצט אינם שיפל; דאָ האָט יצחק

גראָד זיך אַרויפגעזיצט אויפן מאַנטל און ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַק. — וואָס איז דאָס? — האָט יצחק געפרעגט.

— אָ, גאָרנישט, — האָט אלישע געזאָגט.

נאָר ער האָט דאָס צעבראָכענע שטעקעלע נישט אַוועקגעוואָרפן; באַלד ווי זיי זענען געקומען אַהיים, האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַ שטיקל דרעטל אָדער עפּעס ענלעכס צו דעם, מיט וואָס צו קענען פאַריכטן דאָס שטעקעלע. — מיר'ן עס זיכער פאַריכטן, — האָט סיוועדט, דער לץ, געזאָגט, — דו זע נאָר קריגן צוויי גוטע, שטאַרקע שפּענדלעך אויף ביידע זייטן און פאַרבינד זיי פעסט מיט וואַקס-פאָדים...

— איך וועל דיר אַרומבינדן מיט וואַקס-פאָדים, — האָט אלישע געענטפערט.

— האַ-האַ-האַ! נו, איז אפשר וועסטו עס אַרומבינדן מיט אַ רויט זאָקן-בענדל?

— האַ-האַ-האַ! — האָט זיך אלישע אַליין צעלאַכט פון דעם; נאָר ער איז אַריינג גאַנגען צו דער מוטער און ביי איר גענומען אַן אַלטן פינגערהוט, אָפּגעדרייט דעם עק און פון דעם געמאַכט אַ גוטע קלאַמרע. אָ, אלישע איז נישט געווען אין גאַנצן הילפלאָז מיט זיינע לאַנגע, ווייסע הענט.

די ברידער האָבן זיך געוויצלט און אָפּגעטון שפּיצלעך איינע דעם צווייטן ווי פריער.

— וועל איך עס קריגן די ירושה, וואָס דער פעטער סיוועדט האָט איבערגעלאָזט? — האָט אלישע געפרעגט.

— דו וועסט זי קריגן? — וויפיל באַטרעפט זי? — האָט סיוועדט געפרעגט.

— האַ-האַ-האַ! דו ווילסט צוערשט וויסן, וויפיל זי באַטרעפט, דו אַלטער קמצן?

— דו קאָנסט זיך האַלטן מיט איר. — האָט סיוועדט געזאָגט.

— ס'איז אַ סכום צווישן פינף און צען טויזנט.

— טאָלערס? — האָט סיוועדט אויסגערופן; ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן.

אלישע האָט קיינמאָל נישט גערעכנט אויף טאָלערס, נאָר ער האָט

נישט געוואָלט זאָגן ניין, האָט ער בלויז אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און עס איבערגעלאָזט אַזוי ביז מאָרגן.

דאַן האָט ער דעם ענין צוריק באַנייט. — פאַרדריסט דיך נישט, וואָס דו האָסט עס אַלץ אַוועקגעגעבן מיר נעכטן? — האָט ער גע־זאָגט.

— שוטה! — אוודאי נישט — האָט סיוועַרט געענטפערט. אַזוי האָט ער געזאָגט, אָבער — פינף טויזנט טאָלערס איז פאָרט פינף טויזנט, גאָרנישט קיין קליינע סומע; ווען זיין ברודער וואָלט נאָר נישט געווען אַזאַ פּרא־אדם, וואָלט ער אים אוודאי געדאַרפט צוריקגעבן האַלב.

— נו, דיר זאָגן דעם אמת, — האָט אַלישע דערקלערט — איך וועל גאָרנישט נתעשר ווערן ביי דער ירושה.

סיוועַרט האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט:

— האַ, ווי אַזוי?

— ניין, ס'איז גאָרנישט קיין איבעריק פעטער ביסן.

אַלישע איז דאָך עפּעס געווען אַ קענער אויף חשבונות, האָט ער געעפנט דעם פעטערס קופערט, דעם באַרימטן פלעשער־קאַסטן, און האָט אַלץ גוט איבערגערעכנט. דער פעטער סיוועַרט האָט אַלישען נישט אַוועקגע־שטעלט אַרבעטן אויפן פעלד, אָדער פאַריכטן די הערינג־נעצן; אים האָט ער אַריינגעפירט אין דעם משונהדיקן תהום פון זיינע ציפערן און חשבונותן. אויב איינער האָט מיט יאָרן צוריק אָפּגעצאָלט זיינע שולדן מיט אַ ציג, לאָמיר זאָגן, אָדער מיט אַ פּעסל געטרוקנטע פיש, איז נישט געווען פאַרשריבן, נישט קיין פיש און נישט קיין ציג; נאָר דער אַלטער סיוועַרט האָט נאָכגעזוכט אין זיין זיכרון און געזאָגט: — דער האָט באַצאָלט!

— גוט, וועלן מיר אים אויסשטרייכן — האָט סיוועַרט גע־זאָגט.

אַלישע האָט זיך דאָ געפילט אויף זיין פּלאַץ. ער איז געווען גע־שיקט און פלינק, און דערמוטיקט דעם אַלטן, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, ביידע זענען גוט אויסגעקומען צווישן זיך, אפילו געשפּאַסט אַמאָל. אַלישע איז געווען אַ ביסל נאַריש אין געהיסע זאַכן, נאָר אַזוי איז אויך געווען זיין פעטער; ביידע זענען זיי געזעסן און פאַרטיק געמאַכט וויכטיקע דאָקו־

מינט, נישט נאָר לטובת דעם קליינעם סיוועריט, נאָר אויך פאַרן גאַנצן דאָרף, פאַר דער געמיינדע, וואו ער האָט געדינט אַ משך פון דרייסיק יאָר. אָ, דאָס זענען געווען גרויסאַרטיקע טעג! — איך שטעל מיר גאָר נישט פאָר קיין בעסערע הילף פון דיינער, אלישע — האָט דער פעטער סיוועריט געזאָגט. — ער האָט געשיקט קויפן שאָפן-פלייש, אין מיטן זומער; פיש זענען געבראַכט געוואָרן פרישע פונם ים, און ער האָט געהייסן אלישען באַצאָלן מיט מזומן פונם קופּערט. זיי האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג. זיי האָבן פאַרבעטן אָלינאַן צום מאָלצייט — און באמת איז זי געווען דער ריכטיקער פאַרשוין צו אַזאַ מאָלצייט; קיינער וואָלט נישט צעטראָגן בעסער די נייעס, ווי זי, וועגן דעם פעטער סיוועריטס גרויסקייט ביים כוף. און די באַפריד קונג איז געווען אַ קעגנזייטיקע — מיר דאַרפן עפּעס איבערלאָזן אָלינאַן אויך — האָט דער פעטער סיוועריט געזאָגט, — זי איז אַן אַלמנה און אָן מיטלען. ס'וועט נאָך בלייבן גענוג פאַרן קליינעם סיוועריט אַזוי אויך. — אלישע האָט דאָס באַזאָרגט מיט עטלעכע שטריכן פון דער פען; אַ קליינע הוספה צו דער צוואה, און אָלינאַ האָט שוין אויך געהאַט אַ חלק אין דער ירושה.

— איך וועל דיך אין זינען האָבן, — האָט צו איר דער פעטער סיוועריט געזאָגט. — אויב ס'איז באַשערט, איך זאָל שוין מער נישט קומען צו זיך, וועל איך שוין זען, אַז דו זאָלסט נישט געקריוודעט ווערן. — אָלינאַ האָט דערקלערט, אַז זי האָט קיין ווערטער נישט, גאָר — ס'רעדט זיך נאָר אַזוי; זי האָט געוויינט, געווען טיף גערירט און אָן אַ שיעור געדאַנקט; און טאַקע באַלד אָנגעוויזן אויף דער פאַרבינדונג צווישן אַ מתנה אויף דער וועלט און דעם שכר פאַר דעם טויזנט מאָל אַזוי פיל אויף יענער וועלט. ניין, אָן לשון איז זי נישט געוועזן.

און אלישע? לכתחילה האָט ער אפשר געקלערט, אַז דעם פעטער סיוועריטס עסקים זענען אין אַ גוטן צושטאַנד, נאָר שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן בעסער צוצוקוקן זיך און געוואָלט פעסטשטעלן דעם אמת. האָט ער צוערשט געגעבן אַ קליינע אָנצוהערעניש: — די קאַסע איז עפּעס נישט אַזוי געהויבן — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, אָבער דאָ איז דאָך מיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס איך לאָז איבער.

— איר האָט נאָך אוודאי געלט אין אַ באַנק אויך? — האָט אלישע געפרעגט, האָבנדיק אין זינען די קלאַנגען.

— ה-מ, — האָט דער אַלטער געזאָגט. — ווי עס זאָל דאָרט נישט זיין. יעדנפאַלס, האָב איך נאָך די פישעריי אָן די פערמע, און געביידעס און שאָף, רויטע קי און ווייסע קי — זאָלסט זיך גאָרנישט זאָרגן, אלישע, מיין קינד.

אלישע האָט נישט געהאַט קיין באַגריף, וואָס די פישעריי איז ווערט, ער האָט אָבער געזען דעם לעבעדיקן אינווענטאַר; ער איז באַשטאַנען פון איין קו, וואָס איז געווען אי רויט אי ווייס. דער פעטער סיווערט האָט געמוזט רעדן פון היץ. אויך האָט מען עטלעכע חשבונות אינגאַנצן נישט געקאָנט אויסגלייכן; זיי זיינען געווען צעמישט, אָן אָנגעוואָרפענער קנויל מיט ציפערן, נאָך פון יענע צייטן, ווען דאָס מינץ-געלט איז געביטן געוואָרן; אונדזער קרייז-שאַצמייסטער האָט אָפט געציילט קליינע קראָנען פאַר גאַנצע טאָלערס. קיין חידוש נישט, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן עושר! נאָר ווען אַלץ איז געבראַכט געוואָרן מער-ווייניקער אין אַ סדר, האָט אלישע זיך שטאַרק געשראָקן, אַז פון גאַנצן עשירות וועט גאָרנישט בלייבן, און אפשר זאָל נאָך נישט קלעקן אפילו אויף צו דעקן אַלע הוצאות.

יאָ, סיווערט האָט אים לייכט געמעגט צוזאָגן אַלץ, וואָס ס'וועט בלייבן פון זיין פעטערס ירושה.

די צוויי ברידער האָבן זיך געוויצלט וועגן דער ירושה. סיווערט האָט זיך צום האַרצן נישט גענומען, פאַרקערט, ס'וואָלט אים אפשר געווען מער ווי געטון, ווען ער וואָלט טאַקע אויף אַן אמת געווען אוועקגעשענקט פינף טויזנט טאָלער. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, מיט וואָס פאַר אַ כוונה מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין פעטער; און עס קומט אים גאָרנישט צוליבן נאָמען. איצט איז ער שטאַרק באַשטאַנען אויף דעם, אַז אלישע זאָל באַקומען די ירושה. — אוודאי דאַרפסטו זי באַקומען, — האָט ער געזאָגט, — קום און לאָמיר דאָס אויפשרייבן אויף פאַפיר. איך וואָלט דיך נערן געוואָלט זען אַ גביר, איך פאַרגין דיר. בראַווע נישט קיין גדלות!

יאָ, זיי האָבן זיך לאַנג געווילט מיט דער געשיכטע. בכלל האָט

סיוועלט פאַרגרינגערט אַל שען דאָס לעבן אין דער היים. אָן סיוועלטן וואָלטן פאַר אים פיל זאַכן דאָ געווען נישט אָן ערך שווערער.

דערווייל איז אלישע ווידעראַמאָל קאַל ע געוואָרן; די דריי וואָכן אַרומגיין ליידיק אויף יענער זייט בערג האָבן אויף אים נישט גוט גע־ווירקט. ער איז דאָרטן געזעסן אויך אין קלויסטער און צוליב דעם זיך אויסגעפוצט; און אפילו זיך געטראָפן מיט מיידלעך אויך דאָרטן. דאָ אין סעלאַנראַאָ איז פון דעם מין נישט געווען; יאַנסינאַ, דאָס דינסט־מיידל, איז אַ גאָרנישט, אַ שווערע אַרבעטערין און נישט מער, און זי פּאַסט זיך גיכער פאַר סיוועלטן.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי באַרבראַאָ פון ברייטאַבליק זעט איצטער אויס, נאָך דעם, ווי זי איז אויסגעוואַקסן. — האָט אלישע איינ־מאָל געזאָגט.

— גיי זיך דורך צו אַקסל שטרעם און זע, — האָט סיוועלט גע־ענטפערט.

אין איינעם אַ זונטיק איז אלישע טאַקע געגאַנגען. יאָ, ער איז מיטאַמאָל ווידער געוואָרן לוסטיק, געקריגן מוט. ער איז געווען אויפגע־לייגט און אַריינגעבראַכט לעבעדיקייט אין אַקסלס קליין שטיבל, באַרבראַאָ איז נישט געווען קיין מיאוסע; יעדנפאַלס, איז זי געווען די איינציקע אין דער גאַנצער געגנט. זי האָט געשפילט אויף דער גיטאַרע און גערן געשמועסט; נאָך מער, פון איר האָט נישט געשמעקט קיין ווערים־קרויט, נאָר אַ גוטער ריח פון אמתן האָר־וואַסער. אלישע ווידער, פון זיין זייט, האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז געקומען אַהיים נאָר אויף אַן אָפּרו, און וועט באַלד צוריקגערופן ווערן ווידער אין ביוראָ אַריין. אמת, ס׳איז נישט אַזוי שלעכט אין דערהיים, ער האָט אפילו אַ באַזונדער צי־מער, נאָר ס׳איז דאָרט פאָרט נישט אַזוי ווי אין שטאָט.

— יאָ, דאָס איז אמת, האָט באַרבראַאָ געזאָגט, — דאָס שטאָט־לעבן איז אינגאַנצן אנדערש פונם היגן.

אַקסל אַליין האָט צום גאַנצן שמועס פון די צוויי שטאָט־מענטשן זיך נישט געקאָנט צופּאַסן; האָט ער זיי איבערגעלאָזט און בעסער אַרויס אויף זיינע פעלדער. זיי זענען געבליבן ביידע אַליין און אלישע האָט דאָס געשפּרעך געפירט גרויסאַרטיק. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער איז געווען אין שכנישן דאָרף דאָרטן מקבר צו זיין זיין פעטער,

און ער האָט נישט פארגעסן צו דערמאַנען זיין דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי דער לוויה.

ביים אוועקגיין האָט ער געבעטן באַרבראָן, זי זאָל אים באַגלייטן אַ ביסל. נאָר גיין, באַרבראָ איז נישט געווען אויפגעלייגט צו דעם. — אַזוי פירט מען זיך דאָרטן, ווו ער איז געווען, — האָט זי געפרעגט — פרויען זאָלן אָפּפירן די מענער אַהיים?

דאָס איז נעחען אַן אָנצוהערעניש פאַר אלישען; ער איז געוואָרן רויט און פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זי באַליידיקט.

פונדעסטוועגן איז ער אַראָפּגעקומען קיין מאַאַנענלאַנד נאָכאַמאָל דעם קומענדיקן זונטיק, און דאָס מאָל האָט ער מיטגענומען זיין שטעקעלע. זיי האָבן געשמועסט אַזוי ווי דאָס פריערדיקע מאָל, און אַקסל האָט אויך אין דעם שמועס קיין אָנטייל נישט גענומען.

— אייער פאָטער פאַרמאָגט איצט אַ גרויסע פערמע, — האָט ער געזאָגט — און ער בויט ווייטער.

— יאָ, ער האָט גענוג געלט אויף דעם, — האָט אלישע געזאָגט אַ ביסל באַרימעריש. ער קען עס באַוויזן. אַנדערש איז מיט אונז אָרימע מענטשן. . .

— וואָס מיינט איר?

— אָ, איר האָט גאָרנישט געהערט? מיט אַ שטיקל צייט צוריק זענען געקומען צופאָרן שוועדישע מיליאָנערן און אָפּגעקויפט ביי אים אַ שאַכט, אַ קופער-שאַכט.

— אַזוי? און ער האָט פאַר איר באַקומען אַ שלל מיט געלד?

— אַן אומגעהייערע סומע. איך וויל זיך נישט בארימען, נאָר ס׳האָט, יעדנפאַלס, אָנגעטראָפן אין די שווערע טויזנטער. וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? וועגן בויען? איך זע, אַז איר האָט דאָ איצט אַ סך געהילץ ליגן. ווען הייבט איר אָן בויען?

דאָ האָט באַרבראַ אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט: — קיינמאָל נישט.

קיינמאָל נישט! דאָס איז געווען חוצפה און גוזמא. אקסל האָט צונויפגעקליבן זיינע שטיינער פאַראַיאָרן האַרבסט און זיי געבראַכט צופירן אַהיים אין יענעם ווינטער; איצט, בין הזמנים, האָט ער שוין געהאַט געלייגט דעם פונדאַמענט, פאַרטיק געמאַכט דעם קעלער און אַ רייע

אנדערע זאַכן — אַלץ, וואָס מ'האָט נאָך געדאַרפט טון, איז געווען אויפ-צושטעלן דעם הילצערנעם טייל פון אויבן. ער האָט געהאָפט צו האָבן אַ טייל געדעקט נאָך היינטיקן האַרבסט, און געטראַכט וועגן בעטן סיזערטן, אַז ער זאָל אים צוהעלפן עטלעכע טעג — וואָס דענקט אלישע וועגן דעם?

אלישע האָט געדענקט, אַז ס'קאָן מעגלעך זיין. — נאָר פאַרוואָס נישט בעטן מיך? — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק.

— אייך? — האָט אַקסל געזאָגט, און ער האָט פלוצים אָנגע-הויבן צו רעדן מיט אָפּשיי, — איר טויגט זיך צו אַנדערע זאַכן, דענק איך.

אָ, ווי גוט ס'איז צו פילן, אַז מען שאַצט אָפּ דיין ווערט, אַפילו דאָ אין דער ווילדעניש! —

— איך האָב טאַקע מורא, אַז מיינע הענט טויגן נישט צו דעם מין אַרבעט, — האָט אלישע דעליקאַט געזאָגט.

— לאָז מיך נאָר זען, — האָט באַרבראָ געזאָגט, און אָנגענומען זיין האַנט.

אַקסל איז ווידער אַרויסגעפאַלן פון שמועס און אַרויסגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק זיי ביידן אַליין. זיי זענען געווען ביידע פון איין עלטער, געלערנט צוזאַמען אין שול, זיך געשפילט און געקושט איינס דאָס צווייטע, און זיך נאָכגעיאָגט; און איצט האָבן זיי מיט אַ טאָן פון לייכטער גרינגשעצונג גערעדט וועגן יענע אַלטע צייטן, זיך געטיילט מיט זכרונות. — און באַרבראָ האָט זיך קענטיק געוואָלט אַ ביסל אויספיינען פאַר איר יוגנט-חבר. אמת, אלישע איז טאַקע נישט ווי יענע אמתע פיינע יונגעלייט פון בערגען, וואָס טראָגן פענסנע און גאָלדענע זייגערס, נאָר דאָ אין דער ווילדעניש איז ער געוויס דער פאָרנעמסטער מאַן, דאָס קאָן מען נישט לייקענען. זי האָט אַרויסגענומען איר פאָטאָגראַפיש בילד פון בערגען און עס אים געוויזן — אַזוי האָט זי אויסגעזען דאַן, — אינגאַנצן אַנדערש ווי איצט, פאַרשטייט זיך. — און באַרבראָ האָט אַ זיפץ געטון.

— און וואָס פעלט דיר דען איצט? — האָט ער גע-פרעגט.

— דענקסטו, אַז איך האָב זיך נישט געענדערט צום ערגערן?

— צום ערגערן? זאָג איך דיר, אַז דו ביסט איצט אַ סך שענער, און טאַקע דיקער געוואָרן. צום ערגערן? האָ! דאָס איז שוין געזאָגט.

— אָבער ווערסט צוגעבן, אַז ס׳איז אַ שיין קלייד, וואָס איך טראָג דאָ אויפן בילד, אויסגעשניטן אַ ביסל פון פאָרנט און פון הינטן. און חוץ דעם האָב איך געהאַט די זילבערנע קייט, וואָס דו זעסט, זי האָט געקאָסט אַ שלל מיט געלט; דאָס איז געווען אַ מתנה פון איינעם פון די קינטאָר-שרייבער, וואָס איך בין ביי זיי געווען. נאָר איך האָב זי פאַרלוירן, ס׳הייסט נישט פאַרלוירן, נאָר איך האָב געדאַרפט געלט אויף צו קאָנען קומען אַהיים.

— אלישע האָט געפרעגט: — קאָנסטו מיר שענקען דאָס בילד?

— שענקען? ה-ם. וואָס ווערסטו מיר געבן פאַר דעם?

אָ, אלישע האָט גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט נישט געוואַגט. — איך וויל זיך פאָטאָגראַפירן, ווען איך וועל זיין צוריק אין שטאָט, — האָט ער געזאָגט, — און דיר צושיקן מיין בילד.

באַרבאַראַ האָט צוריקגעלייגט דאָס בילד: — ניין, ס׳איז דאָס איינציקע, וואָס איז מיר פאַרבליבן.

דאָס איז געווען אַ פינסטערער קלאַפּ פאַר זיין יונג האַרץ, ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט נאָכן בילד.

— טאָ, גיב מיר פאַר דעם עפּעס, איצט, — האָט זי געזאָגט לאַכנדיק. און דאָ איז ער אויפגעשפּרונגען און זי גוט אָנגעקושט.

נאָך דעם איז שוין אַלצדינג געווען גרינגער; אלישע איז מינטערער געוואָרן און געהאַט ווייטערן ערפאָלג. די האָט געפלירטעוועט און זיך געוויצלט און געלאַכט. — ווען דו האָסט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, איז עס געווען ווי אַ גלעט פון אַ שוואַן, — האָט ער געזאָגט.

— אַ, דו ווערסט באַלד צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין און קיינמאָל נישט צוריקקומען אַהער, — האָט באַרבאַראַ געזאָגט.

— דענקסטו, אַז איך בין פון דעם מין? — האָט אלישע גענענ־פערט.

— ווער ווייסט, צי דו האָסט נישט קיין אַנדערע, וואָס וואַרט אויף דיר.

— ניין, קיינער וואַרט נישט, איך בין נאָך צו קיינעם נישט געבינדן.

— אָ, יאָ, דו ביסט, איך ווייס עס.

— ניין, איך זאָג דיר דעם פולן אמת.

זיי האָבן לאַנג אַזוי פאַרבראַכט; אלישע איז געווען גאָר פאַרליבט — איך וועל דיר שרייבן, — האָט ער געזאָגט, — מעג איך?

— יאָ, — האָט זי געזאָגט.

— ווייל איך וואָלט נישט געוועזן אַזוי געמיין צו טון עס אָן דיין צושטימונג, — האָט ער געזאָגט. נאָר פלוצים איז ער געוואָרן אַ פּער־זיכטיק און געפרעגט; — איך האָב געהערט זאָגן, אַז דו האָסט שוין צוגעזאָגט אַקסלען דאָ, איז עס אמת?

— אַקסל? — האָט זי מיט פאַראַכטונג געזאָגט, און ער איז צוריק אויפגעלעבט געוואָרן. — איך וועל אים שוין האַלטן פון דער ווייטנס. — נאָר באַלד האָט זי חרטה געקריגן און צוגעגעבן: — אַקסל, ער איז גענוג גוט צו מיר... ער האָט אויסגעשריבן אַ צייטונג פאַר מיר, און גיט מיר מתנות פון צייט צו צייט — דעם אמת מוז מען זאָגן.

— אָ, אוודאי, — האָט אלישע צוגעשטימט — ער קאָן זיך אפשר זיין אַן אויסגעצייכנטער מענטש אין דעם זין, נאָר דאָס איז נאָך נישט אַלץ...

נאָר דער געדאַנק וועגן אַקסלען האָט באַרבראַן, אפנים, אַ ביסל צעבראָכן; זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צו אלישען: — איצטער גיי פון דאַנען; איך דאַרף אַרויסגיין צו די בהמות.

דעם קומענדיקן זונטיק איז אלישע אַראָפּגעקומען אַ סך שפּעטער, ווי די פריערדיקע מאָל, און מיטגעטראָגן מיט זיך דעם בריוו. דאָס איז געווען אַ בריוו! אַ גאַנצע וואָך אויפרעגונג און שווערע מי האָט ער אים געקאָסט! „צו פריילין באַרבראַ בראַדעסן. שוין צוויי, דריי מאָל, ווי איך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק צו זען איך..."

און אַז ער קומט אַזוי שפּעט איצט, האָט שוין באַרבראָ אוודאי זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די בהמות, און שוין אפשר גאַר געגאַנגען שלאָפן. אָבער דאָס מאַכט נישט אויס, — פּאַרקערט, אדרבא.

נאָר באַרבראָ איז געווען אויף און געזעסן אין שטיבל. זי האָט איצט אויסגעזען, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל אָנגעוואוירן יעדן חשק צו זיין גוט צו אים און אים ליב צו האָבן — אלישע האָט געקלערט, אַז אַקסל האָט אוודאי אויסגערעדט איר און זי געוואָרנט.

— דאָס איז דער בריוו, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט.

— אַ דאַנק — האָט זי געזאָגט און געעפנט דעם בריוו און איבערגעלייענט, אָבער קיין שום סימן פון פרייד. — איך קאָן אויך שרייבן, — האָט זי געזאָגט.

אלישע איז געווען אַנטוישט.

וואָס האָט עס זיך געטראָפן מיט איר? און וואו איז אַקסל? אפשר זענען אים מיאוס געוואָרן אָט די נאַרישע זונטיק־באַזוכן און ער וויל נישט זיין דערביי; אָדער ער האָט געהאַט עפּעס אַן ענין צו דערליידיקן, און איז אַוועק אין דאָרף אַריין. יעדנפאַלס, איז ער דאָ נישט געווען.

— נאָך וואָס זאָלן מיר דאָ זיצן אין דעם פאַרשטיקטן שטיבל אין אַזאַ ליבן אָוונט? — האָט אלישע געזאָגט — לאָמיר זיך דורכגיין אַ ביסל.

— איך וואַרט אויף אַקסלען, — האָט זי געענטפערט.

— אַקסל? קאָנסטו נישט אויסקומען אָן אים?

— יאָ. אָבער ער וועט וועלן עסן, ווען ער וועט אַהיימקומען.

די צייט איז געלאָפן — און אומזיסט. קיין שום דערנענטערונג, באַרבראָ איז געבליבן שלעכט געשטימט, ווי געווען. ער האָט געפּרוווט דערציילן איר נאָכאַמאָל וועגן זיין לעצטן באַזוך אין דאָרף, און נישט פאַרגעסן וועגן דער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן: — ס'איז נישט געווען קיין לאַנגע רעדע, נאָר דאָך האָט זי אַרויסגעבראַכט טרערן ביי אַ פּאָר אָנוועזנדיקע.

— אַזוי?

— און אין איינעם אַ זונטיק בין איך געגאַנגען אין קלויסטער אַריין.

— האָסטו מיט עמעצן פאַרבראַכט דאָרטן?

— פאַרבראַכט? ניין. איך בין בלויז אַריין אַ קוק טון. נאָך מיין מיינונג האָט דער גלח דאָרטן געהאַלטן גאָר נישט קיין וואַזשנע דרשה.

די צייט איז געלאָפן.

— וואָס דענקסטו וועט זיך אַקסל טראַכטן, אַז ער וועט דיך טרעפן דאָ איצט, אַזוי שפּעט אין אָוונט? — האָט באַרבראָ פּלוצים געזאָגט.

ער האָט זיך דערפילט, ווי זי וואָלט אים אַ פּאַטש געגעבן. האָט זי שוין אַלץ פאַרגעסן פון פאָריקן מאָל? האָבן זיי נישט אָפּגערעדט, אַז ער זאָל קומען היינט אין אָוונט? אלישע איז געווען טיף באַליידיקט און ער האָט אַרויסגעמורמלט: — איך קאָן אַוועקגיין, אויב דו ווילסט. וואָס האָב איך דען געטון? — און זיינע ליפּן האָבן געציטערט.

— געטון? אָ, דו האָסט גאָרנישט געטון.

— וואָס־זשע איז מיט דיר היינט אָוונט?

— מיט מיר? האַ־האַ־האַ! אָבער איך וועל מיך נישט חידושן, אויב אַקסל וועט זיין בייז.

— וועל איך אַוועקגיין, — האָט אלישע נאָכאַמאָל געזאָגט. נאָר זי איז נאָך אַלץ געווען גלייכגילטיק, ווי ס'וואָלט איר גאָרנישט געקימערט זיין, זיצן דאָ, זיין ראַנגלען זיך מיט זיינע געפילן. אָ, אַ בייזע פרוי!

ער האָט אָנגעהויבן צו ברוגזן זיך; צוערשט האָט ער אַרויסגעוויזן זיין רוגז איידל; זי איז נישט דער אמתער מוסטער פון אַ פרוי, פון שיינעם מין... נאָר דאָס האָט אויך קיין רושם נישט געמאַכט — אָ, בעסער וואָלט ער שווייגנדיק געליטן און גאָרנישט זאָגן. ער האָט זיך אָבער אויך נישט געקאָנט באַהערשן און ווייטער געזאָגט: — ווען איך זאָל געווען וויסן, אַז דו וועסט זיך אַזוי האַלטן היינט אָוונט, וואָלט איך אינגאַנצן נישט געווען געקומען.

— איז וואָס וואָלט געווען? — האָט זי געזאָגט, — וואָלסטו גע-

ווען פאַרלוירן אַ געלעגנהייט צו ווייזן זיך מיט דיין שטעקעלע, וואָס האָסט אַזוי ליב.

אָ, באַרבראַ, זי האָט געלעבט אין בערגען, און האָט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצולאַכן פון אַ מאַן; זי האָט געזען אמתע שפּאַציר־שטעקעלעך, און זיך פאַרגינט איצט צו פרעגן, נאָך וואָס דאַרף ער זיך אַרומטראָגן מיט אַ פאַרלאַטעט שירם-הענטל, ווי זיינס. נאָר ער האָט זי געלאָזט רעדן.

— איך פאַרשטיי, אַז דו וועסט וועלן צוריק איצט דאָס בילד, וואָס דו האָסט מיר געגעבן — האָט ער געזאָגט; און אויב דאָס האָט זי נישט גערירט, וועט שוין זיכער גאָרנישט העלפן; נעמען צוריק אַ מתּנה האָט זיך גערעכנט פאַר דער גרעסטער געמיינהייט דאָ אין דאָרף.

— וואָס איז דען? — האָט זי צווייידייטיק געענטפערט.

— אָ, איך וועל עס דיר אומקערן צוריק, — האָט ער שוין גע־זאָגט מיט צאָרן. — איך וועל עס דיר גלייך אָפּשיקן, און דו גיב מיר צוריק מיין בריוו.

ער האָט זיך אויפגעהויבן צו גיין.

יאָ, זי האָט אים צוריקגעגעבן דעם בריוו. נאָר איצט זענען איר געשטאַנען טרערן אין די אויגן; דאָס דינסט-מיידל איז געווען גערירט; איר פריינט פאַרלאָזט זי — פאַרלאָזט זי אויף שטענדיק!

— דו דאַרפסט נישט אַוועקגיין, — האָט זי געזאָגט. — מיך אַרט נישט, וואָס אַקסל וועט זאָגן.

נאָר אלישע האָט שוין געהאַט די אויבערמאַכט איבער איר איצט, און ער מוז די מאַכט אויסניצן; ער האָט איר געדאַנקט און געזאָגט אַ גוטע נאַכט; — ווען אַ פרוי פירט זיך אַזוי אויף, — האָט ער געזאָגט — איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה.

ער איז אַרויס פונם שטיבל און זיך געלאָזט לאַנגזאַם מיטן וועג אַהיים, אונטערגעפייפט. געדרייט מיטן שטעקעלע און געשפילט דעם מאַן. באַ! אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרויס באַרבראַ און אים נאָכגערופן אַ פּאָר מאָל. זייער גוט; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער ער איז געווען ווי אַ פאַר־וואונדעטער לייב. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אינעם היידערקרויט, מיט חרטה אויפן פּנים, זי האָט אומרויִק געהאַלטן אַ צווייגל, און באַלד איז

ער אויך ווייכער געוואָרן און ביי איר געבעטן אַ קוש, צום לעצטן מאָל נאָר אויף געזעגענען זיך. ניין, דאָס וועט זי נישט טאָן. — זיי אַ גוטע און אַ וואוילע, ווי דו ביסט געווען דאָס לעצטע מאָל, — האָט ער געבעטן און זיך געדרייט אַרום איר אויף אַלע זייטן; נאָר זי האָט נישט געוואָלט זיין קיין גוטע, און זי האָט זיך אויפגעשטעלט. דאַן האָט ער בלויז אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אַוועק.

ווען ער איז שוין געווען ווייט, איז אַקסל פּלוצים אויסגעוואַקסן פון הינטער די קוסטן. באַרבראָ האָט זיך פאַרלוירן, אַ טריט געטון צוריק און געפרעגט: — וואָס איז דאָס? וואו ביסטו געווען? קומסט אָן פון אויבן?

— ניין, איך בין געווען אויף יענער זייט, — האָט ער געענטפערט, — נאָר איך האָב אייך געזען ביידע גיין אַרויף.

— האַ, אַזוי? — האָט זי זיך צעשריגן פּלוצים ווילד אין כעס — וואָס האָסטו מיר נאָכצוגיין און נאָכקוקן, וואָלט איך געוואָלט וויסן? וואָס איז עס דיין עסק?

אַקסל איז אויך נישט געווען אין קיין איבעריקע גוטע שטימונג — ה-ם. איז ער דאָ היינט געווען נאָכאַמאָל?

— נו, איז וואָס, אַז ער איז געווען? וואָס ווילסטו פון אים?

— איך פון אים? וואָס ווילסט דו פון אים, וואָלט איך געוואָלט פרעגן. וואָלסט זיך געמעגט שעמען.

— שעמען? בעסער וואָס וויניקער צו רעדן וועגן דעם, ווען דו פרעגסט מיך, — האָט באַרבראָ געזאָגט. — איך דאַרף זיצן דאָ אין הויז ווי אַ גולם, מיינסטו. פאַרוואָס זאָל איך זיך שעמען? און דו ווילסט זיך אויסזוכן אַן אַנדערע אויף מיין אָרט — בין איך גרייט אַוועקצוגיין. דו האָלט ס'מויל, דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב דיר צו זאָגן. אַ חרפּה, אַז איך דאַרף דיך גאָר בעטן וועגן דעם. איך גיי צוגרייטן פאַר דיר עסן און קאַווע, און נאָך דעם קאָן איך מיר טון, וואָס מיר געפעלט.

און אַזוי צעקריגט זענען זיי אריין אין שטיבל.

ניין, זיי זענען נישט אַלעמאָל געווען גוטע פריינט, אַקסל און באַרבראָ. זי איז שוין צוויי יאָר ביי אים, און זיי האָבן נישט איינמאָל זיך געקריגט; מערסטנס, ווען באַרבראָ פלעגט רעדן וועגן אַוועקגיין. ער

האָט געוואָלט, זי זאָל מיט אים בלייבן אויף שטענדיק, זיך דאָ באַזעצן און מיט אים טיילן זיין הויז און לעבן; ער האָט געוואוסט, ווי שווער ס'וועט אים זיין, ווען ער זאָל בלייבן נאָכאַמאָל אָן הילף. און זי האָט אים שוין געהאַט צוגעזאָגט עטלעכע מאָל — יאָ, אין די גוטע שעהן האָט זי גאָר קיין אַנדערע מחשבה נישט געהאַט, ווי נאָר צו בלייבן. נאָר טאָמער האָבן זיי זיך געקריגט, פלעגט זי באַ״ד סטראַשען אים, אַז זי וועט אַוועקגיין. אויב נישט איגגאַנצן, וועט זי כאָטש גיין אין שטאָט היילן אירע ציין. גיין, גיין! אַקסל האָט געפילט, אַז ער מוז עפעס אויס־געפינען, מיט וואָס זי צו האַלטן.

זי האַלטן? אַ סך האָט באַרבראַ זיך געקימערט וועגן זיין וועלן!

— האַ, איז ווילסטו ווידער אַוועקגיין? — האָט ער געזאָגט.

— איז וואָס, אויב איך וויל?

— קאָנסט דו דען פאָרן?

— און פאַרוואָס נישט? אויב דו דענקסט, אַז איך האָב מורא פאָרן ווינטער... אָבער איך קאָן באַקומען אַ שטעלע אין בערגען צו יע־דער צייט.

דאַן האָט אַקסל געלאַסן געזאָגט: — דאָס ווערסטו נאָך יעדנפאַלס נישט קאָנען טון אַזוי גיך, כל זמן דו ביסט מעוברת.

— מעוברת? וואָס רעדסטו?

אַקסל האָט געשטוינט. איז דאָס מיידל פון זינען געווירט?

אמת, ער אַליין האָט געדאַרפט געווען זיין מער געדולדיק. איצט אַז ער האָט שוין געהאַט מיט וואָס זי צו פאַרהאַלטן, איז ער געוואָרן צופיל זיכער ביי זיך, און דאָס איז געווען אַ טעות; ער האָט זי נישט געדאַרפט אַזוי אויפרייצן; ער האָט נישט געוועין געדאַרפט באַפעלן איר אַזוי שטרענג צו העלפן אים אויפן קאַרטאָפל־פעלד יענעם פרילינג — ער האָט געקאָנט אַליין פלאַנצן. ער וואָלט נאָך געהאַט גענוג צייט אַרויס־צוווייזן זיין הערשאַפט נאָך דער חתונה; ביז דאַן האָט ער געדאַרפט גע־ווען האָבן שכל און נאָכגעבן.

אָבער — ס'איז געווען שלעכט, אָט דער עסק מיט אלישען, דעם קאַנטאָר־שרייבער, וואָס איז געקומען אַהער מיט זיין שטעקעלע און מיט

זייַנע פיינע רייד. אַ מיידל זאָל זיך אַזוי אויפפירן, בשעת זי האָט פאַרשפּראָכן אַן אַנדערן — און אין איר צושטאַנד! דאָס איז נישט צו פאַרשטיין. ביז איצט איז אַקסל געווען אויסער קאָנקורענץ — איצט אָבער איז געוואָרן אַנדערש!

— דאָ האָסטו נייַע צייטונגען, — האָט ער געזאָגט. — און דאָ איז אַ קליין זאַכעלע, וואָס איך האָב דיר געבראַכט. איך ווייס נישט, צי ס'וועט דיר געפעלן.

באַרבראַ איז געבליבן קאַלט. זיי זענען געזעסן ביידע און געטרונקען הייסע קאַווע. נאָר נישט געאַכט אויף דעם, האָט זי געענטפערט קאַלט ווי אייז: —

— אוודאי, דאָס גאָלדענע רינגל, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט נאָך מיט אַ יאָר צוריק.

דאָ האָט זי אָבער אַריבערגעכאַפּט די מאָס — ס'איז טאַקע געווען דאָס רינגל. קיין גאָלדנס איז עס נישט געווען. אַזאַ האָט ער איר קיינמאָל נישט צוגעזאָגט — דאָס האָט זי זיך איצט אַליין אויך דערמאַנט; ס'איז געווען אַ זילבערנס מיט צוויי איבערגעלייגטע געגילדטע הענט אויף דעם, עכטער זילבער, מיט אַ שטעמפּל פון אינעווייניק. נאָר — אַך — יענע פאַרשאָלטענע נסיעה איר קיין בערגען! באַרבראַ האָט דאָרטן געזען אמתע כּלה־רינגלעך — זאָל ער איר נישט דערציילן!

— אָט דאָס רינגל? הי! קאָנסט עס זיך האַלטן!

— וואָס פעלט אים?

— פעלן? ס'פעלט אים גאָרנישט, — האָט זי געענטפערט און זיך אויפגעשטעלט אָפּצוראַמען פון טיש.

— קאָנסט עס טראָגן דערווייל, און שפּעטער וועל איך אפשר קויפן אַן אַנדערס, — האָט אַקסל געזאָגט.

באַרבראַ האָט גאָרנישט געענטפערט.

אַן אומדאַנקבאַרע בריאה איז באַרבראַ געווען דעם אָוונט. אַ זילבערן רינגל איז דען קיין מתּנה נישט? ס'מוז זיין יענער קאַנטאָרשרייבער מיט די שטאָטישע רייד זיינע, וואָס האָט איר פאַרדרייט דעם קאָפּ. אַקסל האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון זאָגן: — איך וואָלט

געוואָלט וויסן, נאָך וואָס דער אלישע האָלט א״ן איין קומען אַהער? וואָס וויל ער פון דיר?

— פון מיר?

— יאָ, איז ער אַזאַ נאַר, אַז ער זעט נישט, אין וואָס פאַר אַ צו־שטאַנד דו ביסט? האָט ער נישט קיין אויגן אין קאָפּ?

באַרבראָ האָט זיך גלייך אַ דריי געטון פון אַקסעלן:

— אַ, מיינסטו, אַז דערמיט האָסטו מיך שוין צוגעבונדן? ווערסטו זען, אַז דו האָסט אַ טעות.

— האַ! — האָט אַקסל געזאָגט.

— יאָ, און איך וועל דאָ נישט פאַרבלייבן.

אַקסל האָט נאָר לייכט אַ שמייכל געטון; ער האָט זי נישט גע־האַלט אַריינברענגען אין כּעס. און דערנאָך האָט ער איר געזאָגט ווי צו אַ קינד:

— זיי זשע אַ גוטע, באַרבראָ, מיר ביידע וויסן דאָך.

און אוודאי האָט באַרבראָ צום סוף נאָכגעגעבן און געוואָרן גוט, און אפילו געגאַנגען שלאָפן מיטן זילבערנעם רינגל אויף איר פינ־גער.

אַלץ וועט נאָך ווידער זיין גוט מיט דער צייט!

אין שטיבל איז ווירקלעך געוואָ״ן ווידער שלום, — אָבער אלישע האָט נישט געוואוסט פון קיין פרידן. ער האָט נישט געקאָנט גובר זיין אין זיך די חרטה, ווי אַזוי באַרבראָ איז זיך מיט אים באַגאַנגען. ער האָט נישט געוואוסט גאָרנישט פון היסטעריע, און עס אָנגענומען פאַר פּשוטע רשעות פון איר זייט; דאָס דאָזיקע מיידל פון ברייזאַבליק האָט צופיל געהאַלטן פון זיך, אפילו ווען זי איז שוין געווען אין בע־גען...

ער האָט איר צוריקגעשיקט איר בילד אויף זיינעם אַן אייגנאַר־טיקן אופן — אַרונטערגעטראָגן עס אַליין אין איינער אַ נאַכט און דאָס אַריינגעשטעקט דורך דער טיר צו איר אין היי־שפּייכלער, וואו זי איז געשלאָפן. ער האָט עס חלילה נישט געטון אויף קיין רױבן, אומזיט־לעכן אופן, ניין, ער האָט געסקריפּעט מ״ט דער טיר אַ לענגערע ווײלע, כּדי זי זאָל אויפוואַכן, און ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און גע־פרעגט:

— וואָס איז? קאָנסט נישט געפינען דעם אַרייגגאַנג היינט? —

האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די פראַגע איז נישט געמיינט געוואָרן פאַר אים, און זי איז אים אַדורך ווי אַ נאָדל, ווי אַ שווערד. ער האָט אָבער נישט געמאַכט קיין מומל, נאָר שטילערהייט אַראָפּגעלאָזט דאָס בילד — און איז זיך אַוועק.

ער האָט געשפאַנט צוריק אַהיים.

נישט קיין שטעקעלע, נישט קיין פייפן. ער האָט זיך שוין נישט געקימערט וועגן האַלטן זיך שטאָלץ. אַ שניט אין האַרצן אי. נישט קיין לייכטע זאַך.

איז דאָס געווען אַ סוף?

איינמאָל זונטיק איז ער ווידער אַרונטערגעגאַנגען בלויז כדי צו כאַפּן אַ קוק. מיט אַ קרענקלעכן אומנאַטירלעכן געדולד איז ער געלעגן באַהאַלטן צווישן די קוסטעס און געקוקט אַריבער צום שטיבל. און ווען דאָרטן האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַ סימן פון לעבן און באַוועגונג, האָט ער זיך דערפילט, ווי אינגאַנצן פאַרניכטעט: אַקסל און באַרבראָ זענען אַרויסגעקומען צוזאַמען און אַריבערגעגאַנגען אין שטאַל. זיי האָבן אויסגעזען פאַרליבט איצט, יאָ, פאַרליבט. זיי זענען געגאַנגען געאָרעמט, און ער איז, אפּנים, געגאַנגען מיט איר צו די בהמות, צו העלפן איר, יאָ, אַזוי!

אלישע האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ בליק, ווי ער וואָלט פאַרלוירן אַלץ אין דער וועלט; אינגאַנצן אַ פאַרצווייפלטער. אין זיין געדאַנק איז אפשר געווען:

דאָרטן גייט זי געאָרעמט מיט אַקסל שטרעם. ווי אַזוי איז זי געקומען דערצו, קאָן איך נישט פאַרשטיין; אַמאָל האָט זי מיך אומגעאָרעמט!

און זיי זענען פאַרשוואונדן אין שטאַל.

גוט, זאָל זיי! וואָס, ליגן דאָ אַזוי צווישן די קוסטעס און זיך אינגאַנצן אַ־לאָזן? איז דאָס אַ זאַך — צו ליגן אויסגעצויגן אויפן בויך און זיך אָפּלאָזן? ווער איז זי, נאָך אַלעמען? אָבער ער — איז ער.

ער האָט זיך געגעבן אַ הייב אויף, אַראָפּגעטרייסלט די צווייגלעך און שטויב פון זיינע קליידער, זיך אויסגעצויגן און ווידער געשטאַנען פעסט. זיין צאָרן און פאַרצווייפלונג האָבן זיך איצט אויסגעדריקט אויף אַ

משונהדיקן אופן; פאַר צרות האָט ער אָנגעהויבן אַז זינגען אַ פריילעך, אויסגעלאַסן לידל. און ווען ער האָט בכיוון אויסגעזונגען די באַליבטסטע שטעלן, ו אָס אויף אַ העכערן קול, האָט אויף זיין פנים גערוט אַ באַזונדער צו־פרידנקייט.

## XIX

**יצחק איז צוריקגעקומען פון דאַרף מיט אַ פערד.**

יאָ, ער האָט דאָס פערד טאַקע אָפּגעקויפט ביים לענסמאַנדס געהילף; דאָס פערד איז געשטאַנען צום פאַרקויפן, ווי גייסלער האָט געזאָגט, נאָר ס׳האָט געקאָסט צוויי הונדערט מיט פערציק קראָנען — זעכציק טאָלער. דער מקח אויף פערד איז גוואַלט׳ק געשטיגן. ווען יצחק איז געווען אַ קינד, האָט מען דאָס בעסטע פערד געקאָנט קויפן פאַר פופציק טאָלער.

נאָר פאַרוואָס האָט ער קיינמאָל נישט אויסגעכאָוועט אַליין קיין פערד? ער האָט געטראַכט וועגן דעם, זיך פאָרגעשטעלט אַ קליין שיין לאָשאַקל, וואָס ער כאָוועט עס א יאָר אָדער אַ צוויי. אָבער דאָס קאָנען טון מענטשן, וואָס פאַרגינען זיך אָפּשפּאָרן צייט פון זייער פעלד, וואָס פאַרגינען זיך שטיקער ערד צו פּוסטעווען, ביז זיי וועלן האָבן אַ פערד אויף צו פירן תבואה. דעם לענסמאַנדס געהילף האָט טאַקע געזאָגט; — איך אַליין האָב נישט קיין חשק אויסצוהאַלטן אַ פערד; דאָס ביסל היי, וואָס איך האָב, קאָנען עס מיין פרוי און קינדער צונויפזאַמלען און ברענגען, בשעת איך גיי דערפילן מיינע פליכטן.

דאָס נייע פערד איז געווען יצחקס אַן אַלטע אידעע, ער האָט וועגן דעם שוין געטראַכט יאָרן; גייסלער איז נישט געווען דער ערשטער,

וואָס האָט אים דעם געדאַנק אויפגעגעבן. און ער האָט אפילו געמאַכט די נויטיקע הכנות דערצו: נאָך אַ שטעל פאַר זיינעטוועגן אין שטאַל, אַ נייעם שטריק אויף צוצובינדן אים בעתן פאַשן זיך זומער; וועגענער האָט ער געהאַט אַ פּאָר און אין הערבסט וועט ער מאַכן נאָך. דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז געווען קאָרמע, און אויך דאָס האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרגעסן. צוליב וואָס דען האָט ער עס געהאַלטן פאַר נויטיק דורכצואַקערן נאָך פאַראַיאָרן דעם לעצטן פּאַס ערד? יענעם פּאַס ערד האָט ער איצט פאַרזייט פאַר גרינער פּאַשע, דאָס איז געווען פאַר טראָגעדיקע קי.

יאָ, ער האָט דאָס אַלץ פריער איבערגעטראַכט. אינגער מעג איצט ווידער פּאַטשן מיט די הענט פאַר איבעראַשונג, פּונקט ווי אַ מאָל.

יצחק האָט געבראַכט נייעס פונם דאָרף; בריידאַבליק פאַרקויפט זיך, וועגן דעם איז געהאָנגען אַ מודעה לעבן קלויסטער. דאָס ביסל זריעה, וואָס איז דאָרטן געווען — היי און קאַרטאָפּל — אַלץ ווערט פאַרקויפט צוזאַמען. און אפשר דער לעבעדיקער אינווענטאַר אויך; מער נישט ווי עטלעכע בהמות, נישט קיין סך.

— וועט ער אויספאַרקויפן אַלצדינג און זיך גאָר אַרויסציען פון דאַנעט? — האָט אינגער אויסגערופן, — און וואו וועט ער וואוינען?

— אין דאָרף.

דאָס איז געווען דער אמת. ברעד האָט געהאַלטן ביים אומקערן זיך צוריק אין דאָרף אַריין. צוערשט האָט ער געפּרוווט פועלן ביי אַקסלען, ער זאָל אים לאָזן וואוינען ביי אים צוזאַמען מיט באַרבראָן; נאָר דאָס איז אים נישט געלונגען. ברעד האָט אָבער נישט געוואָלט קאַליע מאַכן די באַציונגען צווישן זיין טאָכטער און אַקסלען, איז ער געווען פאָרזיכטיק גענוג, נישט אָנצוואַרפן זיך, הגם זיינע אויסזיכטן האָבן דורך דעם שטאַרק געליטן. אַקסל האָט זיך געגרייט צו פאַרענדיקן זיין נייע הויז דעם הערבסט; נו, איז ווען ער און באַרבראָ וועלן זיך איבערציען אַהין, פאַרוואָס קאָן נישט ברעד מיט זיין פאַמיליע האָבן פאַר זיך דאָס קליינע שטיבל? ניין! אַזוי איז ער געווען ברעד, ער האָט נישט געקוקט אויף זאַכן ווי אַ פּערמער; ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַקסל ציט זיך אַרויס פון שטיבל, מחמת ער האָט עס געדאַרפט פאַר זיינע בהמות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין פאַרמערן; דאָס שטיבל האָט געדאַרפט זיין אַ נייע קי-שטאַל. און

ווען אַפילו מען האָט דאָס אים שוין דערקלערט, האָט ער נאָך אַלץ נישט ג קאָנט זען דעם שכל דערביי; זענען דען מענטשן נישט ביליכער פֿאַר חיות? האָט ער געזאָגט. ניין, אַ פויערישער קוק איז אַנדערש; חיות זע- נען ביליכער! אַ מענטש קאָן זיך אַלעמאָל געפינען אַ שוץ-אָרט אין ווינ- ט״ר. דאָ האָט באַרבראַ זיך אַריינגעמישט און געזאָגט: — האַ, איז שטעלסטו די חיות צופערשט און דערנאָך אונדז? גוט, וואָס איך ווייס דאָס! — אַזוי האָט אַקסל זיך אָנגעלעבט שונאים אַ גאַנצע פאַמיליע, דער- פאַר, וואָס ער האָט נישט געהאַט וואוהין זיי אַריינצונעמען. נאָר ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער איז נישט געווען קיין גוטהאַרציקער באַר, אַקסל, נאָר פאַרקערט, ער איז געוואָרן אַלץ מער קמצניש. ער האָט גוט געוואוסט, אַז אַזאַ משפּחה אַריינצונעמען, הייסט זיי אַלעמען אויסצו- האַלטן. ברעד האָט פאַרזאָגט זיין טאָכטער צו שווייגן און איר דערקלערט, אַז ער וועט בעסער זיך אַרויסציִען אין דאָרף אַריין; ער קאָן שוין סיי ווי מער נישט פאַרטראָגן דאָס לעבן אין דער וויסטעניש, האָט ער גע- זאָגט — און נאָר מחמת דעם פאַרקויפט ער זיין נחלה.

אָ, אין דער אמתן איז נישט ברעד האָט פאַרקויפט די נחלה; ס׳איז די באַנק און דער קרעמער האָבן פאַרקויפט בריידאַבליק, נאָר לפנים וועגן האָבן זיי עס געטון אין ברעדס נאָמען. אַזוי אַרום, האָט ער געטראַכט, איז ער אויסגעהיט פון בזיונות. און ברעד איז דערום נישט געווען שטאַרק פאַר־זאָרגט, ווען יצחק האָט אים געטראָפן; ער האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז ער איז נאָך אַלץ אויפזעער איבער דער טעלעגראַף-ליניע; דאָס איז אַ שטענדיקע הכנסה, און מיט דער צייט וועט ער זיך אַרויפאַרבעטן צוריק, און קריגן זיין אַלטע שטעלע אַלס געהילף ביים לענסמ.נד. אַ ביסל האָט אים פונדעסטוועגן די מעשה גערירט, ס׳איז פאָרט נישט גרינג צו שיידן זיך מיט אַ פּלאַץ, וואו מען האָט געלעבט, געהאָרעוועט און פאַרשוואַרצט געוואָרן אַזוי פיל יאָרן. נאָר דער גוטער ברעד — נישט זיין טבע איז עס זיך לאַנג מצער צו זיין; און דאָס איז געווען דאָס שענסטע אין אים. ער האָט איינמאָל זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו ווערן אַן ערד-אַרבעטער, אַ פערמער, — האָט אים נישט אָפּגע- גליקט; ער האָט אָבער אויפגענומען אַנדערע פּלענער מיט דער זעלבער לייכטקייט, און געהאַט מער מזל אויך; און ווער ווייסט — אפשר וועלן זיינע שטיין-מוסטערן זיך דאָך אַרויסווייזן פאַר אוצרות און ער וועט נאָך

מאַכן מיט זיי גרויסע געשעפטן, און דאַן באַרבראַך, ער האָט זי לפּחות פאַרזאָרגט דאָרטן אין מאַאַנעגלאַנד; זי וועט שוין אַקסלען נישט פאַרלאָזן איצט, דאָס האָט ער געקאָנט שווערן — ס׳איז קלאָר פאַר יעדן איינעם.

— ניין, ס׳איז נישטאָ, וואָס צו שרעקן זיך, כּל זמן ער איז געזונט און קאָן אַרבעטן פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזינד, — האָט ברעד אָלסען געזאָגט. — און די קינדער זענען שוין אונטערגעוואַקסן און קאָנען זיך דורכשלאָגן זייער אייגענעם וועג אין דער וועלט; העלגע איז שוין אַוועק צו די הערינג־פישערייען און קאַטרינאַ גייט דינען ביים דאָקטאָר. אַזוי זענען אים געבליבן מער נישט ווי די צוויי יינגסטע — יאָ, אַ דריטס איז געווען אויפן וועג, נאָר יעדנפאַלס...

יצחק האָט געהאַט נאָך אַ נייעס פון דאָרף; דעם לענסמאַנדס פרוי האָט געבוירן אַ קינד. אינגער האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט געפרעגט — אַ יינגל אָדער אַ מיידל?

— דאָס האָב איך נישט געהערט. — האָט יצחק געענטפערט.

אַזוי, האָט דעם לענסמאַנדס פרוי דאָך געבוירן אַ קינד — נאָך די אַלע רייד, וואָס זי האָט גערעדט אין פרויען־קלוב, אַז די אָרימעלייט האָבן צופיל קינדער, בעסער, האָט זי געטענהט, גיט די פרויען וואַלרעכט און זאָלן זיי אויך האָבן אַ דעה איבער זייער אייגעגעם גורל. און איצט איז זי אַליין אַריינגעפאַלן.

— יאָ, — האָט דעם גלחס ווייב געזאָגט. — זי האָט גוט געווירקט אויף אַנדערע, נאָר פון איר אייגענעם גורל האָט זי זיך נישט געקאָנט אויסהיטן, האַ-האַ-האַ! — און אָט דאָס קלוגע ווערטל איז זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן דאָרף, און די צאָל פון יענע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם מיין איז געווען גאַנץ גרויס — אינגער האָט מסתּמא אויך פאַרשטאַנען; אײַן יצחק נאָר האָט גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען.

יצחק האָט פאַרשטאַנען ווי צו אַרבעטן, ווי צו באַגיין זיך מיט אַן אַרבעט. ער איז געווען אַ רייכער מאַן איצט, מיט אַ גרויסער פערמע, נאָר די שווערע סומע געלט, וואָס איז צו אים אַריינגעפאַלן דורך אַ גליקלעכן צופאַל, האָט ער ווייניק אויסגענוצט; ער האָט דאָס געלט באַהאַלטן. די ווילדעניש האָט אים געראַטעוועט. וואָלט ער געלעבט אין דאָרף, וואָלט אפשר די גרויסע וועלט אויך אויף אים משפּיע געווען; אַזוי פיל

שיינע זאַכן, אַזוי פיל אײדעלע מנהגים און מאַנירן; ער וואָלט אפשר אויך אָנגעקויפט נוצלאָזע קלײניקייטן און געטראָגן אַ רויט זונטיק־העמד אינדערוואָכן. דאָ, אין דער ווילדעניש, איז ער געווען אָפּגעהיט פון די אַלע לוקסוסן; ער האָט געלעבט אין ריינער לופט, און זיך געבאָדן יעדן זונטיק אינדערפרי אין טייך. יענע טויזנט טאָלער — אַ מתנה פון הימל — האָט ער נישט גערירט. וואָס דען, אַנדערש זאָל ער טון? זיינע געוויינטלעכע הוצאות זענען געווען מער ווי געדעקט דורך די הכנסות פון זיינע פעלדער און בהמות.

אלישע, נאַטירלעך, האָט מער פאַרשטאַנען; ער האָט געראָטן דעם פאָטער אַריינצולייגן דאָס געלט אין אַ באַנק. דאָס איז אפשר געווען דאָס גלייכסטע צו טון, נאָר יצחק האָט עס אָפּגעלייגט דערווייל — און אפשר טאַקע אויף שטענדיק. אָבער נישט חלילה, ווייל יצחק האָט נישט געוואָלט נעמען קיין עצה פון זיין זון; אלישע איז גאָרנישט אַזאַ טויגעניכטס, דאָס האָט יצחק געזען די לעצטע צייט. אַיִט, בשעתן היי־שניט, האָט ער זיך געפרוווט אויך שניידן; אמת, קיין איבעריקער בריה איז ער נישט, און מוז זיך האַלטן נאָענט לעבן סיווערטן, כדי ער זאָל אים אַלע־מאָל אָנשאַרפן די קאָסע; נאָר ער האָט לאַנגע הענט און הייבט און נעמט צונויף דאָס היי אויסגעצייכנט. ער און סיווערט, און לעאָפּאָלד דינאַ, און יאַגסינאַ, דאָס דינסטמיידל, אַלע זענען זיי געווען איצט פאַרנומען מיטן ערשטן היי־שניט פון דעם יאָר. אלישע האָט זיך אויך נישט געשפּאָרט, נאָר געשאַרט דאָס היי ביז זיינע הענט זענען באַדעקט געוואָרן מיט בלאָטערן און ער האָט זיי געמוזט אַרומוויקלען מיט שמאַטעס. שוין עטלעכע וואָכן, אַז ער האָט נישט קיין שום אַפּעטיט צום עסן, אָבער געאַרבעט האָט ער זייער פלייסיק. עפּעס איז געשען מיט אים; ס'איז געווען קענטיק, אַז עפּעס אַ סיבה, אַן אומגליקלעכע ליבע אָדער אַן אַנדערע טרויעריקע אַנטוישונג, האָבן אויף אים משפיע געווען צו גוטן. אָט האָט ער גראָד געהאַט איצט אויסגערויכערט דאָס לעצטע ביסל טאַבאַק, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון שטאָט; געוויינטלעך, איז דאָס אַליין שוין גענוג צו מאַכן אַ קאַטאָר־בחורל בייז, ער זאָל פאַרהאַקן די טיר נאָך זיך מיט כעס און ווערן אומצופרידן מיט אַ סך זאַכן; נאָר ניין, אלישע איז איצט געוואָרן געזעצטער, פעסטער און מיושבדיקער; אַ מאַן. אפילו סיווערט, דער לץ, האָט אים נישט געקאָנט שטעלן אין אַ פאַר־

לעגנהייט. היינט זענען זיי ביידע געלעגן אויף שטיינער ביים טייך און געטרונקען און סיווערט האָט, אומבאַטראַכט, זיך אַנגעבאָטן צו גיין אויפ-זוכן פאַר אים אַ ספּעציעלן מין גראָז צו טריקענען אויף טאַבאַק — „אָדער דו ווילסט אים רויכערן רויערהייט?" — האָט ער געזאָגט.

— איכ׳ל דיר געבן טאַבאַק, — האָט אלישע געזאָגט, און אויסציענ-דיק זיך, אײַנגעטונקען סיווערטן מיטן קאָפּ אין וואַסער ביז אַריבער די אַקסלען. זאָל ער וויסן! סיווערט האָט זיך גוט אָפּגעטובלט און ס׳האָט פון אים גערונען פון קאָפּ ביז די פיס.

— עס זעט אויס, אַז אלישע ווערט אַ לייט, — האָט יצחק צו זיך אליין געטראַכט, אַכטונג געבנדיק אויף אים ביי דער אַרבעט. און צו אינגערן האָט ער געזאָגט: — ה-מ — כ׳טראַכט, אַז אלישע וועט איצט שוין אוודאי פאַרבלייבן אין דער היים.

און זי האָט געענטפערט זייער פּאָרזיכטיק: — מען קאָן נישט וויסן. ניין, ער וועט נישט בלייבן.

— האַ! האָסטו גערעדט מיט אים וועגן דעם?

— ניין... יאָ, כ׳האָב מיט אים גערעדט עטלעכע ווערטער. נאָר דאָס איז בלויז מיין מיינונג.

— כ׳וואָלט געוואָלט וויסן — יוען אַ שטייגער ער וואָלט געהאַט אַ שטיקל לאַנד פאַר זיך...

— וואָס מיינסטו?

— צי וואָלט ער באַאַרבעט אַ שטיק אייגענע ערד?

— ניין.

— האָסט אים עפּעס געזאָגט?

— געזאָגט? זעסט אַליין נישט, ווי ער האָט זיך געביטן. איך דער-קען אים גאָר נישט מער.

— רעד נישט קיין שלעכטס אויף אים, — האָט יצחק געזאָגט, — איך זע נאָר, אַז ער טוט אָפּ אַ גוטן טאָג אַרבעט אויפן פעלד.

— יאָ, אפשר, — האָט אינגער נאָכגעגעבן.

— און איך ווייס נישט, וואָס דו האָסט צום יונג, — האָט יצחק אויסגערופן אומצופרידן. — ער טוט זיין אַרבעט מיט יעדן טאָג בעסער און בעסער, און וואָס קאָנסטו מער פאַרלאַנגען?

אינגער האָט געמורמלט: — יאָ, נאָר ער איז נישט דערזעלבער וואָס פריער. טו נאָר אַ רעד מיט אים וועגן קאַמזוילן.

— וועגן קאַמזוילן? וואָס מיינסטו?

— ער פלעגט טראָגן ווייסע קאַמזוילן זומער, ווען ער איז געווען אין שטאָט, אַזוי זאָגט ער.

יצחק האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. — טאָר ער נישט טראָגן קיין ווייסע קאַמזוילן? — האָט ער געפרעגט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז מער נישט ווי ווײַבערישע פּלוידערײַ; נאָך זיין פאַרשטאַנד נאָך האָט דער יונג געהאַט פולקאָם רעכט צו האָבן אַ ווייסן קאַמזויל, און ביז אים געפעלט אַזאַ; יעדנפאַלס, האָט ער נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס שטעקט אין דעם פאַר אַ שלעכטס, און ער האָט נישט געוואָלט לענגער רעדן וועגן דעם.

— און וואָס דענקסטו, ווען ער וואָלט געהאַט ברעדס פערמע פאַר זיך?

— ווער? — האָט אינגער געפרעגט.

— ער, אַלישע.

— ברײַדאַבליק? ניין, זאָלסט עס נישט טון.

דער אמת איז געווען, אַז זי האָט שוין געהאַט געררעדט מיט אַלישען וועגן דעמזעלבן פּלאַן; זי האָט אים געהערט פון סיווערטן, וועלכער האָט נישט געקאָנט האַלטן קיין סוד. און פאַרוואָס זאָל סיווערט עס האַלטן בסוד, ווען זיין פאָטער האָט עס אים זיכער דערציילט בכיוון, כדי ער זאָל עס איבערדערציילן? ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיין פאָטער האָט אים אויסגענוצט אַלס פאַרמיטלער. גוט, אָבער וואָס האָט אַלישע געענטפערט? דאָס זעלבע וואָס פריער, ווי אין זיינע בריוו פון שטאָט, אַז ניין, ער וועט נישט אַוועקוואַרפן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט און ווערן ווידער אַ גאָרנישט! דאָס זענען געווען זיינע רייד. נו, דאַן האָט אינגער אים אויסגערעכנט אַלע גוטע טעמים לטובת דעם פּלאַן, נאָר אַלישע האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם; ער האָט אַנדערע פּלענער פאַר זיין לעבן. יונגע הערצער האָבן זיך זייערע טיפּעניש, און נאָך דעם געשעענעם איז מעגלעך, אַז ער האָט נישט געוואָלט בלייבן דאָ און וואוינען בשכנות מיט באַרבראָן. ווער קאָן וויסן? דער מוטער

האָט ער אָנגעגעבן נאָר איבערפלעכלעכע טעמים און איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ער קאָן באַקומען אַ בעסערע שטעלע פֿון דער, וואָס ער האָט געהאַט; ער קאָן ווערן אַ שרייבער ביי איינעם פֿון די העכערע באַאַמטע; ער מוז זיך דורכברעכן זיין וועג, ער מוז שטייגן אַלץ העכער. אין עטלעכע יאָר אַרום וועט ער, אפשר, זיין אַ לענסמאַנד, אָדער אַן אויפזעער איבער אַ לייכט-טורם, אָדער אַריינטרעטן אין דינסט אין צאָל-אַמט. פֿאַר אַ מענטשן, וואָס האָט עפּעס געלערנט, זענען פֿאַרהאַן אַזוי פֿיל וועגן און מעגלעכקייטן.

נאָר ווי דאָס זאָל נישט זיין, האָט זיך אינגער געלאָזט איבערעדן און געהאַלטן איצט מיט איר זון. אָ, זי איז נאָך געווען אַזוי ווייניק זיכער מיט זיך זעלבסט; די וועלט האָט זי נאָך אויך נישט אינגאַנצן אַרויסגעלאָזט פֿון איר רשות. לעצטן ווינטער האָט זי נאָך צייטנווייז געלייענט דעם אויסגעצייכנטן תּפֿילה-בוך, וואָס זי האָט באַקומען אַ מתּנה פֿאַרן אָפּפֿאָרן פֿון טראָנדהיים. נאָר איצט?... איז דאָס טאַקע מעגלעך, אַז אלישע זאָל אַמאָל ווערן אַ לענסמאַנד?

— און פֿאַרוואָס נישט? — האָט אלישע געזאָגט — איז דען הייערדאַל נישט געווען אַמאָל קיין פּשוטער שרייבער אין אַ קאַנצעלאַריע?

— וואונדערלעכע אויסזיכטן! אינגער איז אַליין גרייט געווען אים צוצורעדן, ער זאָל נישט אויפגעבן זיין קאַריערע און נישט אַוועקוואַרפֿן זיין בילדונג. וואָס האָט אַזאַ מענטש געקאָנט טון אין דער ווילדעניש?

צוליב וואָס-זשע דאַרף אלישע אַרבעטן אַזוי שווער, ווי ער האָט עס איצט געטון, אויף זיין פֿאָטערס ערד? איין גאָט ווייסט; אפשר האָט ער געהאַט עפּעס אַ כּוונה ביי דעם. אפשר, אַ ביסל איינגעבוירענער שטאָלץ; ער האָט נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק לגבי אַנדערע; און חוץ דעם, וועט עס נישט זיין קיין רעה פֿאַר אים צו בלייבן גוטע פֿריינט מיטן פֿאָטער, ווען ער וועט אַוועקפֿאָרן. און צו זאָגן דעם אמת, ער האָט געהאַט פֿאַרשידענע קליינע חובֿות אין שטאָט, און ס'וואָלט געווען אַ גלייכע זאַך צו קאָנען זיי אָפּצאָלן מיט אַמאָל — דאָס וואָלט אים אַ סך פֿאַרבעסערט זיין קרעדיט. און ס'איז נישט געוו:ן

קיין פראַגע פון בלויז אַ וואַסערע הונדערט קראָנען, נאָר וועגן אַ סך מער.

אלישע איז נישט געווען קיין נאַר — גאָר ווייט פון דעם. ער איז אַפילו געווען כיטרע אויף זיין שטייגער. ער האָט געזען זיין פאָטער אַהיים קומען און ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער זיצט איצטער און קוקט אַרויס דורכן פענסטער. שאַדט נישט, אַז ער וועט איצטער צואַרבעטן שווערער אַ ביסל — ס׳וועט קיינעם נישט שאַדן, און פאַר אים וועט עס אפשר זיין אַ טובה.

אלישע איז געווען געענדערט; אי ער האָט זיך ווי אויסגעפיינערט, אי עפעס איז אין אים אויסגעקרומט און פאַרדאָרבן געוואָרן; ער איז נישט געווען שלעכט, נאָר אַ ביסל פאַרעקשנט. האָט אים געפעלט אַ פירנדיקע האַנט די לעצטע עטלעכע יאָר? וואָס האָט זיין מוטער געקאָנט איצט טון? נאָר האַלטן מיט אים און אים צוהעלפן. זי האָט זיך געקאָנט לאָזן פאַרבלענדן פון איר זונס גרויסע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט און זיך שטעלן צווישן אים און דעם פאָטער. זיך אָננעמען פאַר אים — דאָס האָט זי געקאָנט.

נאָר יצחק איז לסוף געוואָרן אַ מגעדולדיק איבער איר האַלטן זיך; נאָך זיין פאַרשטאַנד נאָך איז דער פּלאַן מיט ברייטאַבליק גאָר נישט קיין שלעכטער; ער האָט ערשט היינט אויפן וועג אַהיים אָפּגעשטעלט דאָס פערד און באַקוקט מיט אַ קריטיש אויג די צָפּגעלאָזענע פערמע; יאָ, מ׳קאָן פון איר עפעס מאַכן מיט גוטע הענט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער געפרעגט אינגערן איצט, — כ׳האָב געגוג ליב אלישען, אַז איך זאָל וועלן עפעס טון פאַר אים.

— אָ, אויב דו האָסט אים נאָר עפעס ליב, זאָלסטו מער קיין וואָרט נישט רעדן וועגן ברייטאַבליק, — האָט זי געענטפערט.

האָ!

— יאָ, ווייל ער האָט גרעסערע געדאַנקען אין זיין קאָפּ, ווי מיר דאָ.

יצחק איז שוין אַליין אויך נישט שטאַרק זיכער מיט זיך, און ער קאָן מער נישט אַזוי איינטענהן; נאָר עס פאַרדריסט אים, פאַרוואָס ער

האָט אַזוי אָפּן אַרויסגערעדט זיך וועגן זיין פּלאַן, און ער וויל דעריבער נישט נאָכגעבן.

— ער וועט טון אַזוי ווי איכ׳ל וועלן! — זאָגט יצחק מיטאַמאָל. און ער זאָגט עס הויך און דראָענדיק, אינגער זאָל גוט הערן און וויסן. — יאָ, דו וועסט זען; איכ׳ל מער נישט רעדן. ס׳איז אויף מיט וועג צום דאָרף, און אַ שול דערביי, און אַלצדינג; וואָס זינען דאָס פאַר גרויסע געדאַנקען ביי אים, וואָלט איך געוואָלט וויסן? מיט אַזאַ זון וואָלט איך נאָר געקאָנט שטאַרבן פון הונגער — איז דאָס די בעסערקייט? און קאָנסטו מיר נישט זאָגן, פאַרוואָס מיין אייגן פלייש און בלוט זאָל זיך עס שטעלן קעגן — קעגן מיין אייגן פלייש און בלוט?

יצחק האָט זיך אָפּגעשטעלט; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז וואָס מער ער וועט רעדן, וועט ערגער זיין. איצט וועט ער אויסטון זיינע יום־טוב־דיקע קליידער, וואָס ער האָט אָנגעטון גייענדיק אין דאָרף אַריין, נאָר ניין, ער האָט געענדערט זיין באַשלוס, ער וועט בלייבן אָנגעטון — ווער וויים, וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם. — דו מוזט איבעררעדן מיט אלי-שען, -- האָט ער זיך אָנגערופן.

אינגער האָט געענטפערט: — בעסער וואָלסטו אַליין גערעדט מיט אים. מיך וועט ער נישט הערן.

זייער גוט. יצחק איז דער קאָפּ פונם הויז, און ער וועט מיט אים רעדן. זאָל נאָר אלישע פרווון נישט פאָלגן. נאָר צי ס׳איז געווען דער-פאַר, וואָס יצחק האָט זיך געשראָקן פאַר אַ דורכפאַל, אָבער ער ציט זיך צוריק איצט און זאָגט: — יאָ, אוודאי, איך קאָן מיט אים רעדן.

נאָר איך האָב איצטער אַזוי פיל צו טון, איך בין טרוד מיט טויזנ-טער זאַכן, כ׳מוז איצט עפּעס אַנדערש אין זינען האָבן.

— אַזוי? — האָט אינגער פאַרוואונדערט געפרעגט.

און יצחק גייט אַוועק פון שטוב. נישט זייער ווייט, מער נישט ביז צום עק פעלד. נאָר דאָך, ער גייט אַוועק. ער איז פול מיט סודות און וויל זיך אויסבאַהאַלטן פון אויגן. אָט וואָס; ער האָט געבראַכט אַ דריטע נייעס פון דאָרף היינט, וויכטיקע און גרעסער פאַר יענעביידע, יאָ, גאָר אַ גרויס נייעס; ער האָט עס באַהאַלטן ביים ראַנד פונם וואַלד. אָט שטייט עס, איינגעפּאַקט אין זעק און פּאַפּיר. ער פּאַקט אויס — אַ

גרויסע מאַשין. זע! רויט און בלוי, וואונדערפול אָנצוקוקן, מיט אַ סך ציין און מעסערס, מיט קלאַמערן און שרויפן און אָרמס און רעדער — אַ שנייד-מאַשין. ניין, יצחק וואָלט נישט געווען געגאַנגען אין דאָרף אַריין דווקא הײַנט נאָכן נײַעם פערד, ווען נישט צוליב דער מאַשין.

ער שטייט מיט אַ וואונדערבאַרן שאַרפן אויסדרוק אויפן פּנים, אי-בערחזרנדיק אין געדאַנק פונעם אָנהייב ביזן סוף אַלע אינסטרוקציעס, וואָס דער סוחר האָט אים פאָרגעלייגט; אויף איין אָרט שטעלט ער אָן אַ ספּרוזשינע, אויף אַ צווייט אָרט דרייט ער איבער אַ שטיפט, דערנאָך שמירט ער מיט אייל יעדעס לעכל און יעדן שפּאַלט, און באַקוקט ווידער אַלע טיילן. יצחק האָט נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזעלכע רגעס. נעמען אַ פען אין האַנט און אָנשרייבן דעם נאָמען אויף אַ דאָקומענט — איז אוודאי אויך אַ געפערלעכע און שווערע זאַך. דעסגלייכן די נייע בראָנע, מיט די אַלערליי פאַרדרייטע און אויסגעבויגענע מעסערס. שוין אָפּגערעדט, וועגן דער גרויסער קײַלעכדיקער זעג, וואָס האָט געדאַרפט אָנגעשטעלט ווערן אויף איין פּינטל ממש, זי זאָל זיך נישט דרייען, נישט קיין מזרח און נישט קיין מערב אָדער גאָר אָפּשפּרינגען אין אַ זייט. אָבער די שנייד-מאַשין — דאָס איז אַן אמתע פויגל-נעסט מיט שטאָלענע ספּרו-זשינעס און האַטשקעס און קלאַמערן און הונדערטער שרויפן — אינגערס ניי-מאַשין איז געווען אַ שפּילעכל קעגן איר!

יצחק האָט זיך אַליין אײַנגעשפּאַנט און געפּרוווט די מאַשין. דאָס איז געווען די גרויסע וואונדערלעכע רגע. און מחמת דעם האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן, מ׳זאָל אים נישט זען, ער איז געווען אַליין דאָס פערד.

מחמת — וואָס וואָלט געווען, ווען די מאַשין זאָל זײַן שלעכט צוזאַמענגעשטעלט און זי וואָלט נישט געאַרבעט, נאָר צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך? נאָר אַזאַ אומגליק האָט נישט געטראָפן; די מאַשין האָט געשניטן דאָס גראָז, און נאָך ווי אַזוי! יצחק איז אָפּגעשטאַנען אַזוי גאַנ-צע שעהן, פאַרטיפט אין שטודירן אים. די זון איז דערווײַל אונטערגע-גאַנגען. ער שפּאַנט זיך נאָכאַמאָל איין און פּרוווט ווידער די מאַשין; יאָ, זי שניידט דאָס גראָז.

ווען דער טוי איז צוגעפאַלן צו דער ערד נאָך דער היץ פונעם טאָג און די צוויי ברידער זענען צרויסגעקומען, יעדער מיט זײַן קאָסע,

אַנצושניידן היי אויף מאָרגן, האָט זיך יצחק באַוויזן און געזאָגט: — לייגט אַוועק די קאָסעס היינט. פירט אויס דאָס נייע פערד און פרעגט עס אַרונטער צום וואַלד.

און אַנשטאָט אַריינצוגיין אין הויז אַריין עסן אָוונט־ברויט, ווי די אַנדערע האָבן עס שוין געטון, האָט ער זיך אויסגעדרייט און צוריק אַוועק מיטן זעלבן וועג, פונוואַנען ער איז געקומען.

— דאַרפסטו דעם וואָגן אויך? — האָט סיוועדט אים נאָכגעשריגן.

— ניין, — האָט דער פּאָטער געענטפערט און געגאַנגען ווייטער.

ער איז געווען פול מיט סוד און שטאָלץ; די קניען האָבן זיך אים אַזש געטרייסלט, אַזעלכע טריט האָט ער געשטעלט. מיט אַזאַ מין גייט אַ שטאַרקער מענטש אַנטקעגן דעם טויט, נישט טראָגנדיק קיין שום וואָפן אין האַנט.

די יונגען זענען אונטערגעקומען מיטן פערד, דערזען די מאַשין, געבליבן שטיין פאַרגאַפטע. ס'איז געווען די ערשטע שנייד־מאַשין דאָ אין דער ווילדעניש, די ערשטע אין דאָרף — רויט און בלוי, אַ פאַרנעם פאַרן אויג. און דער פּאָטער, דער קאָפּ פון זיי אַלעמען, האָט זיך אָנגערופן געלאַסן, כמעט ווי גלייכגילטיק:

— קומט אַהער און שפּאַנט איין דאָס פערד צו דער מאַשין דאָ.

די זין האָבן איינגעשפּאַנט.

און זיי האָבן אָנגעטריבן; דער פּאָטער האָט אָנגעטריבן. בררר! האָט די מאַשין געזאָגט און געשניטן דאָס גראָז. די זין זענען נאָכגעגאַנגען פון הינטן, אָן אַ שום זאַך אין די הענט, נישט טוענדיק קיין שום אַרבעט, און געשמייכלט. דער פּאָטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף צוריק — ה־מ, נאָך נישט אַזוי ריין געשניטן. ער מאַכט לויזער עטלעכע שרויפן, אַרונטערצולאָזן די מעסערס נידעריקער צו דער ערד און פּרוּווט נאָכאַמאָל. ניין, נאָך אַלץ נישט גוט, ס'שניידט נישט גלייך; די ראַם מיט די מעסערס שפּרינגט אונטער אַ ביסל. פּאָטער און זין רעדן זיך דורך וואָס צו טון. אלישע האָט געפונען די אינסטרוקציעס און לייי-

ענט זיי — עס שטייט געשריבן, אַז מ'דאַרף זיך זעצן אויבן אויפן זיץ-אָרט — דאַמאָלס גייט די מאַשין גלאַטיקער — האָט ער געזאָגט.

— האַ! יאָ, ריכטיק, איך ווייס, — ענטפערט ער. — כ'האָב דאָס אַלץ אויסגעלערנט, — ער קריכט אַרויף אויפן זיץ-אָרט און הייבט אָן אויפסניי; ס'גייט בעסער, אָבער פּלוצים, הערט אויף די מאַשין צו אַרבעטן — די מעסערס שניידן גאָרנישט. — ברררר! וואָס איז דאָס? וואָס האָט געטראָפן? — דער פאָטער קריכט אַראָפּ, שוין גאָרנישט גאַנהדיק, ער קוקט מיט גרויס זאָרג אויף דער מאַשין. די זין קוקן אויך. עפּעס מוז דאָרטן זיין נישט אין אָרדענונג. אלישע נעמט ווידער די אינסטרוקציעס

— אָט איז אַ קליין שטיפטל, — זאָגט ס'יווערט און הייבט עס אויף פון דער ערד.

— האַ, אויב אַזוי איז שוין גוט, — זאָגט דער פאָטער, גלייך ווי דאָס וואָלט עווען אַלץ, וואָס ס'איז נייטיק, אַז די מאַשין זאָל ווייטער אַרבעטן, — איצט אָבער האָבן זיי נישט געקאָנט געפונען דאָס נייטיקע לעכל פאַרן שטיפטל — וואו צו אַלדע גוטע יאָר קאָן זיין דאָס לעכל?

איצט איז געקומען אלישעס צייט; ער האָט געקאָנט זיך פילן גאָר געהויבן — ער איז דער מענטש צו פאַרשטיין אַ געדרוקט פּאַפּיר מיט אינסטרוקציעס. וואָס וואָלטן זיי געטון אָן אים? ער האָט זייער לאַנג נעבערייעט און אַנגעוויזן אַ לעכל: — לויט דער אילוסטראַציע דאַרף דאָס שטיפט זיך אַריינפּאַסן אָט אָ דאָ.

— יאָ, אַהער געהערט עס, — האָט דער פאָטער נעזאָגט. דאָרטן האָב איך עס געהאַט פריער. — און כדי אַרויסצווייזן אויך אַ בקיאות אין דער זאַך, באַפעלט ער סיוועריטן צו זוכן נאָך שטיפטלעך אינם גראָז. — דאָרטן דאַרף זיין נאָך איינס, — זאָגט ער מיט אַ זייער וויכטיקער מינע אויפן פּנים, ווי ער וואָלט געטראָגן די גאַנצע מאַשין אין זיין קאָפּ, — קאָנסט נישט געפינען מער? נו, גוט, איז עס געוויס שוין אין זיין לעכל.

— דער פאָטער וויל ווידער אָנהויבן פאָרן.

—וואַרט אַ רגע, דאָ איז אַ טעות, — שרייט אלישע — האָ, אלישע שטייט

מיט דער צייכענונג אין האַנט, מיטן געזעץ אין האַנט; אים קאָן מען נישט אַזוי אַוועקמאַכן. — יענע ספּרוזשינע דאַרף קומען פונדרויסן, — זאָגט ער צום פאָטער.

— טאַקע?

— און דו האָסט זי אינעווייניק, האָסט זי אָנגעשטעלט שלעכט. ס'איז אַ שטאָלערנע ספּרוזשינע און זי דאַרף זיין פונדרויסן. אַז נישט גייט אַרויס דאָס שטיפטל און שטעלט אָפּ די מעסערס. קאָנסט עס זען דאָ אויפן בילד.

— איך האָב פאַרגעסן מיינע ברילן און קאָן נישט זען גוט, — זאָגט דער פאָטער אַ ביסל שוואַכלעך. — דו זעסט בעסער — שטעל דו זי אָן ריכטיק. איך וויל נישט אָ הייבן גיין נאָך די ברילן איצט.

אַלץ איז שוין אין אָרדנונג איצט, און יצחק קריכט נאָכאַמאָל אַרויף, אלישע שרייט אים נאָך: — דאַרפסט פאָרן שנעלער — שניידט עס בעסער — אַזוי שטייט געשריבן.

יצחק פאָרט און פאָרט און אַלץ גייט גוט. די מאַשין זאָגט ברר! הינטער איר בלייבט ליגן אַ ברייטער פּאַס אָפּגעשניטן גראָז, אַ גלייכע שורה, גרייט צום אויפהייבן. איצט דערזעט מען יצחקן פון שטוב, און אַלע ווייבער לויפן אַרויס. אינגער טראָגט אויף די הענט די קליינע רעבעקאַ, כאָטש זי קאָן שוין אַ צייט לאַנג ארומגיין אַליין. און נאָך איר — פיר פּרויען, איילן מיט ברייט געעפנטע אויגן, צו זען גיכער דאָס וואונדער. אָ, איצט איז יצחקס שעה! איצט איז ער אויף אַן אמת שטאָלץ! ער זיצט זיך פריי אויף די מאַשין, אויבן אין זיינע יום-טובדיקע מלבושים, אין גאַנצן גאָרנישט ער, אין ראָק און אין הוט, כאָטש דער שווייס גיסט פון אים! ער דרייט זיך אַרום איבער פיר גרויסע ווינקלען, גייט דורך אַ גרויסן שטח ערד, דרייט זיך אויס, פאָרט פאַרביי דאָס אָרט וואו די פּרויען שטייען; זיי זענען פאַרגאַפט, זיי קאָנען דאָס נישט תופס זיין. און די מאַשין זאָגט ברר!

דאַן שטעלט זיך יצחק אָפּ און קריכט אַראָפּ. ער וויל הערן, וואָס די דאָזיקע צושויער וועלן זאָגן. ער הערט פאַרשטיקטע אויסרופן; זיי האָבן מורא איבערצושלאָגן אים אין זיין דערהויבענער אַרבעט; נאָר זיי דרייען זיך אויס איינע צו דער צווייטער מיט דערשטוינטע פראַגן, און

ער הערט וואָס זיי זאָגן. און איצט, כדי צו זיין גנעדיק און פּאַטערלעך צו אַלעמען, זאָגט ער:

— איך וועל אָפּשניידן דאָס שטיק פעלד איצט און איר וועט עס קאָנען צונויפשאַרן מאָרגן.

— קאָנסט זיך נישט אָפּרייסן און אַריינקומען אָפּעסן? — פרעגט אינגער, גאָר אַ צעטומלטע.

— ניין, איך האָב אַנדערע זאַכן צו טון, — ענטפערט ער.

ער שמירט ווידער אָן די מאַשין מיט אייל; גיט צו פאַרשטיין, אַז ער איז פאַרנומען מיט אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. און ווידער פאָרט ער און שניידט גראָז. סוף כל סוף קערן זיך די פרויען אום צוריק אין הויז אַריין.

גליקלעכער יצחק! גליקלעכע מענטשן פון סעלאַנראָאַ

באַלד וועלן געוויס די שכנים פון אונטן אַרויפקומען. אַקסל שטרעם איז זייער פאַרנומען, וועט ער מסתמא אַרויפקומען ערשט מאָרגן. נאָר ברעד פון ברייידאַבליק, ער קאָן קומען נאָך היינט ביינאַכט. יצחק איז גרייט זיי צו ווייזן זיין מאַשין, זיי דערקלערן, ווי אַזוי זי אַרבעט און ווייזן זיין בקיאות אין איר. ער וועט זיי ווייזן, ווי אַזוי קיין שניטער מיט אַ קאָסע קאָן נישט שניידן אַזוי גלאַט און ריין. נאָר געלט קאָסט זי, — אָ, אַ רויט־בלויע מאַשין, ווי די מוזיקע, קאָסט גאָר אָן אַ שיעור.

גליקלעכער יצחק!

נאָר ווען ער שטעלט זיך צום דריטן מאָל שמירן די מאַשין, באַץ! פאַלן אים די ברילן אַרויס פון קעשענע און דאָס ערגסטע פון אַלץ — די צוויי יונגען האָבן עס געזען. האָט אין דעם געשטעקט אַ העכערע השגחה? אַן התראה, ער זאָל נישט זיין אַזוי גאַווהדיק? ער האָט דאָך די ברילן עטלעכע מאָל אָנגעטון יענעם טאָג, אויפן וועג אַהיים, געוואָלט לייענען די אינסטרוקציעס, נאָר קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, און אלישעס הילף איז גוט צונוץ געקומען. יאָ, ליבער גאָט. געלערנט זיין איז אויך עפּעס ווערט! און כדי זיך אַליין צו באַשטראָפן, באַשליסט ער אויפצוגעבן זיין פּלאַן וועגן מאַכן אלישען פאַר אַ פויער; מער וועט ער קיין וואָרט נישט דערמאַנען וועגן דעם.

די פּאַסירונג מיט די ברילן האָט אויף די יונגען נישט געמאַכט קיין איבעריקן רושם. ניין, — אדרבא. נאָר סיווערט, דער לץ,

האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט עפּעס זאָגן: ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט אַ שלעפּ געטון אַלישען ביים אַרבל און גע־זאָגט ;

— קום, לאָמיר גיין אַהיים און פאַרברענען אונזערע קאָסעס אויפן פייער. דער טאַטע וועט שוין שניידן פאַר אונז!

דער שפּאַס איז געווען ווי צוגעטראָפן.

פארלאג „קולטור-ליגע“, ווארשע.

## א. מ. פוקס

# אונטער דער בריק

## :: אויפן בערגל ::

פארלאג „קולטור-ליגע“, ווארשע.

